דר. מאריס לעוויט

# צווישן כוואליעס



געווידמעט: פריידל זלאַטעס
זלמן־אַבאַלעס איניקל
פון אָסטראָפּאָליע.

**ביכער פון דר. מ. לעוויט:**

1. „דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד" און אַנדערע דראַמען, 1927.
2. איינאַקטערס, 1929.
3. איינאַקטערס אין ענגליש, 1931.
4. פּערצן פּראָלעטאַרישע איינאַקטערס, 1935.
5. היגיענע פון מויל, 1938.
6. צווישן כוואַליעס, 1948.

דר. מאָריס לעוויט

# צווישן כוואַליעם

אין פיר טיילן:

1. גרעסערע דערציילונגען
2. מלחמה־בילדער — „צווישן כוואַליעם״ א. אַ.
3. איינאַקטערס און מאָנאָלאָגן
4. זכרונות, הומאָרעסקעס א. אַ.

אַרויסגעגעבן פון דר. מ. לעוויט בוך־קאָמיטעט

ניו־יאָרק, 1948

# פאָרוואָרט

טייערע חברים און פריינט!

עס איז שוין צען יאָר זינט איך האָב אַרויסגעגעבן מיין לעצטן בוך. אין די צען יאָר האָט די וועלט דורכגעמאַכט אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע — די צווייטע וועלט־מלחמה. מיר יידן האָבן דורכגעלעבט דעם שוידערלעכסטן חורבן אין אונדזער לאַנגיאָריקער געשיכטע. די נאַציס האָבן אומגעבראַכט זעקס מיליאָן יידן. זיי האָבן אויך פאַרניכטעט דעם גרעסטן טייל פון אונדזערע קולטור־ווערטן. קיין איין פאָלק האָט נישט געליטן אַזאַ שווערן פאַרלוסט, ווי די יידן אין מזרח־איראָפע. וועלט־באַרימטע וויסנשאַפטלייט, פראָמינענטע שרייבער, טאַלאַנטפולע שוישפּילער, מאָלער, זינגער, באַוואוסטע פּעדאַגאָגן און געלערנטע — דאָס פאָלק צוזאַמען מיט זיינע פירער זיינען אומגעקומען אין די נאַצישע קאַלך־אויוונס און אין אַנדערע פאַרניכטונגס־פאַבריקן.

אין אַזאַ צייט, ווען דער רויך פון די סמאַליענדיקע גופים פון די מיליאָנען קדושים האָט געברענט די בלוט־פאַרלאָפענע אויגן, האָבן זיך פשוט די הענט נישט געהייבן צוזאַמענצושטעלן אַ בוך...

און איך האָב באַשלאָסן אַ נאָמען געבן מיין בוך אין איינקלאַנג מיט דער מאָוימדיקער צייט פון דער לעצטער דעקאַדע, און איך רוף עס — „צווישן כוואַליעס".

נישט געקוקט אויף די אַלע פורענויות און נגישות, טאָרן מיר יידן נישט אַראָפּלאָזן די הענט. מיר טאָרן זיך נישט אונטערגעבן די כוואַליעס, מיר טאָרן זיך נישט מייאש זיין. אונדזער גאַנצע פאַרגאַנגענהייט, פון חורבן בית־ראשון אָן, איז איין לאַנגע קייט פון מאַטערניש, געראַנגל און קאַמף. מיר יידן זאָגן: עם ישראל חי! — דאָס יידישע פאָלק וועט ווייטער לעבן, ווייטער שאַפן פאַר אַ בעסערער, הומאַניטאַרער און פרייערער וועלט!...

מיר יידן וועלן נישט אויפגעבן אונדזער גלייכבאַרעכטיקטע מיט־גלידערשאַפט אין דער וועלט. מיר וועלן, אויף להכעיס די פאַשיסטישע מענטשן־חיות, אויסבויען אונדזערע קיבוצים, ישובים און קהילות, סיי

מאַטעריעל און סיי קולטורעל, אין אַלע עקן וועלט. מיר וועלן באַך מער אינטענסיוו בויען די יידישע אויטאָנאָמע געגנט אין ביראָבידזשאַן, און מיר וועלן עטאַבלירן אַ זעלבסטשטענדיקע, דעמאָקראַטישע יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל. מיר וועלן שפּרייזן גלייך מיט אַלע פּראָגרעסיווע פעלקער פון דער וועלט צו אַ נייער, פרייער, פריידיקער צוקונפט.

פון טיפן האַרצן דאַנק איך מיין טעטיקן „בוך־קאָמיטעט“, ספּעציעל די אָנפירנדיקע חברים פונעם קאָמיטעט: וואָלף וויס, הערש שטיינהאַרט און אפרים ציטראָן, פאַר זייער אומדערמידלעכער אַרבעט. אַ האַרציקן דאַנק מיין ליבן קאָלעגע דר. וו. אַווסטרייך פאַרן קינסטלערישן שער־בלאַט. אַ באַזונדערן דאַנק דעם אויסגעצייכנטן זעצער י. בוראַקאָוו, און אויך די מיט־גלידער פונעם א. פּ. אַ. צווייג 281 און „בראָנקס קולטור־צענטער“. אַ דאַנק אַלע אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וואָס האָבן מיר געהאָלפן, דאָס בוך זאָל דערשיינען. **מאָרים לעוויט**

---

טייערע מיינע:

ווען מיין בוך איז שוין געווען אין דרוק, איז פון פלאַשינג מעדאָוס אָנגעקומען די פריידיקע, טריאומפאַלע ניים:

# אַ יידישע מלוכה!

— געשען איז דאָס

**5:30 אָוונט, שבת, דעם 29טן נאָוועמבער, שנת תש״ח, 1947.**

מזל־טוב אייך, יידן פון ארץ־ישראל!

מזל־טוב אייך, יידן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן!

און מזל־טוב אונדז, יידן פון דער גאַנצער וועלט!...

ברוכים! — געבענטשט זאָלן זיין די פעלקער, די אָרגאַניזאַציעס און די יחידים, וועלכע האָבן געהאָלפן צו פאַרווירקלעכן אונדזער 2,000־יאָריקן טרוים!

שלום וברכה להמדינה העברית בארץ־ישראל!

לאַנג לעבן זאָל אונדזער יידישער מלוכה!

און זאָל אונדזער אַלט־ניי לאַנד אייביק זיין דער פאָנען־טרעגער פון פרייהייט, גלייכהייט און גערעכטיקייט!

**מ. ל.**

# בעני דער דזשעניטאָר

## א

בעני דער דזשעניטאָר, אַזוי רופן אים אַלע אויף שעריף סטריט. כאָטש אין דער אמתן איז בעני גאָר געווען יאָרן־לאַנג אַן אַרויסהעלפער ביי דעם אַלטן אַלעקסן.

בעניס צווייטן נאָמען ווייס קיינער ניט. בעני אַליין האָט שוין כמעט אויך פאַרגעסן זיין פאַמיליע־נאָמען, ווייל קיין בריוו באַקומט ער ניט, און וואוטן וואוט ער אויך ניט, טאָ צו וואָס דאַרף ער אַ צווייטן נאָמען?

בעני איז אַ הויכער, אַ דאַרער, אַ ביינערדיקער מיט שמאָלע, גע־בויגענע פּלייצעס, שוין אַריבער די פופציקער. זיין לענגלעך, צערונצלט, טונקל פּנים ענדיקט זיך מיט אַ קאָלטענעוואָטע, פאַרשפּיצט, גרוי בערדל; זיינע לאַנגע, דינע האָר זיינען שטענדיק צעפּאַטלט און ערטערווייז גרוי; אויגן פאַרמאָגט ער גרויע, מיט בוילעטע ווייסלעך.

בעני שטאַמט פון עטלעכע דורות הי־געבאָרענע אונגאַרישע יידן.

זיין גאַנצע יידישקייט באַשטייט אין דעם, וואָס ימים־טובים גייט ער אין שול, און יום־כיפּור פאַסט ער. דאַוונען קאָן ער, נאָר דעם פּירוש־המילות ווייס ער ניט.

דער אַלטער אַלעקס, דער הויפּט־דזשעניטאָר, איז געווען אַ גרוי־באַוואַקסענער, ברייט־פּלייציקער סלאָוואַק, מיט אַ פּאָר שטייפע פאַרדרייטע וואָנצעס און מיט אַ הייזעריקער שטימע פון צופיל ביר טרינקען. ווי אַלע דזשעניטאָרס אין יענעם געגנט, האָט ער געוואוינט מיט זיין פרוי מאַריאַ — אַ געזעצטע, אַ שוואַרץ־קאָרענע, אַרבעטזאַמע כאָלושע — אין קעלער־שטוב פון דעם הויז, וואָס ער האָט באַדינט.

די אַלעקסעס האָבן פאַר זיך געהאַט צוויי אָפּגעזונדערטע צימערן. איין צימער, מיט צוויי שמאָלע, פאַרנעפּלטע פענצטער, איז געווען אי אַ קיך, אי אַ שלאָפצימער פאַר די אַלעקסעס. אין דעם צימער האָבן זיך אַלע

אַרומגעדרייט אַ גאַנצן טאָג צוזאַמען מיט צוויי געלע הינטלעך און אַ ווייסע פּוכלע קאַץ. דאָס צווייטע צימער — אַ שמאָל און אַ טונקלס — איז געווען פאַר די צוויי בלאַנדע אייניקלעך. דאָרט זיינען געשטאַנען צוזאַמענ־געפּרעסט צוויי הילצערנע ציכטיקע בעטלעך, מיט אַ סך פּעטע גרעסערע און קלענערע קישעלעך, אַזש ביז צו דער סטעליע, ווי אויפן היימישן שטייגער.

אַ גאַנצע וואָך, סיי ווינטער און סיי זומער, האָט אַלעקס געטראָגן אַ היימישע וואַטוכקע מיט פאַרשמאָלצענע, לעדערנע אַרבל און אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק; אָבער אין די זונטיקס און יום־טובים פלעגט זיך אַלעקס אויספּוצן אין אַן אויסגענייטער ווייסער רובאַכע מיט אַ קאָלירט וועסטל, און זיין פרוי מאַריאַ פלעגט זיך אויספּוצן אין אַ לייוונטענער, אויסגעעשטריקטער קלייד. אויף איר קודלאַטער קאָפּ האָר פלעגט זי אַרויפ־ציען אַ געבלומט קאַזשימיר טיכל און עס פאַרבינדן מיט אַ קנופּ אונטער איר דריי־גאָרנדיקער גאָמבע; און אויף איר דיקן, געפּאַלדעוועטן האַלדז פלעגט זי אָנהענגען עטלעכע שנורן קאָלירטע קאָרעלן. אויך דער הויכער, דאַרער בעני פלעגט זיך אויספּוצן לכבוד זונטיק אין זיינע בעסטע מלבושים, אָפּפּוצן זיינע פאַרלאַטעטע שיך און זיך נעמען רויכערן איין סיגאַרעטל נאָכן אַנדערן, און דערביי וואַרפן אַן אויג אויף מאַריאַס פאַרקאַשערטע פעטע הענט...

דער אַלטער אַלעקס פלעגט אַרויפברענגען אַ פיינטעלע ביר, און די פּולבלוטיקע, בעפּראַלטע מאַריאַ פלעגט שטעלן צום טיש גרויסע פּאַלומעס־קעס מיט זויער־זיסן באָרשט און פעטע הרעטשענע קאַשע, און ניט אָפּ־געלאָזט די מאַנסביל, ביז וואַנען זיי האָבן ניט אויפגעגעסן אַלע געקעכצן. נאָכדעם פלעגט דער אַלטער אַלעקס אָנשטעלן אַ בלעכענעם פאָנאָגראַף און זיך לאָזן טאַנצן מיט זיינע בלאָנדע אייניקלעך...

די גוטמוטיקע מאַריאַ, וואוינענדיק עטלעכע צענדליק יאָר אין און אַרום שעריף סטריט, איז געווען אויסגעמישט מיט אַלע יידישע פאַמיליעס, געוואוסט פון אַלע יידישע מנהגים, ליב געהאַט יידישע מאכלים און ניט פאַרפעלט קיין יידישע חתונה אין די אַרומיקע שולן. פלעגט זי טאָקע אין די יידישע יום־טובים, כדי צו באַפרידיקן און אויפמונטערן דעם איינזאַמען בעניו, אָפּקאָכן אַ הון מיט פאַרפל־יויך, מאַכן אַ פעטן לאָקשן־טייגעכץ. אָבער מיט די אַלע באַמיאונגען אירע, האָט עס קיין יידישן טעם נישט געהאַט. פסח־צייט פלעגט זי אַריינגעמען מצות, און נישט לאָזן בעניו

עסן קיין ברויט. אגב, איר אַלעקס און אירע אייניקלעך האָבן אויך ליב געהאַט די אַלע יידישע מאכלים.

* * *

בעני האָט פאַר זיך אַליין ניט געהאַט קיין אָפּגעצאַמט, באַזונדער צימער. ער האָט זיך ביסלעכווייז איינגעפונדעוועט אין אַ ווינקל פון קעלער ביי אַ האַלב־רונדן פאַרלאַטעטן פענצטערל. בעני האָט דעם ווינקל אַרומגעהאַנגען מיט אַלטע זעק און מיט אָפּגעקראַכענע פּאַרוסינע. בעני האָט געהאַט זיין אייגן אייזערן בעטל, אַ צוקער־קויף האָט געדינט אַלס טישל, און אַ נידעריק בענקל. אויף דער רויער, ברודנער וואַנט איז גע־האַנגען, אין אַן אייגן־געמאַכטער ראַם, אַ גראַדואירונג־בילד פון אַ יונג מיידל. איבערן בעטל איז געהאַנגען אַ קליין עלעקטריש לעמפּל.

די ערשטע צייט האָט בעני געצאָלט אַלעקסן אַ דאָלער און אַ האַלבס אַ חודש. אָבער ביסלעכווייז האָט ער געגומען אַלעקסן אַרויסהעלפן צו־זאַמענגעמען דעם „גאַרבעדזש״, אויסקערן די שטיגן, אַכטונג געבן אויפן „באַילער״, און ער האָט אויפגעהערט צאָלן.

דער לענדלאָרד פונעם הויז האָט אין אָנפאַנג ניט געוואָלטליידן, וואָס בעני געפינט זיך אין קעלער און נוצט זיין עלעקטריק. אָבער ווען דער לענדלאָרד האָט אויסגעפונען, אַז בעני איז אַמאָל געווען אַ פּלאָמבער, האָט ער אים געגומען מקרב זיין, געשיקט אים פּאַרריכטן אַ וואַסער־רער, אַן אויוון אַפילו אין זיין צווייטער הויז אויף ריווינגטאָן סטריט, און אים געגעבן פאַר יעדן דזשאָב אַ דאָלער טרינק־געלט...

אויף שעריף סטריט קענען אַלע בענין און זיי האָבן אים ליב. ווען בעני ווייזט זיך אין גאַס, טרעפט ער מעבורתע ווייבער זיצן צעכראַסטעט אויף אָנגעשפּאַלטענע, ברוינע טרעפּ און וואַרעמען זייערע צעפּראַלטע בייכער; עלטערע יידן אין אַטלעסענע זשופּיצעס שטייען געמיטלעך און כאַפּן אַ שמועס. די ווייבער שטעלן בענין אָפּ און וואַרפן אים צו אַ פריילעכן „ברוך־הבא״. אייניקע שיסן אַרויס מיט האַרציק־היכליקע שטימען: „וואָס מאַכסטו, בעני?״ בעני איז אָבער פון דער נאַטור אַ ווייסטער שווייגער, זייער קאַרג אויף אַ וואָרט; אייניקע מיינען אַפילו, אַז ער איז אַ שטומער. בעני גיט גוטמוטיק אַ גלאַנץ מיט זיינע בוילעטע ווייסלעך, אַ ברייטער, צופרידענער שמייכל צעגיסט זיך אויף זיין דאַר, באַוואָקסן פּנים, און ער לאָזט זיך גיין ווייטער. און גיין גייט בעני מיושבדיק, געלאַסן, גלייך ער זאָל ציילן די טריט. און צו וואָס זאָל ער זיך איילן, אַז דאָס לעבן ביי אים

האָט סיי־ווי ניט קיין ציל און ניט קיין זין. און באַלד טרעפט בעני אַן אַ מחנה אויסגעשמירטע, פאַרמורזשעטע קינדער. דאָס קליינוואַרג גיט זיך אַ לאָז צו בענין, ווי ווילדע, צעיאָגטע לאָשעקלעך, רינגלען אים אַרום, און מיט צעשטראַלטע פּנימלעך פאַנגען זיי אָן צו שפּרינגען און קוויטשען: „האַלאָ, בעני די דזשעניטאָר!" בעני שפּילט זיך מיט זיי אַביסל, טוט יעדן קינד פאַטערלעך אַ גלעט פאַר די צעפּאַטלטע הערעלעך, און רייסט זיך קוים אַרויס פון זייער מיט. און ניט אומזיסט האָבן די קינדער פון שעריף סטריט ליב בענין, — בעני העלפט זיי פאַרריכטן די וועגעלעך, די „ראָלער־סקייטס", ווינטער די גליטשערס, און גיט זיי אַמאָל פּענים...

און ווען בעני שפּרייזט ווייטער אויף שעריף סטריט, טרעפט ער אָן דעם אַלטן, איינגעהויקערטן שלמהן שטיין ביי זיין פּושקאַרט, שרייענדיק מיט אַ הייזעריק גמרא־ניגון: „קויפט, ווייבעלעך, קויפט! — אַ ניקעלע אַ שטיקעלע." דער אַלטער שלמה בלייבט שטיל, פּרובירט פאַרפירן אַ געשפּרעך מיט בענין, און זינגט אַרויס נאָך אַלץ מיט אַ גמרא־ניגון: „הער נאָר, בעני, ווילסט אפשר ווערן אַ ביזנעסמאַן? — איך פאַרקויף דיר מיין גאַנץ געשעפט פאַר אַ דרייערל!..." בעני שמייכלט און לאָזט זיך גיין ווייטער. און באַלד טרעפט ער אָן סעמען דעם בוטשער שטיין ביי זיין כשר־בוטשער־שאָפּ געגעצנדיק. אויך סעם דערפרייט זיך מיט בענין און רעדט הילכיק אַרויס: „פאַרגעס ניט, בעני, דער דאָנערשטיק רוקט זיך שוין באַלד ווידער אָן, — קום מיר אַרויסהעלפן!"

און אַז בעני קומט דאָנערשטיק אַרויסהעלפן סעמען פליקן די פעדערן און האַקן זייטלעך פלייש, גייט שוין בעני מיט ליידיקע הענט ניט אַוועק, און ער טראָגט מיט זיך אויסער „פליקן־געלט" גענוג כשרע אָפּפאַל־פלייש און פעטס, וואָס סטייעט פאַר אים און פאַר די אַלעקסעס אויף אַ האַלבער וואָך.

* * *

אין די הייסע, ליכטיק־זוניקע זומער־טעג קלייבט בעני אויס אין קעלער עטלעכע „טאַבלאָיד"־צייטונגען, נעמט אַלעקסעס אויסגעצוואָגענע, בלאָנדע אייניקלעך און גייט מיט זיי אין דערבייאיקן, ערשט־אויסגעבויטן שטאָטישן פאַרקל. אַלעקסעס אייניקלעך הוידען זיך, אָדער שפּילן „פּינג־פּאָנג" מיט אַנדערע קינדער. בעני זעצט זיך צו אויף אַ באַנק, וואו עס זיצן עלטערע, באַבערדלטע יידן אין פאַנאַנדערגעשפּיליעטע אַלפּאַקאַ־קאַפּאָטעס און קריגן זיך אַרום וועגן פאַרשיידענע ענינים. בעני קוקט זיי

אָז ווי משוגעים און פאַרשטייט ניט צוליב וואָס זיי אַמפּערן זיך. און אַז די יידן ווערן מיד איבערצושפּאַרן איינער דעם צווייטן, ווענדן זיי זיך צו בעניין: „נו, וואָס זאָגט עפּעס בעני דער דזשעניטאָר אויף דעם?"

בעני דענקט אַפילו ניט צו ענטפערן, כמורעט אָן זיין צעקנייטשטן שטערן, גיט אַ מאַך ביטולדיק מיט זיין דאַרער האַנט, און לאָזט זיך אַוועק אין אַן אַנדער ווינקל פון פאַרק. ער גייט פאַרביי עטלעכע בענק, וואו עס ליגן אויסגעשפּרייט שיכורע, אָפּגעריסענע טרעמפּס און וואַרעמען זיך אויף דער זון. די טרעמפּס קענען אויך בעניין, בורטשען זיי אַריין איינער דעם צווייטן: „אָט קומט דער אַריסטאָקראַט!..." בעני גייט זיי פאַרביי, קוקט זיך אויף זיי ניט אום. ער זעצט זיך אויף אַן איינזאַמער באַנק, גיט פון ווייטן אַכטונג אויף אַלעקסעס אייניקלעך, און כאַפּט אַ קוק אין זיינע צייטונגען. די נייעסן וועגן מלחמות, מאָרדן, שריפות און קידנעפּערס היפּט ער אַריבער, אויך וועלט־פּאָליטיק און אַפילו אונדזער אַמעריקאַנער פּאָליטיק אינטערעסירט אים ווייניק וואָס. בעני טראַכט ביי זיך: — ווער עס זאָל ניט ווערן פּרעזידענט, אָדער גאָווערנאָר, וועל איך, בעני, סיי־ווי־סיי פאַרבלייבן געהילפס־דזשעניטאָר אויף שעריף סטריט. די הויפּט־זאַך, וואָס ער האָט ליב אין די „טאַבלאָיד"־צייטונגען, איז צו קוקן אויף די בילדער פון די יונגע גרושות, אויף די האַלב־נאַקעטע טענצערינס, אויף די גראַציעזע מאָדעל־מיידלעך, און אין דער טעאַטער־אָפּטיילונג. און אַז קיינער איז אַרום אים ניטאָ, קוקט ער בגנבה אויף די בילדער, און שמייכלט זיך הנאהדיק אַריין אין זיין גרוי, קאָלטענעוואַטע בערדל...

און ווען אין שטאָטישן פאַרקל הויבט אָן פאַרגיין די רויט־פלאַמיקע, פאַרשטויבטע זון, דאַן נעמט בעני אַלעקסעס צוויי בלאָנדע אייניקלעך פאַר די הענטעלעך און פירט זיי אַ שטאָלצער, אַ צופרידענער אַהיים, — צוריק אין קעלער־שטוב.

מאַכט זיך אַמאָל אַ פרייטיק, ווען בעני, אַ דורכגענומענער מיט די שאַרפע ריחות פון געפּרעגלטע לעבערקעס און גריוון, פון געקאָכטע פעפערדיקע פיש און פון איבערגעלאָפּענע יויך מיט אָפּגעזייטע לאָקשן, דערפילט ווי צו פאַרברענגען אַן אָוונט אין אַ יידישער אַטמאָספערע, און נאָך דערצו פאַרזוכן אַן אמת־געשמאַקע שבתדיקע וועטשערע. אין אַזאַ פרייטיק וואַשט זיך בעני אַרום, טוט אָן אַ ריינעם רעקל, און לאָזט זיך אַוועק אין דער ליטאָווסקער שול. בעני קוקט אַריין אין אַ סידור, טייטלט מיט די פינגער איבער די שורות, פאַרהיקעט זיך מיט די שווערע לשון־

קודשדיקע ווערטער, גלייך ער זאָל זיך אָפּבריען מיט הייסע קאַרטאָפּליעס. נאָכן דאַוונען נעמט אים אויף שבת געוויינלעך אַ קרעמער אָדער אַ פּעדלער.

אין אַזאַ הויז טרעפט ער אַ געדעקטן טיש. עס ברענען, אין אויס־געשייערטע מעשענע לייכטער, די שבת־ליכט. עס ליגן הרחבהדיק צוויי גרויסע, געפלאָכטענע חלות, איבערגעדעקט מיט אַן אויסגענייט סאַל־פעטקע. די מענטשן אַרום פילן זיך יום־טובדיק, אַ געלאַסענע רואיקייט שפּאַרט פון אַלץ און אַלעמען, און זייערע אויגן גלאַנצן פון פרייד...

מען גיט בענין מאַכן קידוש, אַ היפּשע, פעטע טעלער יויך מיט אַ גאַנצער חלהלע, אַ מחיהדיק שטיק הון, און אַמאָל אַ פעפערדיק־געפילטע שטיק פיש, און ערשט נאָך דעם צו פאַרבייסן — אָדער פלוימען־יויך, אָדער פלוימען־צימעס. מען פאַרהאַלט זיך מיט בענין פריינטלעך, ווי אייגענע מענטשן. די גוטמוטיקע באַלעבאָסטע מיט ליכטיקע, שבתדיקע אויגן בעט אים, למען השם, צו קומען ווידער אויף מאָרגן נאָכן דאַוונען. בעני זאָגט־צו צו קומען, אָבער ער קומט ניט...

* * *

אָט אַזוי לעבט זיך דער איינזאַמער בעני אין די זומער־מאָנאַטן. אַנדערש איז עס אָבער ווען עס קומען אָן די קורצע, כמורנע, ווינטערדיקע טעג מיט די גלות־לאַנגע, קאַלטע נעכט. אין אַזעלכע נעכט ליגט בעני אויף זיין שמאָל בעטל מיטן געקנוילטן, האַרטן מאַטראַץ, איבערגעדעקט מיט אַ סך אַלטע קאָלדרעס, וואָס די פּולבלוטיקע, שוואַרץ־קאָרענע מאַריאַ וואַרפט אויף אים אַרויף. די ביינער ברעכן אים. ער קאָן ניט איינשלאָפן. ער ליגט מיט אָפענע אויגן און קוקט אין דער שוואַרצער פוסטקייט. ער הערט זיך צו שטונדן־לאַנג צום גערויש פון לאַסט־וועגענער, צו די טריט פון פאַרשפּעטיקטע דורכגייער, צום מיאַוקען פון הונגעריקע קעץ. ער הערט ווי שטשורעס לויפן אַרום לעבן די מיסט־קאַנען. ערגעץ־וואו קריגן זיך מאַן און ווייב אומפאַרשעמט. אין אַן אַנדער שטוב וויינען קינדער מיט הייזעריקע, מידע שטימעלעך...

אין אַזעלכע שלאָפלאָזע נעכט קומען צו בענין דערינערונגען פון זיינע פאַרגאַנגענע גרויע יאָרן. ער דערמאָנט זיך, ווי זייענדיק אַ פּלאָמבער, האָט מען אים איין מאָל אַזוי צעממיתט אויף אַ פּיקעט־ליין, אַז ער איז געלעגן קראַנק אַ גאַנץ יאָר. ער דערמאָנט זיך אָן זיין פרוי, וועלכע איז שוין טויט פערצן יאָר. ער געדענקט, אַז זי איז געווען אַ קליינע, אַ שטשיפּלע, אַלע־מאָל געקרעכצט, אָבער ווי אַזוי איר פּנים האָט אויסגעזען קאָן ער זיך ניט

דערמאָנען... און אַז דער אויסגעמאַטערטער בעני קוועטשט לאַנג מיט זיינע דיקע, גרויע ווייס און קאָן ניט איינשלאָפן, מאַכט ער ליכטיק, און נעמט זיך קוקן אויף זיין טאָכטערס גראַדואירונג־בילד. ער קוקט לאַנג, מיט גרויסע, אויפגעריסענע אויגן אויף זיין געוויקסיקער טאָכטער, אויף אירע שוואַרצע, דיקע לאָקנס, און קאָן זיך גאָרניט צו זאַט אָנקוקן... יאָ, זי איז ענלעך צו מיר. אַזוי, טראַכט ער ביי זיך, האָב איך אויסגעזען, ווען איך בין געווען יונג. און באַלד דערמאָנט ער זיך, ווי אין אַ קורצער צייט נאָך זיין ווייבס טויט האָט זיין טאָכטער געקראָגן אַרבעט אין אַ שפּיטאָל אין נוארק, און איז דאָרט פאַרלאָרן געגאַנגען. ער איז עטלעכע מאָל געפאָרן זיך נאָכפרעגן אויף זיין טאָכטער, האָט אים איינער אַ באַדינער פון שפּיטאָל דערציילט, אַז זיין טאָכטער איז אַוועק מיט אַן איטאַליענער. און בעני חשבונט לאַנג אין קאָפּ און קומט צום באַשלוס, אַז זי דאַרף שוין איצט זיין ניין־און־צוואַנציק יאָר אַלט. און באַלד פּלאָנטערן זיך ביי אים אַ צאָל פראַגן: האָט זי קינדער? איז דער איטאַליענער כאָטש גוט צו איר ?... אָדער אפשר איז ער אַ שיכור און ער שלאָגט זי ?... און וואָרום קומט זי ניט זען איר טאַטן ?... אָדער אפשר איז זי שוין גאָר טויט ?!...

און ווען ער ווערט פאַרמאַטערט און אויסגעשעפּט טראַכטנדיק, דוכט זיך אים, אַז ער אַליין לעבט שוין אויך ניט מער, און אַז ער האָט אַלע זיינע יאָרן געבלאָנדזשעט אין דער פינצטער ביי די ראַנדן פון לעבן, און אַז ער בלאָנדזשעט אַזוי פון קינדווייז אָן, אָן אָנהויב און אָן אַ סוף... און אָט אַזוי ליגט ער אַן איינזאַמער, אַ צעוויטיקטער, ביז עס דערהערן זיך אין גאַס די ערשטע קלאַנגען פון שלעפּ־וועגענער מיט געבעקס און גרינסן, און דאָס געבריאַזגעריי פון בלעכענע מילך־קאַנען. דורכן האַלב־רונדן, פאַרלאַטעטן פענצטערל הייבט אָן אַריינקומען עטוואָס גרויע, נעפּל־דיקע ליכט — אַן אָנזאָג, אַז אַ נייער טאָג ווערט געבאָרן...

בעני כאַפּט אויף זיך אַרויף זיינע וואַרעמע, פאַרלאַטעטע קליידער און גייט צו די אַלעקסעס אין די וואַרעמע צימערן. מאַריאַ, אַ פּאַרשמייעטע און אַ צעהיצטע, שטייט שוין און צוואָגט די פלאַקסענע צעפּלעך פון אירע בלאָנדע איינקלעך. זי באַפּעלט אַלעקסן אָנצוגיסן טיי און אַליין שטעלט זי צום טיש הייסע קאַרטאָפליעס, פון וועלכע עס קלאַפּט אַ פּאַרע, און אַ צעשניטענעם הערינג. זי גייט־צו צו בענין, גיט אים אַ פריינטלעכן פּאַטש אין פּלייצע און זאָגט: „גיי, בעני, דערוואַרעם דיינע גלידער !...“

און ווען די בלאָנדע מיידעלעך זיינען שוין אָנגעטאָן אין די ווינטער־

דיקע מאַנטעלעך, נעמט זיי בעני פאַר די הענטעלעך און פירט זיי מיושבדיק אין סקול. אויפן וועג באַגעגענען אים מחנות באַקאַנטע קינדער, און זיי באַגריסן אים מיט פריילעכע, הילכיקע שטימעלעך. בעני פאַרגעסט ביסלעכווייז זיין איינזאַמקייט, זיין טרויעריק, גרוי לעבן און ער פאַנגט אָן ווידער צו פילן האָפערדיק, מונטער.

אַ אַזוי זיינען מאַנאָטאָן געלאָפן בעניס וואָכן און חדשים, לעבנדיק בשלום מיט די אַלעקסעס און מיט די מענטשן פון שעריף סטריט, ניט האָבנדיק קיין תרעומות צו קיינעם...

ב

איין מאָל, אין אַ סוף־זומערדיקן פרייטיק, ווען אין ניו־יאָרק קעניגט נאָך דער „אינדיאַנער זומער״ און די זון אין מיטן טאָג וואַרעמט נאָך גאַנץ געשמאַק, איז דער לענגלעך־דאַרער, גרוי־באַוואָקסענער בעני געזעסן אין דעם דערבייאיקן שטאָטישן פּאַרקל, גערויכערט סיגאַרעטלעך און אונטערגעהערט זיך צו די אַמפּערייען פון באַבערדלטע און געגאָלטע יידן. די טעמעס זיינען געווען — דער אונטערגאַנג פון פעלקער און לענדער, דער שוידער פון דער וועלט־מלחמה, די פאַרניכטונג פון די יידישע ישובים, און נאָכדעם האָט מען גענומען רעדן וועגן מלחמה־ספּעקולאַנטן, און וועגן דעם ווילדן לוקסוס־לעבן פון די אַפּ־טאַונער יאַהודים...

אַ מאָדנע גלוסטעניש האָט בענין אַרומגעכאַפּט. ווי קומט עס, האָט ער געטראַכט, אַ לעבן אָפּגעלעבט אין ניו־יאָרק און קיינמאָל אין אַ רייכער הויז אַפּ־טאַון ניט אַריינגעשמעקט? און עס האָט זיך אים גענומען פאַר־שטעלן, אַז דאָס לעבן דאָרט מוז אויסקוקן ווי אַ פאַנטאַסטישער גן־עדן, אַזוי ווי מען באַשרייבט עס אין די צויבער־מעשהלעך, און ער האָט באַ־שלאָסן כאָטש איין מאָל אין זיין לעבן אַריינקוקן אין אַ רייכער הויז... אַז בעני דעם דזשעניטאָר פאַרווילט זיך עפּעס — פירט ער עס באַלד דורך; ביי אים איז אומר ועושה, געטראַכט און געטאָן. באַלד טאַקע איז בעני געפאַלן אויף אַזאַ המצאה: ער וועט גיין אין יאַהודימשן „טעמפּל עמאַנועל״ און בעטן מען זאָל אים נעמען אויף שבת...

ס'איז געווען דריי דער זייגער. בעני איז אין איילעניש אַוועק צו זיך אַהיים — אין קעלער־שטוב אויף שעריף סטריט. ער האָט גענומען וואַשן און סקראָבען זיין צערונצלט־ערדיש פּנים, זיינע דאַרע, האָריקע הענט,

און פֿאַראייבס אונטערגעקירצט זיין קאָלטענעוואַטע שפּיציק בערדל. ער האָט אָנגעטאָן זיין בעסטן אָפּגעבליאַקעוועט רעקל, אָפּגערייניקט די שיך, און מיט אונטערגעהויבענע פּלייצעס זיך געלאָזט געמיטלעך שפּרייזן דורך די אָרעמע קוואַרטאַלן אַרויפֿצו — אַפּ־טאַון... אויפֿן וועג טרעפֿט בעני אָן באַשטריימלטע יידן מיט נאַסע, געקרייזלטע פּיאות; קאָנטיק, אַז זיי גייען ערשט פֿון מרחץ; און באַשייטלטע, בייכיקע יידענעס שטייען לעבן באַ־שטאַנדן, טאַפּן די זויערע, שמעקעדיקע אוגערקעס, די גרינע עפּל און טאָמאַטן, דינגען זיך און האַנדלען אײַן מציאות אין דער שפּעטער ערב־שבתדיקער שעה.

די מענטשן אין די דאַון־טאַונער גאַסן גייען פּאַוואָליע, כאַפּן זיך ניט; ס'איז ניטאָ זיך וואָס צו איילן, — ביז מנחה איז נאָך דאָ אַ סך צייט. בעני קען זיי אַלעמען, ווייסט זייער אַרט לעבן. ער וואָלט געקאָנט פֿאַרציען אַ געשפּרעך מיט יעדן איינעם פֿון זיי, אָבער בעני פֿאַרטיקט זיך אָפּ מיט אַ מאַך פֿון דער האַנט און שפּרייזט פֿאָראויס.

ווען בעני איז אָנגעקומען אויף דער פֿערצנטער גאַס, איז ער אַריינ־געפֿאַלן אין אַ געווימל פֿון פֿרעמדע מענטשן. אַלץ לויפֿט: באַנען לויפֿן מיט אַן אימפּעט פֿון אַ בליץ און מיט אַ גערויש פֿון אַ דונער; טראַמווייען לויפֿן, אויטאָמאָבילן לויפֿן. מענטשן פֿאַרפּלייצן די שמאָלע טראָטואַרן און לויפֿן. אַרום און אַרום אַ שטויסעניש, אַ שטופּעניש און אַן אומגעהויערער געפּילדער. בעני שטייט און טראַכט אַ ווײַלע — צי זאָל ער זיך אויך אַריינשטופּן אין דעם געדרענג און ווירוואַר פֿון דער אונטערערדישער באַן? אָבער ער באַשליסט ליבערשט צו פֿאַרבלייבן אויף דער פֿלאַך, און ער לאָזט זיך גיין מיט ברייטע, מיושבדיקע טריט...

און אָט שפּרייזט שוין בעני אין די צוואַנציקער גאַסן. אַרום אים מוראדיקע פּראַכטפֿולע געביידעס, געמאַכט פֿון שטאָל און געפּאָלירטע, גלאַטע שטיינער. בעני קוקט אַריין אין אַן אָפֿענעם פֿענצטער. עס הויבט אים אָן צו פֿינקלען אַזש אין די אויגן. אַך, וואָס פֿאַר אַ רייכקייט! וואָס פֿאַר אַ פּראַכט!... מיט אויפֿגעריסענע אויגן באַטראַכט ער די אומגעהויער־גרויסע און הויכע בליאַסקענדיקע צימערן, די רייכע מעבל, די גאָלדענע שפּיגלען און מאָלערייען, וואָס פֿאַרנעמען גאַנצע ווענט. אין דרויסן איז נאָך ליכטיק, אָבער דאָרט אינעווייניק ברענען שוין אַלע קרישטאָלענע לוסטרעס. ס'וואַרפֿט ממש פֿון דאָרט מיט אַזאַ וואַרעמער, רואיקער ליכטיקייט! אויס־געפּוצטע הערן און דאַמען זיצן אויף ווייכע, זיידענע סאָפֿעס, אַריבער־

געװאָרפן אַ פוס אויף אַ פוס, רויכערן געמיטלעך ציגאַרן, פּאַפּיראָסן און לייענען צייטונגען. בעני דאַכט זיך, אַז ער זעט עס בלויז אין חלום...

בעני גייט װייטער און בלייבט שטיין ביי גלאַנציקע, פּראַכטפולע, העל־באַלויכטענע װיטרינעס, אָנגעלאָדענע מיט האָב און גוטס, און אַלץ פון דאָס בעסטע און שענסטע. בעני פאַרטראַכט זיך: אַזאַ עשירות!... ס׳מוז טאַקע זיין אמת, װאָס די דאָר־גופיקע, אונטערגעשאָרענע מיידל אויפן קאָרנער אין שעריף סטריט טענהט אַריין, אַז די רייכע האָבן אַלץ פון בעסטן און די אָרעמע האָבן אַ פייג מיט אַ גאָרנישט. אָבער לאַנג שטיין און טראַכטן לאָזט מען אים נישט, — נייע כװאַליעס מענטשן קומען יעדע מינוט אָן און מען שטופּט אים פון איין פּלאַץ אויפן צװייטן. איז בענין נמאס געװאָרן דאָס שטופּעניש און גערויש, פאַרקערעװעט ער זיך אין אַ שטילער זייטיקער גאַס, פול מיט ברוינע, דריי־שטאָקיקע הייזער, מיט הויכע טרעפּ און מיט ברייטע פאַרענטשעס. בעני האָט זיך צוגעזעצט אויף איינעם פון די טרעפּ, געװאָלט אָפּרוען די אַלטע, פאַרדאַרטע גלידער זיינע, אָבער עס האָט לאַנג נישט געדויערט און אַ פעטע פּרוי מיט אַ װייסן שירץ האָט אַרויסגעשטעקט איר קאָפּ פון אַ פענצטער און גענומען שרייען אויף אַ הויכער אָקטאַװע: — „סעי, באָדי, גיי פון װאַנען דו ביסט געקומען! — דאָ איז נישט קיין האָטעל!" — בעני האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און זיך אומגעקוקט. ער האָט צוזאַמענגעצויגן זיינע בוילעטע, גרויע אויגן, אָנגעקוקט מיט פאַראװונדערונג די פעטע פּרוי, באַטראַכט איר געפּאַלדערטן, װייסן הויב אויף איר קאָפּ, געגעבן זיך אַ קראַץ אין פּאַטילניצע, אויסגעשפּיגן און איז אַװעק...

און אָט איז שוין בעני ביים פּראַכטפולן סענטראַל פּאַרק. בעני איז שוין נישט דאָס ערשטע מאָל אין דעם פּאַרק. אָבער יעדעס מאָל, און אַזוי אויך היינט, באַװאונדערט ער שטאַרק די פּראַכט און גלאַנץ און די בלויגרינע רחבות אין און אַרום סענטראַל פּאַרק. ער באַװאונדערט די גרינע, סאַמעטענע לאָנקעס, די אַרומגעשאָרענע קוסטעס און ציכטיקע ביימלעך, די גלאַטע, אַספּאַלטענע סטעזשקעס מיט די באַקװעמע בענק.

דער טאָג האָט זיך שוין געהאַלטן אין זעצן. די האַרבסטיקע לופט האָט נאָך אַלץ געשמעקט דערפרישנדיק. די זון, װי אַ גאָלדענע, פייערדיקע ראָד, האָט געהאַלטן ביים אַרויסגעבן די לעצטע העלע שטראַלן. די זון אין סענטראַל פּאַרק האָט בענין אויסגעזען אַנדערש, גרעסער, פייערדיקער, װי אין פּאַרקל לעבן שעריף סטריט. די פענצטער פון די אַרומיקע משונה־

דיקע הימל־קראַצערס זיינען פאַרגאָסן געוואָרן מיט גאָלדענע שטראַלן, און האָבן געצונדן מיט אַזאַ בלענדעניש, אַז ער האָט געמוזט פאַרזשמורען זיינע מידע, גרויע אויגן.

אויף די באַקוועמע בענק זיינען געזעסן מענטשן פון פאַרשיידענע קאָלירן און נאַציאָנאַליטעטן. געזעסן זיינען זיי איינזאַם, שטיל און גערויכערט. פאַרחלומטע פאַרלעך זיינען געזעסן איינגעקלאַמערט איינער אין אַנדערן און זיך ניט געקימערט פאַר מענטשן־טריט און בייזע בליקן. פון צייט צו צייט האָבן אויף די גלאַטע, אַספּאַלטענע סטעזשקעס פון פּאַרק געלאָפן אַרומגעשפּאַצירט אויסגעפּוצטע, האָנעדיקע דאַמען מיט אויס־געצוואָגענע אויסטערלישע הינט. די דאַמען האָבן געשפּאַצירט מיט אַזעלכע פאַרריסענע קעפּ און מיט אַזאַ וויכטיקייט, גלייך ווי זיי וואָלטן געטאָן אַ טובה דער וועלט, וואָס זיי באַטרעטן די ערד.

ווי אַנדערש דאָס איז אַלץ, — האָט בעני ביי זיך געטראַכט. — אַרום פּאַרק אַזעלכע ריזיקע געביידעס, אָבער לעבן די געביידעס זעט ער ווייניק מענטשן, און קיינע קינדער. קיינער שטייט ניט ביי די אַריינגאַנגען, איינער רעדט ניט מיטן צווייטן. און די וועגט אַרום פּאַרק, כאָטש ריזיקע, גלאַטע, האָבן אים אויסגעקוקט אומגעהויער קאַלטע, און די רייך־געקליידטע מענטשן — פרעמדע.

און אָט איז שוין בעני דער דזשעניטאָר ביי דער פינף־און־זעכציקסטער גאַס און פינפטער עוועניו. ער קוקט זיך אַרום, — עס זעט גאָר ניט אויס ווי אַ שול, אָבער די אויסגעקריצטע ווערטער אויפן מירמלשטיינערנעם אַריינגאַנג זאָגן אָן, אַז דאָס איז דער רייכער „טעמפּל עמאַנועל“.

אַ היפּש ביסל צייט האָט זיך בעני אַרומגעדרייט, ניט געוואָגט אַריינ־צוגיין. ער האָט געהאַט מורא, אַז די אָנגעמונדירטע, שטרענגע משרתים וועלן אים ניט אַריינלאָזן. ער מאַכט זיך האַרץ, רוקט אַרונטער טיף ביז די אויערן זיין פאַרשמאַלצעוועט, טוכן היטל און גייט אַריין.

אינעווייניק, ביי דער טיר, זיינען געשטאַנען צוויי שמשים — איינער אַ דאַרער, אַ פליכעוואַטער, דער צווייטער אַ קורצער, אַ בייכלדיקער; ביידע אָן היטלען, אויסגעפּוצטע אין לאַנגע טאַקסידאָס, מיט האַרטע, געפּרעסטע העמדער און ווייסע שניפּסן, גלייך זיי וואָלטן זיך געקליבן צו אַ חתונה. בעני וויל אַריינגיין, נאָר דער דאַרער, פליכעוואַטער שמש האַלט אים אָפּ און בורטשעט בייז: — טו אויס דאָס היטל! —

בעני איז געבליבן שטיין פאַרוואונדערט, און אָנגעקוקט דעם שמש מיט

אויסגעגלאָצטע אויגן. עס האָט זיך אים ניט געגלויבט, אַז אין אַ שול זאָל מען דאַרפן אויסטאָן דאָס היטל.

— טו אויס דאָס היטל, וועלן מיר דיך אַריינלאָזן, — האָט ווידער דער דאַרער שמש אויסגעשריען מיט כעס.

בעני האָט מיט פאַרדאַכט אויסגעטאָן זיין היטל. מען האָט אים אַריינגעשפּאַרט אַ העברייאיש־ענגליש סידורל, און ער איז אַריין אין שול. בעני האָט זיך געזעצט אויף דער לעצטער באַנק, כאָטש עס זיינען געווען אַ סך ליידיקע פּלעצער אין פאָרנט. בעני האָט מיט אויפגעריסענע אויגן זיך גענומען אַרומקוקן און איז געוואָרן פאַרגאַפט... אַזאַ פּראַכטפולן, רייכן זאַל האָט ער נאָך ניט געזען אין זיין גאַנץ לעבן. וואו נאָר ער גיט אַ וואָרף מיט אַן אויג, זעט ער מאַסיווע, הויכע, באַגילדטע קאָלאָנעס, וועלכע וואָלטן געקאָנט אונטערשפּאַרן דעם הימל. די ווענט — באַצירט מיט מירמל־שטיינדלעך פון פאַרשיידענע קאָלירן. די באַלייכטונג אַ האַלב־טונקעלע, אַ מיסטישע. די זיץ־פּלעצער — ברוינער, ווייכער פּליוש... אומזיסט האָט בעני געזוכט סימנים פון אַ שול. עס זיצן גאָר מענער און פרויען צוזאַמען. די מענער — אַלע געגאָלטע, אָן היטלען און זיינען אַ סך מער ענלעך צו „יענקיס״, ווי צו יידן. קיין באַלעמער, קיין אָרון־קודש איז ניטאָ, קיין טאָפל מיט עשרת־הדברות אויך ניט. אַפילו קיין מגן־דוד האָט ער ניט געקאָנט אויפזוכן. אין מזרח־וואַנט אויף אַן עסטראַדע, אָנשטאָט אַ חזן, זיינען געשטאַנען צוויי געגאָלטע יונגעלייטלעך אָן היטלען, אין שוואַרצע כאַלאַטלעך, מיטן פּנים צום פּובליקום און אַריינגעקוקט אין סידורימלעך. איינער האָט געפּרעפּלט מיט אַ סקאַרבאָוון, גלחשן טאָן, און נאָכדעם האָט דער צווייטער געזונגען, גיכער ווי אַן אָפּערע־זינגער איידער ווי אַ חזן. און מיטאַמאָל האָבן זיך דערהערט מעלאָדישע, זיסע טענער פון אַ געמישטן פרויען־ און מענער־כאָר. בעני קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן, אָבער דעם כאָר זעט ער ניט. דאָס איינציקע, וואָס האָט אים עפּעס יאָ דערמאָנט אויף אַן אָנדענק פון אַ שול, איז די צוויי גאָלדענע מנורות, וועלכע האָבן טונקל־מאַט געברענט אויף דער עסטראַדע.

בעני איז אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן מיט דער אַנדערשקייט און מיט דער רייכער אומגעבונג, אַז ער האָט גאָר פאַרגעסן אָן זיין „פּלאַן״. אָבער, ווען דער געגאָלטער חזן האָט געבעטן אַלעמען אויפשטיין, און מיט פאַנאַנדערגענומענע הענט, ווי אַ גלח, אַלע דאַוונער אַנגעבענטשט, איז דאָס גאָטעס־דינסט געווען פאַריבער, און די מענטשן האָבן זיך גענומען פאַנאַנדערשיטן

צו די אַרויסגאַנגען. ערשט דאַן האָט זיך בעני דערמאָנט צוליב וואָס ער איז געקומען אין טעמפּל, און ער איז ניט־דרייסט צוגעגאַנגען צום קורץ־בייכלדיקן שמש און אים געפרעגט, צי עמעצער וואָלט אים גענומען אויף נאַכטמאָל.

דער שמש, אין פאַרלעגנהייט, — ווייל אין זייער אַריסטאָקראַטישן טעמפּל נעמט מען ניט קיין אורחים אויף שבת, — האָט מיט זיינע קורצ־זיכטיקע אייגעלעך באַטראַכט בעניס קבצניש גענגעלע און געשוויגן.

גראָד איז איינער פון די דאַוונער — אַ פעטלעכער מאַן מיט גרויסע, קעלבערנע אויגן, מיט אַ ייִנגעלע ביי דער זייט, אויך אַ פעטינקער, אַ פּוכלינקער, ווי אַ פריש־געבאַקענע בולקע — פאַרבייגעגאַנגען און אונטער־געהערט בעניס רייד, האָט ער זיך אָנגערופן:

— קומט מיט מיר, מיסטער!

אַ צעטומלטער און אַ דערשראָקענער האָט זיך בעני געלאָזט גיין נאָכן רייכן ייִדן. אין דרויסן איז שוין געווען גוט פינצטער. די העלע לאָמפּן אויף דער פינפטער עוועניו האָבן געוואָרפן סנאָפּעס ליכט. בייכיקע, גלאַנציקע אויטאָמאָבילן האָבן זיך געגליטשט הין און צוריק אויפן גלאַטן אַספאַלטענעם ברוק. די פענצטער פון די גרויסע געביידעס אַרום סענטראַל פּאַרק האָבן געפינקלט, ווי שטערנדלעך אין הימל. די גיגאַנטישע, עלעקט־רישע רעקלאַמעס, וועלכע זיינען געהאַנגען הויך אין טיף־שוואַרצן הימל, האָבן אויסגעקוקט ווי שטיקער קאָליר־טער פייער.

באַלד האָט זיך צוגעגליטשט אַ גרויסער, בליאַסקענדיקער אויטאָ־מאָביל. אַ הויכער, דאַרער שאָפער, מיט אַ זויער־קרענקלעך פּנים, האָט געעפנט דאָס טירל און אַריינגעלאָזט אַפריער זיינע באַלעבאַטים. בעני האָט זיך אַריינגערוקט מיט אַ זייטל, כמעט בגנבה, זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ ברעג פון ווייכן, מיט זייד באַדעקטן געזעס, אַריינגעצויגן דעם קאָפּ אין די דאַרע פּלייצעס, גלייך ווי ער וואָלט עפּעס אָפּגעטאָן אַ גרויסן פאַרברעכן.

דער גלאַנציקער, בייכיקער אויטאָמאָביל האָט זיך פּלוצים מיט האַסט אַ ריס געטאָן, און זיך געלאָזט לויפן מיט אימפּעט.

בעני דער דזשעניטאָר איז געוואָרן מבולבל, — ער איז זיין גאַנץ לעבן נאָך ניט געפאָרן אַזוי ראַשיק, און אין אַזאַ גרויסאַרטיקן אויטאָ־מאָביל אַוודאי ניט, — האָט אים אַזש גענומען שווינדלען אין קאָפּ. בעני

האָט ניט געקאָנט איינזיצן אויף איין אָרט און ער האָט אַלע ווײַלע זיך אונטערגעהויבן, ווי ער וואָלט געזעסן אויף הייסע קוילן.

דאָס פּוכלע יינגעלע האָט די גאַנצע צייט געוואָרפן שאַרפע בליקן אויף בעניס אָפּגעטראָגן רעקל, און אויף בעניס גרוי־קאָלטענעוואַטן בערדל.

דער רייכער אַפּ־טואַנער ייד, מיט די קעלבערנע אויגן, האָט גוטמוטיק גענומען פאַרציען אַ געשפּרעך מיט בענין:

— איר זענט, מסתמא, אַ פרעמדער, ניט קיין ניו־יאָרקער ? —

בעני האָט אַראָפּגעלאָזן זיינע טיפע, גרויע אויגן, אַ צי געטאָן מיט זיינע שמאָלע, געבויגענע אַקסלען און ניט געענטפערט. האָט דער רייכער ייד ווידער געפרעגט :

— איר זענט מסתמא אַ דייטשער פליכטלינג ? געקומען זוכן אַרבעט אין ניו־יאָרק ? —

בעני האָט אַריינגעצויגן זיין האַלדז אין די דאַרע אַקסלען, געעפנט זיין איינגעפאַלן מויל און עפּעס ניט־פאַרשטענדלעכס אַ ברום געטאָן.

דער אַפּ־טואַנער רייכער ייד האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט קיין ממשותדיקס ניט אַרויסבאַקומען פון זיין דערשלאָגענעם אורח, האָט ער בענין צורו געלאָזט, און גענומען טראַכטן וועגן זיינע ריעל־עסטייט ביזנעס.

ס'האָט ניט לאַנג גענומען און דער בייכיקער, בליאַסקענדיקער אויטאָ־מאָביל האָט זיך צוגעקייקלט צו אַ מוראדיק־גרויסער, געלער געביידע אויף סענטראַל פּאַרק וועסט.

אַ הויכער, לייביקער שווייצאַר, מיט גאָלדענע קנעפּ און מיט גאָלדענע פּאַסמעס אויף די הויזן, האָט ברייט געעפנט די פאַרדאַנע טיר און פאַר־דעכטיק באַטראַכט בענין. אויך דער עלעוויטאָר־מאַן — אַ בלאָנד בחורל מיט אַ סך זומער־שפּרינקלעך אויפן פּנים — האָט מיט קוריאָזיטעט געקוקט אויף בעניס באַשטאַנד... בענין איז פון די אַלע שטעכיקע בליקן געוואָרן זייער אומהיימלעך, און ס'איז אים געוואָרן הייס און קאַלט.

ווען בעני איז אַריין אין דער האַלב־באַלויכטענער, רחבותדיקער „פּאַיע" פון דעם רייכן אַפּ־טאַונער יידן, איז נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט אַרומצוקוקן זיך, איז אים גלייך באַפאַלן אַ ברוינער, קודלאַטער הונט מיט אַזאַ בילעריי און מיט אַזאַ רציחה, אַז אַלע מענטשן פונעם הויז האָבן זיך באַלד צוזאַמענגעלאָפן אין „פּאַיע".

עס האָט אויסגעזען, ווי דער אַריסטאָקראַטישער, קלוגער הונט האָט געוואָלט אויסשייגעצן בענין דעם דזשעניטאָר פאַר דעם, וואָס ער וואַגט

צו באַזוכן אַזאַ לייטיש הויז. און דער קודלאַטער הונט האָט זיך טאַקע ניט באַרואיקט און זיך אַזוי לאַנג געריסן צו בעניס פֿאָלעס און צו זיינע דאַרע פֿיס, ביז מען האָט אים פֿאַרשפּאַרט אין אַ חדר מיוחד. די באַלע־באָסטע — אַ שטאַלטנע, נאָך גאָר יונג־לייביקע פֿרוי, מיט רויטע, גע־קירצטע האָר און מיט געפּאַרבטע ליפּן — איז אויך באַלד אָנגעקומען און האָט אַ דערשראָקענע אויסגעסטאַרטשט אירע גלאַנציק־ברוינע אויגן אויף בענין. אָבער ווען זי האָט זיך באַגעגנט מיט איר מאַנס רואיקע, שבתדיק־צופֿרידענע בליקן, האָט זי גלייך פֿאַרשטאַנען, אַז איר פֿרומער, ליבעראַלער מאַן האָט געבראַכט אַן אורח אויף שבת, — האָט זי זיך גלייך באַרואיקט און געגומען נאַריש שמייכלען... אַלע שטוב־מענטשן און די אויסגע־צוואָגענע, פּוכליקע קינדער, מיט אויפֿגעפֿלאַמטע בעקעלעך און מיט גיריקע אויגעלעך, האָבן זיך צו זאַט ניט געקאָנט אָנקוקן אויף בענין; זיי האָבן אים באַטראַכט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס און זיינען זיך איינציקווייז צע־גאַנגען. לעבן בענין איז געבליבן אַ דאַרע, עלטערע דייטשקע, אויסגע־שטרודלט אין אַ ווייסער אוניפֿאָרם מיט אַ ווייסן, האַרטן טשיפּיק, מיט אַ מסוכן־בייז נעזל און מיט אַ פּאָר שפּיציקע, שטעכיקע אויגעלעך, וואָס זידלען אָפּ אַ מענטשן אָן ווערטער. די בייזע דייטשקע האָט בענין אַוועק־געפֿירט אין וואַש־צימער. בעני האָט זיך איר נאָכגעשלעפּט מיט שלאָבער־דיקע טריט און אויסגעזען ענלעך צו אַן אָקס, וועלכן מען פֿירט צו דער שחיטה. עס האָט אים שוין פֿאַרדראָסן דער גאַנצער עסק; ער וואָלט זיי שוין מוחל געווען די טייערע וועטשערע מיט די אַלע זיבן גליקן, אַבי ער זאָל זיך באַפֿרייען פֿון אָט די אַלע נייגעריקע, חוזקדיקע בליקן...

ענדלעך איז שוין בעני אין רייכן עס־צימער. דער צימער איז העל־באַלויכטן. וואו נאָר ער טוט אַ וואָרף מיט אַן אויג, טרעפֿט ער געשניצטע, פֿריש־פּאָלירטע מעבל, גאָלדענע לוסטרען אַרומגעהאַנגענע מיט אַ קרישטאָל־געוועב, מאָלערייען פֿון פֿאַרצייטיקע גאונים אין שווערע באַ־גילדטע ראַמען...

דער גרויסער, רונדער טיש איז געווען באַדעקט מיט אַ געהאָפּטענער, ווייסער סערוועט. אין מיטן טיש האָט געברענט אַ גאָלדענע מנורה. אויפֿן טיש איז געווען אָנגעשטעלט פֿאָרצעלייענע געשיר מיט באַגילדטע ראַנדן. די לעפֿל־גאָפּל — זילבערנע.

דער רייכער באַלעבאָס, אַ פֿריש־אָפּגעוואַשענער, אין אַ געפּאַסטן סור־דוט, אָן אַ היטל, האָט זיך ברייט אַוועקגעזעצט אויבן־אָן; די נאָך גאָר

יונג־לייביקע, שטאַלטנע באַלעבאָסטע — לעבן אים; די פּוכקע, רונדע קינדער — ביי די זייטן טיש. בענין איז אויסגעקומען צו זיצן צווישן דער בייזער דייטשקע מיט די שטעכיקע אויגעלעך, וועלכע זידלען אַפּ אַ מענטשן אָן ווערטער, און דעם הויכן, דאַרן שאָפער מיטן זויערן פּנים.

דער באַלעבאָס האָט געמאַכט קידוש אָן אַ היטל, אַרויסגערעדט מיט גרויס ווירדע די עברי על פּי נוסח ספרדית, נאָכדעם האָט ער זייער פּאַר־זיכטיק און מיט אַן ערנסטער מינע אָנגעגאָסן בענין אַ היפּש גלעזל וויין און געזאָגט: — מאַכט קידוש, ר׳ ייד! —

בעני האָט צוזאַמענגעזשמורעט זיינע גרויע, מידע אויגן, געקוקט אויפן רייכן יידן מיט אַ צעשוואומענעם בליק, און האָט זיך צום וויין ניט צו־גערירט. ער האָט געפילט, ווי אַלע אויגן זיינען אָנגעווענדט אויף אים. אַפילו די ווענט מיט די בילדער פון די פּאַרצייטיקע גאונים, האָט זיך אים געדאַכט, קוקן אויך אויף אים. עס האָט אים אויסגעזען, אַז מען קוקט אויף אים, ווי אויף אַן אויסטערלישער חיה אין אַ צירק.

ס׳האָט ניט גענומען לאַנג און די בייזע דייטשקע מיטן ווייסן טשיפּיק האָט בענין צוגעטראָגן דעם ערשטן אַ גרויסע טעלער יויך מיט אַ סך אָנגעשניטענע חלה.

בעני האָט מעכאַניש אָנגעשעפּט אַ לעפל יויך, אָבער דורך דעם וואָס ער איז געווען אַזוי אויפגערעגט און דערשיטערט, האָבן זיך זיינע הענט געטרייסלט — און ער האָט דאָס לעפל יויך פאַרגאָסן אויף זיין גרוי, קאַלטענעוואַטע בערדל און אויף זיין אָפּגעטראָגן רעקל, איידער ער האָט עס צוגעטראָגן צום מויל.

די פּוכלינקע קינדער, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט ניט אַראָפּגענומען זייערע אויגן פון בענין, האָבן אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

דעם ליבעראַלן באַלעבאָס פון סענטראַל פּאַרק וועסט האָט פאַרדראָסן, וואָס מען לאַכט אויס אַן אָרעמען מענטשן ביי אים אין הויז, האָט ער גענומען מיט כעס מרוקען אויף זיינע קינדער.

ביים צווייטן לעפל האָט זיך בעני לכתחילה צוגעבויגן גאָר נאָענט צום טעלער און אַריינגעכאַפּט דאָס לעפל יויך אין מויל אַריין. די יויך איז אָבער געווען אַזוי הייס, אַז ער האָט זיך אָפּגעבריט. בעני האָט זיך פאַרכלינעט. דאָס פּנים איז ביי אים געוואָרן גרין און געל. און ניט־ווילנדיקערהייט האָט ער אויסגעשפּיגן די יויך אויפן אויסגעשטריקטן ווייסן סערוועט.

די קינדער האָבן אַלע מיטאַמאָל אַרויסגעשאָסן מיט אַ הילכיקן געלעכטער. דער דאַרער שאָפער מיטן זויערן פּנים האָט אַן אויפגעברויזטער געגעבן בענין אַ שטאַרקן טאָרע אין זייט.

דאָס בלוט האָט בענין אַ שפּאַר געטאָן אין קאָפּ, און זיין גאַנצער קערפּער האָט גענומען ציטערן. ער האָט זיך פּלוצים אַ הייב געטאָן פון זיין אָרט און זיך געלאָזט זוכן די טיר צום אַרויסגאַנג. אין איילעניש האָט ער פאַרגעסן מיטצונעמען זיין היטל...

דער באַלעבאָס, דערפילנדיק אַן אומאָנגענעמען אינצידענט, האָט זיך געלאָזט אָניאָגן בענין; האַרט ביי דער טיר, אין דער האַלב־באַלויכטענער פּאָיע, האָט ער בענין אָפּגעהאַלטן און מיט פאַרוואונדערטע, אויסגעפּוטשעטע אויגן אַרויסגעברומט: — מיסטער, וואוהין לויפט איר?

בעני האָט ניט געענטפערט, נאָר האָט בייז און פול מיט צאָרן, מיט שאַרפע, שניידנדיקע בליקן אַריינגעקוקט דעם רייכן באַלעבאָס גלייך אין זיינע נאַסע, קעלבערנע אויגן.

און עס האָבן זיך באַגעגנט צוויי פּאָר אויגן פיינטלעכע, פון צוויי קעגנגעזעצטע וועלטן. בעני האָט מיט זיין גאַנצער קראַפט אַ ריס געטאָן די טיר און איז אַרויס...

ערשט, ווען בעני איז שוין געווען אויף דער גאַס, האָט ער אָפּגעאָטעמט פריי...

אין דרויסן איז איצט געווען סוף־זומערדיק פינצטער. אַ קאַלטער, בייסיקער ווינט האָט געבלאָזן פון סענטראַל פּאַרק. אין הימל האָבן געפויזעט נידעריקע שטיקלעך וואָלקנס און האָבן אַלע ווילע פאַרשטעלט די קאַלטע שטערן. צוערשט איז בעני געגאַנגען שנעל, גלייך ווי עמעצער זאָל אים נאָכלויפן. אָבער באַלד איז ער געבליבן שטיין ווי אַ געליימטער. בלאַס און טיף־צעאַקערט איז איצט געווען זיין גרוי־ערדיש פּנים. ס'האָבן אים גענאָגט אַלע אברים. זיין צונג האָט טערפּקע געשמאַרצט. זיינע לאַנגע, גרויע האָר זיינען געווען נאַס, ווי ביי איינעם, וואָס איז ערשט אַרויס פון אַ שוויץ־באָד. אַ שטעכיקער ווינט האָט געוואָרפן די פּאָלעס פון זיין לויזן רעקל, נאָר ער האָט עס ניט געפילט. ער האָט אַפילו ניט געוואוסט, אַז ער איז שטיין געבליבן... אַ לאַנגע צייט איז ער אַזוי געשטאַנען אַ פאַרשטיינערטער, אַ פאַרטשאַדעטער, נאָר ווען אַ דורכגייער האָט זיך אָן אים אָנגעשטויסן, האָט ער אויפגעוואַכט און מיט פאַראומערטע אויגן זיך גענומען אַרומקוקן. און אַז זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן

דער געלער, העל־באַלויכטענער געביידע, האָט ער זיך דערמאָנט אָן דער פיינלעכער איבערלעבונג, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק באַליידיקט.

ער האָט מיט שטאַרע בליקן אַרויפגעקוקט ערגעץ דאָרט אין דער הויך, דאָרט וואו די חשובע מיטגלידער פון „טעמפל עמאַנועל" וואוינען, — און ער האָט ווידער דערפילט אויף זיך די רוגזהדיקע בליקן פון דער בייזער דייטשקע, דאָס שפּאָטישע געלעכטער פון די רייכע קינדער, דאָס פיינע קבלת־פּנים פונעם קודלאַטן הונט, און דאָס טורקען אין זייט פונעם דאָרן שאָפער מיטן זויערן פּנים, און ער האָט הויך פּאַרריסן זיין קאָפּ און מאָדנע ווילד אַרויסגעברומט אַ קללה...

באַלד נאָכדעם האָט זיך בעני דער דזשעניטאָר באַרואיקט. ער האָט געפילט, גלייך ווי ער וואָלט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַ שווערע משא. זיינע פאַרגליווערטע אברים זיינען אים אָפּגעגאַנגען. ער האָט אָפּגעווישט דעם קאַלטן שווייס פון זיין צעקנייטשט שטערן מיט דעם פאַרשמאַלצעוועטן אַרבל, אויסגעגלייכט זיינע געבויגענע, שמאָלע פּלייצעס, און זיך געלאָזט גיין, אַפּריער מיט פּאַמעלעכע, שווערע טריט, גלייך ווי ער וואָלט זיינע דאַרע פיס געשלעפּט פון אַ ליימיקן זומפּ. אָבער באַלד האָט ער צוגעקראָגן פרישע כוחות, און ער האָט זיך געלאָזט גיין מיט פעסטע, ברייטע טריט זוכן אַן אַריינגאַנג צו אַ „סאָבוויי", כדי וואָס גיכער צו קומען אויף שעריף סטריט, צו זיינע מענטשן...

מער איז שוין בעני ניט געגאַנגען אַפּ־טאַון אין די רייכע הייזער. ער האָט ביסלעכווייז פאַרגעסן די ביטערע דערפאַרונג אויף סענטראַל פּאַרק וועסט.

זיינע וואָכן און חדשים זיינען ווידער אַוועק רעגלמעסיק, מאָנאָטאָן, און ער האָט נאָך מער ליב געקראָגן די פּשוטע, גוטהאַרציקע מענטשן אויף שעריף סטריט.

* * *

אָבער דאָס לעבן פליסט ניט אַלעמאָל ווי אַ שטיל, רואיק ריטשקעלע אין אַ פאַרוואָרפן וועלדל. אויך אין בעניס לעבן זיינען מיטאַמאָל אָנגעקומען גרויסע ענדערונגען.

אין אַ צייט אַרום איז דער ברייטפּלייציקער, גרוי־באַוואָקסענער אַלטער אַלעקס פּלוצים געשטאָרבן. גאַנצע דריי חדשים האָט די שוואַרץ־קאָרענע, פול־בלוטיקע מאַריאַ געטרויערט נאָך איר מאַן. זי האָט אויס־געפּועלט ביים לענדלאָרד אַ דירה פון דריי צימערן אויפן אַריינגאַנג־

שטאָק. פֿאַר די עטלעכע הונדערט דאָלער אינשורענס, וואָס זי האָט איינ־קאַסירט, האָט זי איינגעהאַנדלט נייע מעבל. בענין האָט זי אויסגעקליידט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, אים אַריינגענומען צו זיך אין די צימערן און זיי זיינען געוואָרן מאַן און ווייב.

ענדלעך איז בעני געוואָרן דער הויפּט־דזשעניטאָר איבער דער פֿינף־שטאָקיקער טענעמענט־הויז אויף שעריף סטריט. בעני האָט אויפֿגעלעבט; זיינע געבויגענע פּלייצעס האָבן זיך אויסגעגלייכט; זיין צערונצלט פּנים האָט זיך אויסגעגלעט, גלייך מען זאָל עס אויספּרעסן מיט אַ פּרעסל, און זיינע גרויע אויגן האָבן אויפֿגעלויכטן.

מאַריאַ האָט אויפֿגעהערט טראָגן אירע קאָלירטע, כאָלישע קליידער, און זיך גענומען קליידן אין לאַנגע טונקעלע מלבושים; גענומען פֿלעכטן אירע קודלעס אין צעפּ און געטראָגן שטענדיק אַ באַשיידן טיכל. אָנשטאָט צו פֿייערן די זונטיקס, האָט זי גענומען מאַכן שבת אַזוי גוט ווי אַלע יידישע פֿרויען אויף שעריף סטריט. און עס האָט ניט גענומען לאַנג און זי האָט זיך אויסגעלערנט פֿון אירע שכנות צו קאָכן אמת־באַטעמטע יידישע מאכלים.

און אַז בעני פּוצט זיך אויס אין אַ בייעם גאַרניטור, מיט בייע שיך און אַ ווייכן קאַפּעליוש, און פֿירט אַלעקסעס צווי בלאָנדע, אויסגעצוואָגענע מיידעלעך פֿאַר די הענט אין סקול, פֿילט זיך בעני ווי אַ ניי־געבוירענער מענטש, — אַ טאַטע פֿון קינדער און אַ מיטגליד פֿון דער גרויסער, פֿאַר־ברידערטער שעריף סטריט געמיינדע.

1946.

# רויך, רויך, רויך

אין אַ פאַרוואָרפן, אָפּגעלעבטווינקל פון דער צוזאַמענגעפּרעסטער, גרויסער שטאָט, וואו איינגעהאָרבעטע, געלאַטעטע, רויטע און ברוינע ציגל־הייזער האָבן זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן, האָט יאָרנלאַנג געוואוינט דער אַלטער, האַלב־פּאַראַליזירטער מאָלער, באָריס באַרקוס.

געשען איז עס אין אַ טריבן, האַרבסטיקן פרימאָרגן.

דער אַלטער, שווער־לייביקער, מגושמדיקער באַרקוס איז געלעגן אויף זיין אייגעפאַלן אייזערן בעטל, איינגעהילט אין אַ סך צעפליקטע, וואַרעמע קאָלדרעס און האָט זיך נערוועז אַרומגעדרייט, ניט קאָנענדיק איינשלאָפן.

מיטאַמאָל האָט געוומען בליצן. די פּיצטערניש איז צעריסן געוואָרן; אַ פאַנטאַסטישע שיין האָט באַלויכטן די אויסגעבייכטע, אָנגעשפּאָלטענע ווענט, באַהאַנגענע מיט אָפּגעבליאַקעוועטע מאָלערייען, און דעם באַוואַקסענעם, ווייסן לייבן־קאָפּ פון באָריס באַרקוס.

באַלד נאָך דעם האָט, ווי אַ שאָס פון אַ האַרמאַט, אַ קנאַל געטאָן אַ דונער. די ווענט און די פענצטער האָבן זיך געגעבן אַ טרייסל. דער אַלטער באַרקוס האָט אַ ציטער געטאָן מיטן גאַנצן מגושמדיקן גוף און גענומען שטאַרק קרעכצן.

דער פּאָפּוגאַי, רעמבי, וועלכער איז געשלאָפן אין זיין הילצערנער שטייג אין אַ ווינקל, האָט זיך אויפגעכאַפּט און גענומען קראַקען מיט ביטערע קולות...

באַרקוס האָט זיך אויפגעזעצט אויף זיין האַלב־איינגעפאַלן געלעגער. מיט מאַטערניש האָט ער גענומען אַרויפשלעפן אויף זיך זיינע צעקנאָדערטע מלבושים און זיין וואַרעמען שלאָף־ראָק, און מיט אָנשטרענגונג זיך אַריינגעפּאַקט אין זיין מאַסיוון רעדל־שטול.

אין דרויסן האָט געגעבן אַ פּליוך אַ רעגן. גרויסע טראָפּנס האָבן גענומען שמייסן איבער די שוואַרצע שויבן. באַרקוס האָט אָנגעצונדן ליכט

און גענומען אַ צעטראָגענער זיך אַרומרעדלען איבער זיין אָפּגעלאָזענער, טוכלער סטודיאָ.

פון אַלץ אַרום האָט געאָטעמט מיט אַלטקייט, מידקייט און שימל. דער סופיט, אַ נידעריקער, איז געלעגן איבערן קאָפּ. אויף די ווענט זיינען געהאַנגען פאַרשטויבטע מאָלערייען. אין מיטן צימער — אַ לאַנגער, שמאָלער, הילצערנער טיש, וואו עס איז געווען אָנגעוואָרפן אַלטע „פּאַלעטס״, פאַרטריקנטע פאַרבן־בערשטלעך, אַ קעסטל מיט פאַרדאַרטע פאַרבן, אַלטע זשורנאַלן, אַ טענצערינס ווייכע, לייב־קאָליר שיכלעך, אַ בלאָנדער פרויען־פּאַריק פון אַ באַרימטער אַקטריסע, און גריכישע פּאָטאָ־גראַווירן. אין אַ ווינקל — אָנגעוואָרפן מאַרמאָרנע ווענוסן, מאָדעלן פון פאַרצייטיקע לאָמע געטער, אַ שטיינערנע מאַלפּע, אָן אייזעלע אויף דריי פיס. זיי אַלע זיינען געלעגן צוזאַמענגעהורבעטע, צוזאַמענגעדריקטע, שטיל, רואיק, פאַרגליווערטע, ווי הרוגים אויף אַ שלאַכטפעלד. אין אַ צווייטן ווינקל, האַרט ביים אָנגעפּשאָלטענעם סופיט — אומגעהויער־גרויסע הירשענע הערנער, און אונטער דעם אַ הילצערנער פיר־קאַנטיקער שטייג — די היים פונעם פּאָפּוגאַי, רעמבי.

דער אַלטער באַרקוס האָט אַ שטויס געטאָן זיין מגושמדיקן, אויבערשטן טייל פון קערפּער פאַראויס, גענומען אַרבעטן שווער איבער די שטול־רעדער מיט זיינע לאַנגע, ווייכע הענט, און זיך געלאָזט אין ווינקל, צו זיין גוטן אַלטן פריינט, צו זיין „רעמבי״, וועלכן ער האָט גערופן נאָכן האָלענדישן גאָניאַלן מאָלער רעמבראַנדט.

דער פּאָפּוגאַי רעמבי איז, ווי זיין באַלעבאָס, געווען אַלט, אָפּגעפליקט און קראַנק. זיינע אַמאָליקע גרינע און גאָלדענע פעדערן, וועלכע האָבן געגלאַנצט ווי זיידנס אויף דער שיין, זיינען געווען היפּש אָפּגעקראָכן, אָפּגעבליאַקעוועט, מיט אַ קאָליר פון אַש. רעמבי האָט אָפּט אומצופרידן געבורטשעט און נאָכגעקרימט וואָס דער אַלטער באַרקוס זאָגט. צייטנווייז האָט דער פּאָפּוגאַי אַריינגעשטופּט זיין האַלב־קיילעכדיקן, מעמפּן שנאָבל אין זיינע אַשיקע, לויזע פעדערן, געגראָבן זיך דאָרט און געפּיקט, ווי ער זאָל זיך וועלן צו עפּעס דערגרונטיקן.

דער רעגן אין דרויסן האָט שטאַרק געגאָסן. דונערן האָבן זיך גע־קייקלט. מיט יעדן דונער ציטערט רעמבי אויף, רייסט זיך אויף זיין גרעגער, אַזש פאַרטויבט צו ווערן... באַרקוס האָט זיך צוגעשלעפּט צו זיין קראַנקן פויגל, גענומען אים איינשטילן, גלעטן, אַרויסגענומען פון אַ טאַש

קערנער און אים געגעבן. באַרקוס שטעלט אים אונטער זײַנע װײכע, געשװאָלענע פֿינגער צו פּיקן, רעדט צו אים שפּאַסיק: — דו, אַלטער קאַנאַריק, װאָס, עס געפֿעלט דיר ניט דער געװיטער?... נו, און מיך גלײַכסטו, רעמבישו?... —

— גודי, גודי, באַרקי! — האָט דער פֿױגל אַרױסגעקרעקעט מיט אַ צוגעלעגערט קול. אַ חוזק־געלעכטערל בליט־אױף אױף באַרקוסעס צעקנײטשטן, גרױען פּנים. ער פֿאַרשאַרט אַהינטערצו זײַנע װײסע, צעפּאַטלטע האָר און שיסט אַרױס: — כאַ, כאַ, כאַ, זאָגסט אַ ליגן, דו אַלטער חניפֿהניק!... װאָס פֿאַר אַ הנאה קאָן מען האָבן, װען מען קוקט אױף אַן אָפּגעלעבטן, פֿאַרשימלטן פֿאַרשױן, װאָס שטײט שױן מיט אַ פֿוס אין קבר?!...

די טיר האָט פּלוצים מיט אַ סקריפּ ברײט אױפֿגעפּראַלט און ס'איז אַרײַנגעקומען אין סטודיאָ אַ געװיקסיקע, שטײפֿע פֿרױ מיט אַ בײזן פּנים. זי האָט אַרײַנגעבראַכט אַ זעקל שפּײַז, אַ בריװ און אַ גרױסן פּאַקעט. זי האָט די אַלע זאַכן אַװעקגעלײגט אױפֿן פֿאַרשטױבטן הילצערנעם טיש מיט אַזאַ קאַלטער, גלײַכגילטיקער מינע, גלײַך װי זי זאָל צו דעם צוגעבן: — נאָ, װאַרג זיך מיט דעם אַלעם! — און ניט געבנדיק אַפֿילו אַ קוק אין יענעם װינקל, װאו באַרקוס איז געזעסן, האָט זי זיך װי אַ זעלנער אױסגעדרײט און איז אַװעק.

דער אַלטער באַרקוס האָט זיך גלײַך גענומען רעדלען צו די אַרײַנגעבראַכטע זאַכן. צוערשט האָט ער אױפֿגעריסן דעם בריװ און גענומען לײענען. ער לײענט, קװעטשט מיט זײַן הױכן, טיף־געפּאַלדעװעטן שטערן און פֿאַרשטײט ניט, צי מען מײנט עס אים אָדער עמעצן אַנדערש, אָדער אפֿשר װיל מען אים אָפּטאָן אַ שפּיצל. ער לײענט דעם בריװ נאָכאַמאָל, קוקט אױס — מען מײנט טאַקע אים. ער האָט מיט זײַנע ציטערנדיקע, שמוציקע הענט, מיט גרױס מאַטערניש, פֿאַרנאַנדערגענומען דעם פּאַקעט. יאָ, ס'איז טאַקע זײַנס אַ בילד, װאָס ער האָט נאָך געמאָלן מיט אַ יאָר פֿופֿצן צוריק. און באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, אַז זײַן לאַנג־יאָריקער פֿרײַנט סטאַשאָװ, אױך אַזאַ אומגליקלעכער קינסטלער װי ער, האָט מיט אַ צײַט צוריק גענומען בײַ אים דאָס בילד און עס אַרײַנגעגעבן אױף אַן אױסשטעלונג. איצט האָט מען אים דאָס בילד אָפּגעשיקט און מען לױבט עס אין הימל אַרײַן, װי אַ גרױס מײַסטערװערק. אױסער דעם, װערט אים פֿאַרשפּראָכן אַ היפּשע פּרעמיע.

אַן איראָניש, ביטער שמײכל האָט זיך צעגאָסן אױף זײַן צעקאַרבטן

פּנים. ער האָט מיט גרויס מי, שווער אָטעמענדיק, צוגערעדלט זיך צו זיין דריי־פּיסיקן שטענדער, אַוועקגעשטעלט זיין באַרימט־געוואָרן בילד און לאַנג אויף דעם געקוקט מיט זיינע גרויסע, פייכטע אָדלער־אויגן. און ער האָט געזען: אַ לויטערער הימל, קליינע ווייסע וואָלקנדלעך שוועבן אין הימל; אונטן פליסט אַ טייכל, און ביים ברעג טייכל ליגן אויסגעצויגן צוויי געליבטע... אַן אַנגסטן־שווייס איז אים באַפאַלן. ער האָט זיך אויסגעווישט די אויגן, ווידער שטאַר געקוקט און מיט כעס אַרויסגעשריגן: — סענימענטאַלער קוואַטש!... פּאַר אַ נאַריש, באַנאַל בילד גיבן זיי אַ פּרעמיע!... — און דער פאַרשלאָפענער רעמבי האָט אַרויסגעהאָלפן זיין באַלעבאָס: „קוואַטש, קוואַטש!...“

באַלד האָט זיך באַרקוס געגומען שאַרן אין זיין רעדל־שטול אַרום די אַלטע, אָנגעשפּאָלטענע בייכיקע ווענט פון זיין סטודיאָ און מיט שטאַרע אויגן געקוקט אויף זיינע פאַרשטויבטע, ברודיקע, אַלטע בילדער. אָט זעט ער עטלעכע זיינע נישט־פאַרענדיקטע, פאַרלעגערטע קאַנוועס, וואָס האָבן דערמאָנט מער אָן גרוי־גרינעם שימל, ווי אָן אויל־בילדער. און באַלד איז ער ביי אַ וואַנט פון זיינע פּשוטע ערלעכע מענטשן — קוילן־גרעבער, ערד־אַרבעטער, „שער־קראַפּערס“, אייזן־גיסער, בעטלער, געפאַלענע פרויען און סתם איינזאַמע מענטשן. אָט די בילדער זיינען געווען זיינע שטומע פריינט. ער זעט אין זיי אַזויפיל קראַפט, אַזויפיל קאָליר, אַזויפיל העלדיש־קייט. ער שטעלט זיך אָפּ ביי יעדן בילד און קוקט מיט ליבשאַפט און טרויער, ווי אויף אַ פאַריתומט, פאַרלאָזן קינד. פון אַ סך פון די בילדער האָט זיך שוין די פאַרב געשיילט, ווי אַ קראַנקע הויט, וואָס נעמט זיך צעפאַלן; די ראַמען — אָפּגעשפּאָלטן, די ווינקלען פאַרוואַקסן מיט ליי־שייעס. אָט רעדלט ער זיך פאַרביי אַ צאָל בילדער מיט פיר־פּיסיקע און צוויי־פּיסיקע חיות. און ער דערמאָנט זיך, אַז אין אַ געוויסן פּעריאָד האָט ער געוואָלט אויסדריקן דעם געדאַנק, אַז אַ מענטש איז געגליכן צו אַ חיה, און דער סוף איז בייביידן דער זעלבער — אַן עקלהאַפטער, אַ מיזע־ראַבלער... ער פאָרט פאַרביי אַ גרופּע אויסטערלישע, טרוקענע בילדער און עס קומט אים אויפן געדאַנק, אַז אין אַ געוויסער צייט איז ער געווען באַווירקט פון די פראַנצויזישע אימפּרעסיאָניסטן, ווי רענואַר, מאָנעי און סעזאַן. אָט שטעלט ער זיך אָפּ ביי אַ נאַטור־גרויסן פּאָרטרעט פון זיין יונגער, גראַציעזער פרוי. זי איז אין בלויען סאַמעט געקליידט, מיט שוואַרצע, ברייטע אַרבל. ער קוקט פאַרגאַפט אויף אירע געפלאָכטענע,

בלאָנדע צעפּ; אויף אירע בלויע אויגן, ווי לויטערע שטיקלעך הימל; אויף איר קליינע, ראָזע אויערן, מיט גרויסע, בלויע אויער־רינגען, ענלעך צום קאָליר פון אירע אויגן. און ער טראַכט: זי איז דאָ פאַרבליבן אייביק־יונג, צאַרט, צעבליט, ווי אַ פּולע, רייפע בלום. און אָט איז ער ביי אַ בילד פון אַ יונגער, שלאַנקער באַלערינע, אַן אונטערגעשאָרענע, מיט ליכטיקע, קרישטאָלענע אויגן, אין אַ קורץ קליידל פון ווייסן טיול, מיט דינע, געטאָקטע פיסלעך. און דערביי העגגט אַ בילד פון אַ ברודנעם, קאָלטענעוואָטן וואָגל־הונט מיט אַן אָפּגעפּליקטן אויער. און באַרקוס טראַכט: זיי זיינען שוין ביידע לאַנג טויט און פאַרגעסן.

און באַלד האָט ער זיך צוגערעדלט צו אַ צאָל רעפּראָדוקציעס זיינע פון רעמבראַנד, וואַן־גאָג, אינגרעס, קאָראָט און מאָנעט. און ער טראַכט: גאָט מיינער, אַזעלכע געניאַלע קינסטלער ווי וואַן־גאָג און קאָראָט האָבן זייער גאַנץ לעבן געליטן הונגער און נויט, קיין איינציק בילד זייערס איז ניט פאַרקויפט געוואָרן פאַר זייער לעבן. אויך דער געניאַלסטער פון אַלע מאָלערס, רעמבראַנדט, האָט אויף זיינע עלטערע יאָרן געליטן הונגער, בושה און נויט. און ער טראַכט ביי זיך, אַז געליטן האָבן די אַלע מאָלער, אַזוי גוט ווי ער, פאַר דעם, וואָס זיי האָבן געזוכט אין לעבן דעם תמצית, דעם אמת; דערפאַר, וואָס זיי האָבן געשאַפן זאַכן, ווי זיי האָבן עס געזען און נישט ווי מען האָט עס ביי זיי באַשטעלט.

און אָט האָט ער זיך צוגעקייקלט צו זיינע זעלבסט־פּאָרטרעטן, — געמאָלן נאָך אין די יונגע יאָרן. ער זעט פאַר זיך אַ הויכן, שטאַלטנעם מאַן מיט אַ ליכטיקן, שטראַלנדיקן פּנים, מיט גרויסע, גליענדיקע אויגן און פּראַכטפולע קודלעס שוואַרצע האָר. באַרקוס כאַפּט אַ בליק אין דעם גרויסן אָוואַל־שפּיגל און ער זעט: ווייסע, צעשויבערטע האָר, אַ צע־קנייטשטער, האַרטער, ביבליש־נביאישער פּנים, מיט רויטע, גרויסע אויגן, אונטער וועלכע עס הענגען אַרונטער היפּשע, גרויע טרויבן־בינטלעך. קאָלטע טרערן האָבן זיך גענומען קייקלען אויף זיינע צעאַקערטע באַקן, און טיף אין זיך האָט ער געלאַכט מיט אַ גאַליקן געלעכטער: איצט, ווען איך בין שוין זעקס־און־זיבעציק יאָר אַלט, קאָן שוין מער קיין פּינזל אין האַנט ניט האַלטן, ווען אַלץ אין מיר איז אויסגעזויגן געוואָרן, פּוסט און פאַרברענט, גיבן זיי מיר אָנערקענונג!... און פאַרוואָס? — גראָד פאַר אַ נאַריש, סענטימענטאַל בילד. צום טייוול מיט אַזאַ מענטשהייט! צום טייוול!...

און דער פּאָפּוגאַי רעמבי האָט אונטערגעכאַפּט און געגראַגערט:
טייוול, טייוול!...

אין דרויסן איז נאָך אַלץ דער רעגן געפאַלן און געפּויקט מיט גרויסע,
קרומע טראָפּנס איבער די שוואַרצע שויבן.

* * *

דער אַלטער באַרקוס איז געווען דערשעפּט פון דער פּלוצלונגער
איבעררעשונג. ער האָט אַרייגעצויגן זיין גרויסן, באַוואַקסעטעם לייבן־קאָפּ
אין זיינע אָנגעשפּיצטע אַקסלען, זיך איינגענורעט אין זיין מאַסיוון רעדל־
שטול און איז אַנדרעמלט געוואָרן...

פראַגמענטאַרע דערינערונגען פון די פאַרלאָפענע יאָרן טויכן פאַר אים
אויף. אָט זעט ער זיין קלאַס־צימער אין פּאַבליק־סקול. ער מאָלט היגטע־
לעך און פערדעלעך, — די לערערין שלאָגט אים איבער די הענט און אַלע
קינדער לאַכן. עס קומט אים אויפן זכרון, ווי ער אַרבעט אין אַ באַנק. ער
האָט אויף זיין שרייבטיש אָנגעצייכנט אַ קאַריקאַטור פון דירעקטאָר, —
האָט מען אים דערפאַר אַנטזאָגט. און אָט שטייען פאַר אים די לאַנגע,
זוניקע, זומערדיקע טעג, ווען ער פלעגט אויפשטיין פאַרטאָג, אַרויפוואַרפן
עטלעכע קאַנוועס מיט אַן „איזל" אויפן רוקן, אַוועקמאַרשירן הינטערן
שטאָט און מאָלן ביז זון־אונטערגאַנג, און אויסגעקומען איז ער דאַן מיט
שוואַרץ־ברויט און שוואַרצע קאַווע. עס דערמאָנט זיך אים, ווי מען האָט
אָנגענומען זיינע בילדער אויף אויסשטעלונגען, מען האָט געשריבן עטלעכע
גוטע ווערטער וועגן אים אין די צייטונגען, אָבער זיינע בילדער האָבן זיך
ווייניק־וואָס פאַרקויפט, און עס האָט זיך אויסגעלאָזן מיט גאָרנישט. און אָט
קומען אים אויפן געדאַנק זיינע וואַנדער־יאָרן אין דער שווייץ, אין איטאַליע,
און זיין לעבן אין פּאַריז. אַ פריילעכע צייט איז עס געווען: באָהעמישקייט,
קאָנצערטן, באַלעט־פּאַרשטעלונגען, בילדער־אויסשטעלונגען, קאַפע־שאַנ־
טאַן נאַכט־וואַנדלונגען, בלומען־ריחות און עלעגאַנטע פרויען, גלעזער־
געקלאַנג, לייכטזיניקייט. טאָג און נאַכט פאַרבראַכט אין די קאַפעס צווישן
קינסטלער. מען פלעגט אים זאָגן: באַרקוס, ביסט אַ מאָלער מיט אַ פעסטן,
זיכערן טאָן און מיט אַ שאַרף אויג פאַר ניואַנסן, אָבער פאַר וואָס מאָלסטו
אַלץ די שאָטנדיקע זייט פון לעבן, — די שווערע אַרבעטער און די פּשוטע
מענטשן? און באַרקוס פלעגט זיי ענטפערן: איך זוך אין לעבן דאָס
אייביקע, דאָס אומעשטערבלעכע, דעם אמת. און וויסן זאָלט איר, אַז יעדער

אמת איז שיין און דערהאַבן, ניט געקוקט אויף דעם, ווי אַפּשיילעך עס מעג אייך אויסזעז.

* * *

עס האָט ווידער געגומען בליצן. אַ בלויע שיין האָט זיך אַריינגעריסן דורך די שוואַרצע שויבן און באַלד נאָך דעם זיינען ווידער געקומען פאַר־טויבנדיקע דונערן און האָבן צעשטערט די טויטע, אומעטיקע שטילקייט אין סטודיאָ.

דער פּאַפּוגאַי — רעמבי — האָט ווידער גענומען שרייען: נאָ גוד, באַרקי!... נאָ גוד!...

דער אַלטער מאָלער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין דרימל, זיך גע־רעדלט צום פויגל און געברומט מיט אַ הייזעריקער שטימע:

— דו האָסט געהערט די דונערן, דו צעקנאָדערטער קאַנאַריק? — דאָס זיינען דעם טייוולס טריאומפאַלע „רעקוויעם"־קלאַנגען... פּאַרשטייסט, רעמבישו, פריינט מיינער? — דער דעמאָן מיט די שפּיציקע הערנער שטייט און וואַרט שוין אויף מיר מיט דיר!... מיר וועלן אין גיכן אָפּגעמעקט ווערן, און ביידע גלייך פאַרגעסן ווערן... יאָ, — איך האָב געחלומט, גע־טרוימט, געוואָלט מיינע קראַנקע העלדן איינהילן אין זוניקן ליכט, אַרויפ־ציען אויף זיי גאָלדענע מלבושים; געוואָלט אין זיי אַריינבלאָזן שטיקער פלאַמענדיקע נשמה... יאָ, געוואָלט... געדראַפּעט זיך אויפן לייטער און צו דעם ריכטיקן שטאַפּל ניט דערקראָכן... און איצט איז שוין אַלץ איינס, — יאָ דערגאַנגען, ניט דערגאַנגען. דער סוף איז דער זעלבער סיי פאַר די דערפאָלגרייכע און סיי פאַר טויגעניכטסן...

און מיטאַמאָל איז דער אַלטער באַרקוס געוואָרן רואיק, זיך איינ־געשטילט ווי נאָך אַ שטורעם. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיט זיינע ווייסע קודלעס, גלייך ווי ער זאָל וועלן עפּעס פון זיך אָפּשיטן.

— הער נאָר, רעמבושי, אַלטער פריינט מיינער! — האָט ער רואיק געזאָגט. — זייער אָנערקענונג דאַרף איך ניט!... איך וויל ניט זיי זאָלן זיך איזדעקעווען איבער מיינס אַן אומשולדיק, נאַריש בילד!... סיי־ווי־סיי איז עס צו שפּעט געקומען!... זאָל איך, רעמבושי, טייערער, דאָס בילד פאַר־ברענען?...

— ברענען, ברענען!... — האָט זיך דער פויגל הויך צעקראַקעט.

דער אַלטער מאָלער האָט זיך צוגערעדלט צו זיין ערשט באַרימט־

געוואָרן בילד, געטאַפּט עס ווי אַ לעבעדיקן וועזן, לאַנג אויף דעם געקוקט, און נאָך דעם האָט ער מיט ציטערנדיקע הענט אָנגעצונדן די קאַנווע.

אַ דינער רויך, ווי טונקעלע שטיקלעך וואַטע, האָט זיך גענומען שלענגלען אַרויף, און באַלד איז דער רויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גאָלדענע און בלויע פייער־ווערים. די סטודיאָ האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעפילט מיט אַ ביטערן רויך.

אין ווינקל, אין דעם אָפענעם הילצערנעם שטייג, האָט זיך נערוועז גע־וויגט דער קראַנקער, געשוואָלענער פּאָפּוגאַי. ער האָט געקוקט מיט זיינע מוטנע, בלייענע אויגן אויף זיין באַלעבאָס, געשטיקט זיך פון רויך און געקראַקעט ביז טויב צו ווערן: — „רויך, רויך, רויך!...“

אין דרויסן האָט לאַנג, לאַנג געגאָסן דער רעגן און געקלאַפּט מאָנאָטאָן און טרויעריק אין די טריבע, שוואַרצע שויבן.

1943.

# מלאכים זינגען שירה

(נאָוועלעט)

דער אינזשענער ליכטמאַן איז שוין זייער נאָענט צו די פּופּציקער. ער איז הויך, שטאַלטנע, מיט אַ פּרידלעכן, אַביסל פֿאַרחלומטן, אָפֿענעם פּנים, נעט געקליידט. אין זיין דיקער טשופּרינע שוואַרצע האָר הויבן זיך שוין אָן דורכשטרייפֿן עטוואָס גראָע פֿאַסמעס און ביי די שלייפֿן איז שוין היפּש גרוי. און כאָטש דאָס גיט אים צו אַ דערהויבענעם, אייגנאַרטיק־סאָלידן אויסזען, דאָך איז אים שוין פֿאַר אַ לענגערער צייט שווער און טרויעריק אויפֿן האַרצן. ספּעציעל אין די אָוונטן, נאָך אַ טאָג אינטענסיוו־אָנגעשטרענגטע קאָפּ־אַרבעט, מאַרשירט דער אינזשענער ליכטמאַן אַרום אַ פֿאַרחלומטער, אַן אומהיימלעכער אין זיין באַקוועמען, געשמאַקפֿול־מעבלירטן צימער, פֿון וואַנען עס זעט זיך אַרויס דער סענטראַל פּאַרק, רויכערט גוטע סיגאַרעטלעך און טראַכט. ער טראַכט פֿון זיינע פֿאַרלאָפֿענע קינדער־יאָרן אין דער שטאָט קיעוו; פֿון די ברוטאַלע פּאָליציייִשע נאַכט־אַבלאַוועס; פֿון דעם קיעווער שוידערלעכן פּאָגראָם; ווי שווער עס איז אים אָנגעקומען, אַלס ייִד, אַריינצוטרעטן אין דער שטאָטישער גימנאַזיע; פֿון זיין פֿאָטערס פּלוצימדיקן טויט, און פֿון זיין עמיגראַציע קיין אַמעריקע.

און באַלד קומט אים אויפֿן געדאַנק זיין ערשטע נאַאיווע ליבע. ער איז דאַן געגאַנגען אין לעצטן קלאַס גימנאַזיע. ער האָט דאַן ליב געהאַט אַ מיידל אַ קורסיסטקע, אַ פּראָווינציאַלקע — פֿון מאָהיליאָוו. אַ מיידל איז זי געווען אַ ברייט־פּלייציקע, מיט בוילעטע געזיכטציגע, ניט איבעריקס קיין שיינע, אָבער דערפֿאַר אַ באַלערנטע און אַן אינטערעסאַנטע. צו דער מאָהיליאָווער מיידל פֿלעגט אַריינקומען נאָך אַ קורסיסטקע, אירע אַ חברטע. די חברטע איז געווען אַ שוואַרצינקע, אַ דראָבנע, מיט בלישטשענדיקע אויגעלעך און מיט פֿאַרשפּיצטע גלידער. געוואוסט האָט ער, אַז די שוואַרצינקע קורסיסטקע האָט אַ רייכן חתן, אַן אַפּטייקער, מיט אַן אייגענעם

אַפּטייק טאַקע אין מאָהיליאָוו, וועלכער האָט זי אויסגעהאַלטן אויף די קורסן. מאַכט זיך אַמאָל, און ער דאַרף שפּעט אין דער נאַכט אָפּפירן אָט די שוואַרצינקע קורסיסטקע אַהיים, און עס האָט זיך ביי זיי פּאַרקניפּט אַ ראָמאַן. ער האָט זיך מיט איר באַגעגנט יעדן אָוונט ביז זיין אַוועקפאָר קיין אַמעריקע, זיך איר דערקלערט אין ליבע, און זי האָט צוגעשטימט מיט אירע לאַכנדיקע, בלישטשענדיקע אויגעלעך. ער געדנקט באַך, עד־היום, ווי ביי דער באַן אין קיעוו זיינען, ביי זיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע, געווען אים באַגלייטן זיינע נאָענטסטע פיר פּערזאָן. צווישן זיי איז אויך געווען זיין שוואַרצינקע, דראָבנע געליבטע, מיט וועלכער ער האָט זיך הייס און געטריי צעזעגנט. ער האָט דער שוואַרצינקער קורסיסטקע געשריבן ליבעס־בריוו יעדן טאָג פון וועג, געשריבן שפּעטער פון ניו־יאָרק, אָבער קיין ענטפער פון איר האָט ער ניט באַקומען.

איצט, אויף דער עלטער, ווען דער פּאַרחלומטער, שטאַלטנער ליכט־מאַן אַנאַליזירט אָט יענע נאַאיווע ליבע זיינע מיט דער שוואַרצינקער, קומט ער צום באַשלוס: אָדער זי האָט געוואָלט אָפּטאָן איר חברטע אַ שפּיצל, אָדער זי האָט גלאַט געוואָלט אויספּרובירן איר כח אויף אַ מאַנסביל. יעדנפאַלס, קיין ערנסטע „ליובאָוו“ איז דאָס ניט געווען.

און באַלד קומט אים אויפן געדאַנק אַ צווייטע ליבע זיינע. ער איז שוין דאַן געווען אין אַמעריקע. בייטאָג געאַרבעט אין אַ דרוקעריי און ביינאַכט באַזוכט „קופּער־יוניאָן־אינסטיטוט“. ער האָט דאַן געוואוינט אין בראָנזוויל, אויף פּיטקין עוועניו. ער האָט זיך צופעליק באַקאַנט, טאַקע אויף פּיטקין עוועניו, מיט אַ קאָקעטיש־צוציענדיקער, יונגער, אַמערי־קאַנער־געבאָרענער מיידל. זי איז געווען אַ רונדע, אַ פּוכלע, מיט קאָש־טאַנע האָר, מיט געפּאַרבטע ליפּעלעך, מיט אונטערגעצויגענע שוואַרצע וויעס און מיט חן־גריבעלעך אויף די פּוכלע, אָנגעפּוידערטע באַקן. עס פלעגט פון איר כסדר טראָגן מיט אַ ריח פון ביליקע פּאַרפיומען. זי איז געווען ניט קיין באַרעדעוודיקע, און אויף אַ פראַגע פלעגט זי ענטפערן מיט אַ פּאַרפירעריש שמייכעלע. זי איז געווען פון יענע מיידלעך, וואָס מען האָט אין יענע צייטן גערופן אַ „גרענד־סטריט־גוירל“.

דער הויכער, שטאַלטנער ליכטמאַן, אַליין אַן ערנסטער, געבילדעטער, לירישער מענטש, האָט גראָד ליב באַקומען אָט די אָנגעמאָלטע, אַנימאַלע מיידל מיט די צוציענדיקע חן־גריבעלעך. ער האָט זי געוואָלט אויסבילדן, איבערדערציען, אַרויסהויבן זי צו זיין ניוואָ. זי פלעגט וועלן גיין אין אַ

טאַנץ־זאַל, אין אַ וואָדעוויל, צו זען אַ „סלעפּסטיק־פּיקטשע". אָבער ער פלעגט זי נעמען צו ערנסטער דראַמע, צו סימפאָנישע קאָנצערטן, און אַמאָל אַפילו, ווער ער האָט געהאַט געלט, אין מעטראָפּאָליטאַן אָפּערע. ווען ס'איז אָנגעקומען דער ווינטער, האָט ער באַמערקט, אַז זיין אַמעריקאַנער מיידל גייט אין אַ לייכטן מאַנטעלע און פרירט נעבעך. ער האָט אַנטליען ביי זיינעם אַ פריינט פופצן דאָלער און געקויפט איר אויף דיוויזשאַן סטריט אַ וואַרעמען, ברוין־פאַרפלדיקן מאַנטל. איינמאָל, אין אַ געוויסן זונטיק, איז ער געקומען, געוואָלט זיין אַמעריקאַנער מיידל אויסנעמען צו אַ קאָנצערט, האָט זיך איר פאָטער צעוויינט און אים דערציילט, אַז זיין טאָכטער איז אַוועק, אָן אַ זיי־געזונט, מיט אַן אַנדער בחור, און האָט חתונה געהאַט. ליכטמאַן געדענקט נאָך גאַנץ גוט, אַז נאָך דער אַנטוישונג האָט ער זיך אַ לאַנגע צייט געפילט דערנידעריקט, דערשלאָגן, און פאַרלאָרן דעם צוטרוי צו פרויען און צו ריינער ליבע.

צו יענער צייט האָט דער יונגער ליכטמאַן געענדיקט „קופּער־יוניאָן". ער איז נאָך דאַן געווען שלאַנק, הויך און קרעפטיק, מיט אַ דיקער טשופּ־רינע שוואַרצע האָר, מיט אַ שטראַלנדיקן, אָפענעם, גלאַטן פנים און מיט גרויסע, פאַרחלומטע, בלויע אויגן. כדי צו פאַרגיטיקן זיינע ליבעס־דורכפאַלן, האָט ער זיך מיט זיין גאַנצן יוגנטלעכן ברען אַריינגעוואָרפן אין זיין פּראָפעסיע. ער האָט געאַרבעט פאַר דער שטאָט. ער האָט געהאָלפן בויען די נייע סאָבווייס און געהאָלפן פּלאַנירן נייע וועגן און פאַרקס. ער האָט זיך אויסגעצייכנט; איז געוואָרן אַ הויפּט־אינזשענער, אַן אָנפירער אין גאַנצן דעפּאַרטמענט. מאַטעריעל איז ער געווען פאַרזאָרגט. ער האָט זיך דערוואָרבן אַ סך פריינט; פלעגט באַזוכן די בעסטע קאָנצערטן; געווען אַ שטענדיקער באַזוכער אין דער אָפּערע, און אויך געטאָן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

אָט אַזוי, צווישן זיינע פּראָפעסיאָנעלע טועכצן און געמיטלעכע פאַר־ווײַלונגען, זיינען ביי אים אַוועקגעלאָפן די יאָרן, אַוועק אין גרענעצלאָזן אָקעאַן פון אייביקייט, און ער האָט גענומען פילן, אַז זיין לעבן איז פאַרלאָפן פוסט און אינהאַלטלאָז.

איבערהויפּט פילט זיך דער טרוימערישער ליכטמאַן אומהיימלעך און דערשיטערט, ווען ער בלייבט מיט זיך אַליין. ער גייט צו צום שפּיגל, קוקט שטאַר און באַמערקט, אַז אויסער די גרויע פאַסמעס האָר פאַרמאָגט ער טיפע פאַלדן לעבן די נאָזלעכער און טונקעלע רינגען אונטער די אויגן.

ער הויבט אָן נערוועז אַרוממאַרשירן אין זיין געשמאַקפול־אויסגעשטאַטן צימער, רויכערט איין סיגאַרעטל נאָכן אַנדערן און טראַכט: וואָס אַזוינס האָב איך אויפגעטאָן?... וועמען האָב איך איינגעטיילט מיט פרייד?... וועמען האָב איך גליק געגעבן?... וועמען האָב איך באַרואיקט?... מיין לעבן איז געווען אַ טאָג־טעגלעך אויסגעטראָטענער, יעדן טאָג געגאַנגען אין דער זעלבער צייט אין סאָבווי, געליימט די זעלבע ציַיטונגען, איבער־געקוקט די זעלבע טויטע צייכענונגען, געגעסן אין די זעלבע רעסטאָראַנען, צוגעהערט די זעלבע אויסגעדראָשענע וויצן, אין די זונטיקס געפאָרן כאַפּן פיש אָדער געגאַנגען מיט באַקאַנטע צו קאָנצערטן, און צום סוף אַוועק אַהיים אַן איינזאַמער, אַן אויסגעליידיקטער...

ליכטמאַן האָט געהאַט אַ סך געלעגנהייטן צו הייראַטן, ווי יעדער איינער, נאָר זיינע אַנטוישונגען אין פרייען, זיינע ניט־געלונגענע יוגנט־ליבעס, דערצו — וואויבנעדיק שטענדיק ביי פרעמדע מענטשן, האָט ער אָפּט צוגעזען ווי מאַן און ווייב קריגן זיך אַרום, געוואוסט פון אַ סך באַנאַלע, פוסטע ליבעס, — דאָס אַלץ האָט אים אָפּגעהאַלטן פון צו הייראַטן.

אין זיין צוריקגעהאַלטענעם, באַשיידענעם לעבן, האָט ער כמעט פאַר־געסן דעם טעם פון די זיסע, אומרואיקע מינוטן, ווען מען דערוואַרט אַ געליבטע. ער האָט אַפילו ניט פאַרזוכט דעם טעם פון דער באַרוישנדיקער, זיגערישער ליידנשאַפט...

אָפּט, זייער אָפּט, קומט אים אויפן געדאַנק איין ליבעס־פּאַסירונג זיינע. אַ גליענדער, זיסער געפיל כאַפּט אַרום אַלע זיינע גלידער, ווען ער גייט דורך אין זיין זכרון די אַלע איינצלהייטן פון יענער פריידיקער צייט. דאָס איז שוין אויך געשען מיט יאָרן לאַנג צוריק. ליכטמאַן איז דאַן געווען אין די אָנפאַנג דרייסיקער, און נאָך אַלץ פאַרמאָגט אַ היפּש ביסל יוגנט־גלאַנץ. געוואוינט האָט ער ביי אַ פאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַן אויסגעדאַרטן, הויכן מאַן, אַ יונגער, בליענדיקער פרוי, און אַ מיידעלע פון אַ יאָר דריי. מערקווירדיק, ווי נאָר ער האָט דערזען זיין יונגע באַלעבאָסטע (ריטאַ האָט זי געהייסן), האָט ער זיך אין איר פאַרליבט. זי איז געווען אַ ציגיינעריש־שוואַרצע, פון מיטעלן וואוקס, מיט געקרייזלטע, שוואַרצע־ווי־פעך האָר, מיט דיקע אַקסלען, מיט אַ לענגלעך פּנים, מיט אַן אויסגעטאָקט דין נעזל. עס האָט אויסגעקוקט ווי איר נעזל מיט די שוואַרצע, טיפע אויגן, וואָס זי האָט פאַרמאָגט, האָבן שטענדיק פאַרשפּרייט חן און פריילעכ־קייט. ער דערמאָנט זיך, ווי אינטערעסאַנט עס איז געווען מיט איר צו

פאַרברענגען, ווייל זי איז געווען אַ קלוגע, אַ באַלעזענע און אַ פּראָגרעסיווע. ווי פריידיק זי האָט געלאַכט! — אַלע ווינקלען אין הויז פלעגן דאַן אַזש מיטלאַכן און אָנהויבן לויכטן. ווי אויפפלאַמען פלעגט אין אים יעדער גליד זיינס, בעת ער פלעגט זיך צוזאַמענטרעפן מיט אירע טיפע, שוואַרצע אויגן. מיט וואָס פאַר אַ פרייד ער פלעגט צוהערן, ווי זי צעלאָזט זיך זינגען, אויף אַ גאַנץ הויכער אָקטאַווע, אַפּערעטישע אַריעס. זי האָט פאַרמאָגט אַ גאָלדיקע מעצאָ־סאָפּראַנאָ שטימע, און עס פלעגט פון אירע טרעלן טריפן מיט אַזאַ מתיקות, גלייך ווי אַ מלאך אין גן־עדן וואָלט זיך צעזונגען. ער פלעגט פון גרויס געַנוס צומאַכן זיינע אויגן, און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער פליט אין די בלויע הימלען און אַז גאָלדענע גלעקער קלינגען און מלאכים זינגען שירה...

שווער איז אים געווען אויפן האַרצן, ווען ער האָט באַשלאָסן די הויז צו פאַרלאָזן. מאַנאַטן לאַנג איז ער אַרומגעגאַנגען אַ מעלאַנכאָלישער, אַ דערשלאָגענער.

דאָס ערגסטע איז, וואָס ער האָט דער פרוי ריטאַ קיינמאָל אַפילו ניט געגעבן אָנצוהערן וועגן זיין ליבע. האָט זי כאָטש זיך אָנגעשטויסן? האָט זי כאָטש באַמערקט ווי ער באַוואונדערט זי? ווי ער שלינגט יעדן טראָט אירן?...

און באַלד האָט פאַר אים אויפגעטויכט יענער אָנפאַנג זומער, ווי ער מיט ריטאַן זיינען געפאָרן אין זיין מאָטאָר־שיפל אויפן האָדסאָן. ער — אין אַ ווייסער, זיידענער העמדל, מיט אַ מאַרינערס בלויע קעפּקע אויף די צעשויבערטע האָר — איז געזעסן ביים רודער און מיט אַ זיכערער האַנט לייכט דורכגעשניטן דעם קוים־באַוועגלעכן האָדסאָן. און ביי זיין זייט איז געזעסן די ציגיינעריש־שוואַרצע, לוסטיקע ריטאַ אין אַ לויזער, לייכטער, ווייסער קלייד, מיט רויטע שטרייפן דורכגעהאַפטן.

ס'איז געווען פון יענע זומערדיקע, וואַרעמע טעג, וואָס באַרוישן און באַצויבערן יעדן לעבעדיקן וועזן; ווען אַלצדינג אַרום גרינט און דופטעט. דער האָדסאָן איז געווען בלוי. די זון האָט זיך געשפּיגלט אין די רואיקע וועלן און געוואָרפן מיריאַדן ברילִיאַנטענע קאָלירן. די רויט־ברוינע בערג אַרום האָדסאָן שטייען ווי גיגאַנטישע וועכטער פון די אוראַלטע ראָמאַנטישע צייטן. מחנות פייגעלעך פון די גראַדע „פּאַליסייד״־בערג זיינען אַרומגעפלויגן און געזונגען שירה צו די בלויע, לויטערע הימלען.

אויף די באַגאַבטע ריטאַ האָט זיך צעזונגען. און עס איז געוואָרן אין

שטיק געזאַנג, איין שטיק האַרמאָניע. עס האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן די גאָלדענע שטראַלן פון דער זון מיט די שטילע, גלאַנצנדיקע וועלן פון האָדסאָן, און דאָס צוויטשערן פון די פייגעלעך מיט ריטאַס זיסע גלאָקן־קלאַנגען — אין איין שטיק ריטמיש־זיסן געזאַנג.

אַך, וואָס פאַר אַ וואונדער־שיינער טאָג דאָס איז געווען פאַר אים! און ער דערמאָנט זיך אָן די אַלע איינצלהייטן: ווי זיי האָבן געוואַרמעסט אין דער ברוינעם „לאָג־קעבין"־רעסטאָראַן, ווי זיי האָבן געקלעטערט די בערג אַרום „בער־מאַונטענס" און „שטורעם־קעניג"...

און שפּעטער זיינען זיי שוין ווידער געווען אין דעם מאָטאָר־שיפל. דאָס שיפל איז געפלויגן פייל פון בויגן, געשפּאָלטן די בלעזלענדיקע וועלן פון האָדסאָן און זיך האַסטיק געטראָגן צום מאַנהעטן־אינדזל. די פרילינג־ווינטלעך האָבן זיך געגליטשט איבערן וואַסער־פלאַך, זיך פאַרקליבן אונטער ריטאַס לייכטער קליידל, געגלעט און געצערטלט איר צעהיצטן קערפּער, ווי מיט איידעלע פינגער. די זון — אַ קופּערנע, אַ מילדע — האָט זיך גענומען אַרונטערלאָזן. די בערגן אַרום האָדסאָן האָבן אויסגעזען געלבלעך, די ביימער — גאָלדיק, און די קרומע שטראַלן פון דער זון — אויסגעבלייכט. ריטאַ, אַ מידע פון אַ גאַנצן טאָג זיסע, שטאַרקע איבער־לעבונגען, האָט אָנגעשפּאַרט איר שוואַרץ־ציגיינעריש קעפּל אויף ליכטמאַנס ברייטער, שטייפער פּליי‌צע און איז איינגעשלאָפן... ליכטמאַן האָט אין זיך אַריינגעאָטעמט די זיסע בלומען־ריחות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון אירע שוואַרצע, געקרייזלטע האָר, פון אירע דינע זומערדיקע קליידער און פון איר צאַפּלדיק־וואַרעמען קערפּער. ער האָט געזען ווי איר יונגע, שטייפע ברוסט הויבט זיך רעגלמעסיק, ווי די שטילע וועלן אין האָדסאָן. ער האָט דערפילט איר הייס אויערל אויף זיין האַלדז, און עס האָט אים געבריט און געצונדן יעדעס גליד זיינס. זיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט און געפליסטערט...

אָ, וויפיל געזונט ס'האָט אים געקאָסט זיין צוריקגעהאַלטנקייט, זיין באַשיידנקייט! אָבער ליכטמאַן האָט זיך געקאָנט קאָנטראָלירן. ער האָט זי בלויז געצערטלט פאַר די לענגלעכע, דורכזיכטיקע פינגער אירע, אַ גלעט געטאָן זי פאַר די שוואַרצע צעפּלעך אירע, און מער ניט...

ווען נאָר ער דערמאָנט זיך אָן דער שוואַרץ־חנעוודיקער, אינטערעסאַנ־טער ריטאַ, האָט ער אַ געפיל, אַז צו דער האָט אים געצויגן מיט אמתע, ריינע ליבעס־געפילן. און אַז דאָס איז געווען עפּעס אַנדערש, גאָר ניט

ענלעך צו זײַנע אַמאָליקע נאַרישע ליבעס. אַך, טראַכט ער, װען איך װאָלט זיך מיט איר געטראָפֿן, בשעת זי איז נאָך געװען אַ פֿרײַע, ניט קײן פֿאַרהײראַטע!... װי גליקלעך איך װאָלט געװען!... װי אײַנהאַלטסרײַך און אָנגענעם װאָלט געװען מײַן לעבן!... יאָ, אָט די חנעװודיקע ריטאַ מיטן אױסגעטאָקטן דינעם נעזל, און מיט די שװאַרצע, טיפֿע אױגן, װאָלט ער גערן געהאַט אַלס לעבנס־באַגלײטערין!...

• • •

אין אײנעם פֿון זײַנע אײנזאַמע, אומהײמלעך־געשטימטע אָװנטן, איז ליכטמאַן אַװעק, מיט נאָך אַזױנע װי ער, כּדי זיך צו צעשטרײען אין אַ דאַון־טאַון רעסטאָראַן־קאַבאַרע. דאָס פּלאַץ איז געװען אַ מאָדערנער. די װענט באַמאָלן מיט טאַנצנדיקע באַלערינעס, די טישלעך און בענקלעך — מיט רױט און גאָלד געלאַקירט. די באַלױכטונג — אַ טונקעלע, אַ קאָלירטע. אַ קלײנער אָרקעסטער, אוקראַיִניש־געקלײדט, האָט געשפּילט יידישע און רומעניִשע מוזיק. פֿון צײַט צו צײַט זײַנען אױפֿגעטראָטן פֿאַרװײלער־סאָליסטן. בײַ די טישלעך זײַנען געזעסן שװער־לײַביקע מענער מיט אָנגעשמינקטע און טיף־דעקאָלטירטע פֿרױען, און געגעסן פֿאַרציעס סטעיק, געטרונקען שנאַפּסן און װײַנען, דערצײלט זיך בײליקע װיצן, און מיט אױפֿגעברױזטע געפֿילן זיך אײנער דעם צװײטן אין די אױגן אַרײַנגעקוקט. קעלנער, אין רױטע, אױסגעהאָפּטענע קאַפּטאַנעס און אין שװאַרצע, לאַקירטע שטיװול האָבן אױף ערדענע־לײמענע טאַצן אַרומגעטראָגן שיפּענדיקע, קױל־געברױנטע סטעיקס. די לופֿט איז געװען אַ געמיש פֿון רױך, פּערפֿיום, צעהיצטע לײַבער, און פֿון געשטאַנק פֿון שנאַפּסן, װײַנען און געװירצטע מאכלים. דער אײדעלער, סענסיטיװער אינזשענער ליכטמאַן האָט זיך אַפֿילו אין דער לוסטיקער אַטמאָספֿערע ניט געפֿילט גוט. ער האָט גערויכערט אײן סיגאַרעטל נאָכן צװײטן, און מיט קײנעם קײן װאָרט ניט גערעדט. ער האָט געקענט אַ סך פֿון די געסט, געװאוסט אַז זײער פֿרײלעכקײט איז אַ געמאַכטע, אַן אױסערלעכע. ער האָט געװאוסט, אַז די ליבעס, װאָס זײ פֿירן מיט די „כּלות“, זײַנען נאַרישע, גאָרניט־מײנענדיקע, און אַז בײַ זײ אין די רײַכע אַפּאַרטמענטס איז דאָס לעבן צעפֿוילט, צעבראָכן; און דאָס טרינקען זײ, כּדי זײער אומעט און פּוסטקײט צו דערשטיקן. און עס האָט אים שטאַרק געקלעמט בײַם האַרצן, װײַל זײַנע ראָמאַנטיש־ראַפֿינירטע געפֿילן האָבן געבענקט נאָך עפּעס שײנס, נאָך עפּעס אײדלס...

מיטאַמאָל איז אין קאַבאַרע די באַלייכטונג אויסגעלאָשן געוואָרן. דער פּייקלער האָט גענומען אויסקלאַפּן אַפּריער נידעריקע, דריבנע קלעפּ, און נאָך דעם אַלץ שטאַרקערע, הילכיקערע, און ער האָט פאַרענדיקט מיט רוישנדיקע מעשענע טאַצן. באַלד האָט זיך אויף דער העל־באַלויכטענער עסטראַדע באַוויזן אַ שוואַרץ־חנעווידקע דאַמע, מיט רונדע אַקסלען און מיט אַן אייגנאַרטיקן, רואיקן פּרויען־רייץ. אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ שוואַרצער, גוט־געפּאַסטער זיידענער קלייד, מיט אַ ווייץ־קאָליר געשטרייפּ־טער שאַל אַרום האַלדז, מיט אַ שמאָלן, זילבער־געוועבטן גאַרטל אַרום איר נאָך־כמעט מיידלשער טאַליע, און מיט לענגלעכע, זילבערנע אוירינגלעך.

ווי נאָר זי האָט אַרויסגעלאָזן עטלעכע גאָלדיק־זיסע סאָפּראַנאָ־טענער, האָט זי דער אינזשענער ליכטמאַן גלייך דערקענט. אַ קאַלטער שטראָם האָט דורכגענומען אַלע זיינע גלידער. ער איז געוואָרן בלאַס. דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק געקלאַפּט, גלייך עס זאָל וועלן אַרויספליען. און ער האָט געטראַכט: אַך, מיין גאָט! אָט די פרוי, וועלכע איך האָב אַזוי ליב, וועלכע איך פאַרגעטער, דאַרף שטיין פאַר די נישטיקע מענטשעלעך און זיי פאַרווילן!... אַ מאָדנער געפיל האָט אים אַרומגעכאַפּט. אַ געמיש פון ליבע, אייפערזוכט און מיטלייד.

ווען די פרוי אין שוואַרצן, געפּאַסטן קלייד האָט אויפגעהערט זינגען, איז ליכטמאַן אַ בלאַסער, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, צוגעגאַנגען צו איר, און מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס, קוים־הערבאַר אַרויסגעפליסטערט: ריטאַ, מיין טייערע ריטאַ!...

אויך זי האָט אים גלייך דערקענט און געבליבן שטיין אַ געפּלעפטע, אַ דערשיטערטע...

אַביסל שפּעטער זיינען זיי שויןביידע געזעסן אין אַן אָפּגעזונדערטן ווייטן ווינקל. אַ לאַנגע צייט האָט ליכטמאַן געקוקט אויף דער ציגיינעריש־שוואַרצער פרוי, געקוקט אין אירע טיפע, שוואַרצע אויגן און ניט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט. ליכטמאַן האָט באַשטעלט קאָניאַק און עפּעס צו־בייסן, און זי, ריטאַ, שוין אַן איינגעשטילטע, אַ באַרואיקטע, האָט ביסלעכ־וויז אויסדערציילט, וואָס זי מיט איר פאַמיליע האָבן דורכגעלעבט. זי האָט אים דערציילט, אַז איר טאָכטער איז גליקלעך פאַרהייראַט, און אַז איר מאַן איז שוין פינף יאָר טויט; און זי אַליין בלאָנקעט זיך אַרום אויף גאַטס וועלטל, און כדי צו מאַכן אַ לעבן, זינגט זי אויף קאָנצערטן און אין קאַבאַרעטן...

ליכטמאַן האָט ניט אַרונטערגענומען די אויגן פון איר, האָט זי גע־האַלטן אין שלינגען און באַוואונדערן. ער האָט ניט געזען די צוגעפּאַרבטע האָר, די טונקעלע רינגען אונטער אירע אויגן, די רונדע אַקסלען. ער האָט פּאַר זיך געזען די אַמאָליקע ציגיינעריש־שוואַרצע ריטאַ, מיט די גע־קרייזלטע, שוואַרצע־ווי־פּעך האָר, מיט די שוואַרצע, טיפע, קלוגע אויגן, מיטן אויסגעטאָקטן דינעם נעזל. יאָ, ער האָט אַלץ געזען פּאַר זיך די אַמאָליקע זינגענדיקע, צאַפּלדיקע, אינטערעסאַנטע ריטאַ — די פרוי, פון וועלכער ער האָט יאָרן־לאַנג געטרוימט.

ווען ליכטמאַן האָט אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזלעך קאָניאַק, האָט ער געקראָגן קאָליר אין פּנים, און ער האָט, נאָך אַלץ ניט־צו־דרייסט, אַרויסגערעדט:

— ווייסט איר, טייערע ריטאַ, אַז ווי נאָר איך האָב אייך דאַן דערזען, האָב איך זיך אין אייך פאַרליבט?... און איך ליב אייך איצט אַזוי הייס ווי דאַן!...

דער אופן ווי דער ערנסטער ליכטמאַן האָט די ווערטער אַרויסגעזאָגט, די פרייד וואָס האָט זיך צעשפּילט אויף זיין פּנים, דער גלאַנץ פון זיינע גרויסע, בלאָע, גוטמוטיקע אויגן, דער ציטער אין זיין שטימע — אַלץ האָט עדות געזאָגט אויף דער אויפריכטיקייט פון זיינע ווערטער.

ליכטמאַנס ליבעס־דערקלערונג האָט זיך ווי אַן עלעקטרישער שטראָם אַריבערגעטראָגן צו דער לעבנסלוסטיקער ריטאַ. טרערן האָבן גענומען פליסן פון אירע אויגן, און זי האָט צו אים אַריבערן טישל אויסגעשטרעקט אירע לאַנגע, דורכזיכטיקע פינגערלעך און געזאָגט:

— יאָ, איך האָב געפילט, אַז איר האָט מיך ליב. און איך האָב גוט באַנומען פאַרוואָס איר האָט זיך פּלוצים אַרויסגעצויגן...

ליכטמאַן האָט ליידנשאַפטלעך געקושט אירע פינגערלעך און זיינע גרויסע, בלאָע אויגן זיינע אויך געוואָרן פייכט און פלאַמיק...

דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ זיסן, מאָנענדיקן טאַנץ. באַלד זיינען זיי שוין געווען אויף דעם גלאַטן טאַנץ־דיל. זי האָט קינדיש איינגעגראָבן איר ציגייענריש־שוואַרץ קעפּל אין זיין ברייטער, וואַרעמער ברוסט און זיך געלאָזט וויגן אין זיינע אָרעמס.

זיי האָבן געטאַנצט מיט לאַנגע, שווימענדיקע טריט, העגט גע־קלאַמערט, אויגן צוגעמאַכטע, ליפּן אָפענע. דאָס בלוט האָט ביי זיי גע־ברויזט און געזונגען אין אַלע גלידער. דער פּלייט האָט זיך מעלאָדיש

צעלאָזט, דאָס פידעלע האָט זיך פאַרגאַנגען. און דער יאָרן־לאַנג איינ־
זאַמער ליכטמאַן האָט אין עקסטאַז פון זיין גליק געפילט ווי אויסצושרייען:
שפּילט לעבעדיק, איר מוזיקאַנטן!... זינגט אויס מיינע פאַרשטומטע,
ברענענדיקע געפילן!... זאָגט אַלעמען אויס, אַז מיין לאַנג־יאָריקער טרוים,
מיין זיסער חלום איז מקוים געוואָרן!...

מער האָט שוין די שוואַרץ־חנעוודיקע ריטאַ ניט געזונגען אין קאַבאַ־
רעטן, און מער האָבן זיך שוין די צוויי געליבטע אין זייער לעבן ניט
געשיידט. און וואו נאָר זיי זיינען געווען צוזאַמען, האָבן מלאכים געזונגען
שירה.

1945

# די אַלמנה לואיז און אירע קינדער

## א

ס'איז געווען אַ קאַלטער דעצעמבער־פֿאַרנאַכט. דער הימל איז געווען אָנגעכמורעט. אַ בייסיקער ווינט האָט שטאַרק געבלאָזן און פֿאַנאַנדער־געטריבן די טוכלע ריחות פֿון מיסט־קאַסטנס, פֿון געקנאָבלטע פֿליישן, פֿון אַלטע אימפּאָרטירטע קעזן און פֿון זויערע ווײַנען.

קורצע, ברייטבײַנערדיקע פּעדלער אויף מאָט סטריט, מיט פּנימער ניט־געגאָלטע, פֿון קעלט צעשמיסענע, האָבן זיך געגורעט אין זייערע אויס־געריבענע רעקלעך און אָפּט פֿאַרריסן די קעפּ צום הימל און געגומען לאַנגזאַם איבערדעקן, מיט צעפֿליקטע וואַטאָווע קאָלדרעס, די אָנגעלאָדענע פּושקאַרטס.

און כאָטש אין דרויסן איז נאָך געווען גוט ליכטיק, אָבער ביי דער אלמנה לואיז אין די אָפּגעלאָזטע, ברודנע צימערן, וואו עס האָט געשמעקט מיט ווילגאָטש און מיטן ריח פֿון איבערגעברענט חזיר־פֿעטס און ספּאַ־געטי, איז שוין געווען היפּש פֿינצטער, ווייל די פֿענצטער פֿון איר וואוינונג זיינען צוגעפּאַלן האַרט ביי אַ בלינדער, טונקעלער וואַנט.

לואיז — אַן איינגעדאַרטע, פֿריצייטיק־פֿאַרוועלקטע איטאַליענערין, מיט אַ פֿאַרגרויט, מאָגער־היציק פּנים, מיט שוואַרצע, פֿלאַמענדיקע, שטענדיק־פֿאַרוויינטע אויגן און מיט צעפּאַטלטע גרויע האָר — איז גע־שטאַנען ביים וואַש־טאָפּ, געריבן אַ פּאָר שטיקלעך וועש און מיט זיך אַליין איינגעטענהט אויף איר געמישט איטאַליעניש־ענגליש לשון.

לואיזעס אָפּגעריסענע, אויסגעשמירטע קינדער, מיט פֿאַרמאַרעטע, בלאַסע פּנימלעך און מיט שוואַרצע, פֿינקלענדיקע אייגעלעך, האָבן זיך גע־וואַלגערט אויפֿן שמוציקן דיל האַרט ביים ברענענדיקן קוילן־אויוון און זיך געשפּילט אין קאָרטן.

ביים צווייטן זייט אויוון איז געזעסן פּעאָדאָראָ, לואיזעס עלטערע

טאָכטער — אַ דאַר און קליין־געוויקסיק מיידל פון אַ יאָר זעכצן, מיט אַ קינדערש, מאַט־וואַקסענעם שפּיציק פּנימל, מיט בלויע, פייערדיקע אויגן און מיט שוואַרצע געקרייזלטע לאָקן — און האָט פאַרלאָטעט אַ רויט קליידל. אירע דינע, ווייכע, ראַקיטנע פּיסלעך האַלט זי אָנגעשפּאַרט אויף אַ ספּע־ציעל־געמאַכטן פוס־בענקעלע.

אין אַ טונקל ווינקל, פאַר אַ הייליק בילד, האָט זיך געברענט אַ בלוי לעמפּל און אַ פלעמל האָט ניט־דרייסט געצאַנקט און געטשאַדעט. און אונטן, אין דעם זעלבן ווינקל, איז געלעגן פּאַפּאַ יאָהאַנוס — לואיזעס פּאָטער — אויף אַן איינגעפּאַלן בעטל, איינגעהילט אין שמאַטעס, און האָט זיך מיט אַ דין פאַלצעטאַ־שטימעלע אונטערגעברומט: „סאַנטאַ לוטשיאַ, סאַנטאַ מאַריאַ!...״

פּאַפּאַ יאָהאַנוס איז אַ קליין־גופיקער אַלטיטשקער, הויט און ביינער, מיט אַ פאַרגעלט פּנים, צערונצלט אין טויזנט קנייטשעלעך, פון וועלכן עס פינקלען אַרויס צוויי גוטמוטיקע, גרויסע ווענעציאַנער אויגן, וואָס האָבן, דאַכט זיך, גאַרנישט צו טאָן מיט זיין האַלב־טויטן קערפּער.

אין צימער איז געווען דורכדרינגלעך־קאַלט און אומהיימלעך. דער אומעט איז געהאַנגען אין טונקעלן צימער ווי אַ שווער בליי און געדריקט אויף אַלע אַנוועזנדע.

פּעאָדאָראַ, לואיזעס עלטערע טאָכטער, האָט בשעת מעשה געטראַכט:

— וואָלט איך געווען אַ געזונטע און אַ שטאַרקע, וואָלט איז געוואָרן אַ גזלן; איך וואָלט באַראַבעוועט די געלט־גייציקע רייכע און נאַרטיילט דאָס רויב צווישן די נויט־באַדערפטיקע — זאָלן אַלע זיין זאַט, וואָרעם־געקליידט און פריילעך... — און פּלוצים האָט פּעאָדאָראַ צורעכט געמאַכט אירע גע־קרייזלטע, שוואַרצע לאָקן, דאָס איינציקע צירונג וואָס זי האָט פאַרמאָגט, און גענומען זינגען מיט אַ באַרגיק, קלינגענדיק שטימעלע אין איטאַ־ליעניש. אַפּריער זינגט זי שטיל, אָבער אַלץ ווייטער העכער און העכער און האַרציקער.

ביים אַלטן פּאַפּאַ יאָהאַנוס האָבן די גוטמוטיקע, גרויסע אויגן אויפ־געלויכטן און גענומען טרערן פון שמחה. פאַר אים האָבן איצט אויפ־געלעבט בילדער פון דער זוניקער, פּרעכטיקער ווענעציע, מיט אירע גראַנדיעזע שטיינערנע געביידעס, באַצירטע מיט מאַרמאָר־שטיינער און בראָנז; פון די ווענעציאַנער ברייטע טייכן־גאַסן, אָנגעפילטע מיט אָריענ־טאַליש־קאָלירטע גאָנדאָלעס, וואו פאַרליבטע פּאָרלעך שיפלען זיך און

הערן ניט אויף צו זינגען; פון די פיר הונדערט ווענעציאַנער וואונדער־בריקן, געבויט אין גריכישן און רוימישן סטיל; פון די בלויע, דורכזיכטיקע הימלען... און ער האָט מיט זיין פאַלצעטאָ־שטימעלע געגומען אַרויסהעלפן פּעאָדאָראַן.

אויף די איבעריקע קינדערלעך האָבן פאַרגעסן אָן זייער קאָרטן־שפּיל און האָבן ביסלעכווייז געגומען מיטזינגען מיט זייערע דינינקע שטימעלעך.

ביי דער פּריצייטיק־פאַרוועלקטער און אויסגעמוטשעטער אלמנה לואיז האָט פּעאָדאָראַס געזאַנג אויף אַרויסגערופן גרויס פרייד. דאָס געזאַנג האָט איר דערמאָנט אָן אירע קינדער־יאָרן, אָן איר געבורט־אָרט ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן זוניק־גרינעם דערפל אין דער וויטער איטאַליע. דאָרט האָט זי אַ באָרוועסע געפּאַשעט שעפּסעלעך און ציגן; שוואַרצע, פעטע ערד גע־קנאָטן, צוזאַמענגענומען זאַפטיקע, גאָלדענע מאַראַנצן, געקלעטערט אויף הויכע, שנייאיקע בערג... עס האָט זיך איר אויך געוואָלט מיטזינגען, נאָר קיין קלאַנגען האָט זי שוין ניט געקענט אַרויסברענגען — די לאַנג־יאָריקע נויט און פּלאָגעניש האָבן אירע גלידער און לעבנס־פרייד צעפרעסן. רייבט זי די קויטיקע שטיקלעך וועש מיט אירע קנאָכיקע, איינגעשרומפּענע הענט און שלוכצט אין דער שטיל.

פּעאָדאָראַ זינגט:

טשע פאַי טו, לונאַ, אין סיעל?
וואָס טוסט דו, לבנה?
וואָס טוסטו דאָרט אין הימל?
זאָג מיר, דו שטילע לבנה, —
דו גייסט דאָך אויף אין צאַרטקייט און אין חן!
צי הערסטו דאָרט אונדזער יאָמער און געוויין?...
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

און נאָך דעם זינגט פּעאָדאָראַ, מיט גאָר הויכע פאַררייסענע טענער, פאָלקס־לידער, אַריבערגעבראַכט פון די זוניקע, סאָמעט־באַדעקטע נעאָ־פּאָליטאַנער געגנטן, פון די אייביק־שנייאיקע בערג אַרום מילאַן, און פאַר־ענדיקט מיט האַרציק־זיסע לידער פון „קאַוואַליעראַ רוסטיקאַנאַ“.

דערווייל איז געוואָרן אין צימער נאָך פינצטערער, האָבן די קינדער

מיט קלינגענדיקע, דינע שטימעלעך גענומען פישטשען: „מאַמאַ מיאַ, מאַך ליכטיק!"

לואיז האָט זיך געמאַכט ניט־הערנדיק — אַ שאָד אַן איבעריקע פּעני גאַז. אָבער ווען די קינדער האָבן אַלע צוזאַמען גענומען ליאַרעמען, האָט זי אָנגעצונדן די אַלטפּרענקישע, פאַרזשאַווערטע גאַז־רער.

דאָס פלעמל האָט געגע׳מען זשומען און אַרויסשפּריצן פון זיך פונקען. אָט הויבט זיך דאָס פלעמל אויף און אָט פאַלט עס איין און וואַרפט משונה־דיקע שאָטנס אויף די ברודנע, שוין פון יאָרן ניט געפאַרבטע ווענט.

די קינדער האָבן זיך ווידער גענומען צו די קאָרטן. אָבער באַלד האָט איינס נאָך דאָס אַנדערע גענומען די קאָרטן אַוועקוואַרפן; אַ הונגער־נאָגעניש האָט זיי אַרומגעכאַפּט, האָבן זיי גענומען וויינענדיק אויסשרייען: „מאַמאַ מיאַ, גיב עפּעס עסן!"

לואיז איז צוגעגאַנגען צו אירע קינדער, גענומען זיי גלעטן ביי די צעפּאַטלטע, באַוואַקסענע קעפּלעך, איבערגעדעקט מיט אַן אַלטער פּאַ־טשיילע פּעאָדאָראַס קאַלטע, ראַקיטנע פיסלעך, און מיט מאַמעשע, וואַרעמע אויגן באַקוקט יעדעס קינד און פּאַרטרויט:

— איך האָב נאָר האַרט ברויט און הייס וואַסער...

די עלטערע טאָכטער פּעאָדאָראַ האָט אַוועקגעלייגט דאָס רויט קליידל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין פּאַרלאַטן, אָנגעשטעלט אירע טרויעריקע, בלויע אויגן אויף איר מאַמען און מיט צער אַרויסגערעדט:

— אפשר, מאַמע, זאָל איך גיין ערגעץ בעטן?... מאָרגן וועט דאָך קומען דזשעראַלדין, וועלן מיר באַצאָלן.

— מיט דיינע קראַנקע פיסלעך אין אַזאַ קעלט קאָנסטו ניט אַרונטער־גיין די שטיגן. און דערצו — שוין אין אַלע שפּייז־קרעמלעך אָנגעבאָרגט, טאָכטער מיינע, מען גיט ניט מער.

ווען דער אַלטער פּאַפּאַ יאָהאַנוס האָט דערהערט דזשעראַלדינס נאָמען, האָט זיין צעקנייטשט פּנים אויפגעלויכטן פון פרייד און ער האָט מיט זיין קינדעריש שטימעלע אַרויסגעקוויטשעט:

— דזשעראַלדין וועט מיר ברענגען טאַבאַק! אַ טייער קינד, דזשע־ראַלדין! אַ לעבן אויף איר, סאַנטאַ מאַריאַ!... זי באַקומט ביי די „טשיילדס" פּופּצן דאָלער אַ וואָך, גיט זי אונדז אַכט.

די קינדער האָבן אויך אַרויסגעפּישטשעט מיט אויפגעלעבטע פּנימלעך:

— דזשעראַלדין וועט אונדז ברענגען אַ קריסטמעס־בוים און קריסט־מעס־פּרעזענטן!

ביי לואיזען זיינען געשטאַנען טרערן אין די אויגן און זי האָט אַרויס־געכליפּעט:

— אַ דאַנק גאָט, וואָס דזשעראַלדין פאַרלאָזט אונדז ניט! ווען ניט זי, וואָלטן מיר פון הונגער געשטאָרבן!...

— ריקי איז אויך אַ גוטער, — האָט זיך פּעאָדאָראַ אַריינגעמישט. — ווען ער קריגט עפּעס, ברענגט ער אונדז.

דערהערנדיק ריקיס נאָמען, האָט זיך ביי לואיזען דאָס פּנים פאַר־קרימט און זי האָט גענומען רעדן גיך, אַזוי ווי זי וואָלט געשלונגען די ווערטער, באַוועגנדיק מיט די דאַרע הענט און מיט אַלע גלידער פון קערפּער:

— ריקי אַרבעט ניט, דרייט זיך אַרום גאַנצע טעג אין „פּול־רום", שלעפּט זיך אַרום מיט געפערלעכע יונגען!... דיאַבאָלאָ, ער זאָל נאָך ניט ווערן אַ באָם, אַ „מאַריאונדזשילאָ"!... נעכטן האָט ער געבראַכט אַ זעקל קוילן, פרעג איך אים: וואו האָסטו גענומען קוילן? — ענטפערט ער: וואָסי, ווייניק קוילן איז דאָ אין קריסטאָפער קאָלומבוסעס אַמעריקע? — ס'ט געהערט אַן ענטפער!...

און ווי זיי רעדן אַזוי, גיט זיך אַ פּראַל־אויף די טיר און ריקי, אַ הויכער, איבערגעוואַקסענער, דאַרער יונג, מיט רויטע בלאָטערן אויפן ביינערדיקן, לאַנגן פּנים, מיט טיף־איינגעגראָבענע אויגן, וואַרפט זיך ווײל־יונגעריש אַריין.

ריקי האָט גלייך באַמערקט זיין מוטערס פאַרחושכט פּנים, איז ער, אַ פאַרשוולדיקטער און הילפלאָזער, צו צום ברענענדיקן אויוון און זיך גענומען רייבן די פאַרפראָרענע, אומגעלומפּערטע הענט.

ווען די קינדער האָבן דערזען ריקין, זיינען זיי אַלע אויפגעשפּרונגען פון דיל און מיט צעשטראַלטע פּנימלעך אים אַרומגערינגלט אין אַ קרענצל, אויסגעשטרעקט די דאַרע הענטלעך און אָנגעהויבן צו קוויטשען:

— האָסט עפּעס געבראַכט, ריקי?

אויך דער אַלטער פּאַפּאַ יאָהאַנוס האָט צעעפנט ברייט זיין ליידיק מויל, פון וואַנען עס האָט זיך באַוויזן אַן איין־און־איינציק געלער צאָן, און ער האָט מיט אַלע כוחות מיטגעקוויטשעט:

— געבראַכט עפּעס, ריקי טייערער?

ריקי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, פּרובירט אַ שמייכל צו טאָן, אָבער דער שמייכל האָט נאָר צעקרימט זיין מויל און געמאַכט אים אויס־צוזען אי נעבעכדיק, אי נאַריש. די קינדער, אַנטוישטע, האָבן זיך געלאָזט צוריק אין זייער ווינקל אויפֿן דיל, און דער אַלטער פּאַפּאַ יאָהאַנוס, אַן אומצופרידענער, האָט געבורטשעט: — סאַנטאַ מאַריאַ, אַ רחמנות אויף אונדז אַלעמען, העלף אונדז!

לואיז האָט דורכדרינגלעך באַקוקט ריקין פון קאָפּ ביז די פיס, מיט שפּיזיק־בליציקע אויגן, און בייז געפרעגט:

— ביסט היינט געגאַנגען זוכן אַרבעט, ריקי?

ריקי האָט אויסגעמידן דער מאַמעס שטעכיקע אויגן און האַרט אַרויס־געברומט:

— געגאַנגען.. ניטאָ.

לואיז האָט בייז געגודערט און זיך גענומען פּאָרען אַרום אויוון. ריקי איז געשטאַנען אַן אָנגעבלאָזענער, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. אָבער באַלד האָט ער מיט אַ געמאַכטער האָפערדיקייט געפרעגט:

— אפשר דאָ, מאַמע, אַביסל וואַרעמע ספּאַגעטי? אַ שטיקל קעז?...

— וואו זאָל איך אייך נעמען?... אפשר אָפּשניידן אַ פוס, אַ האַנט און געבן אייך?!...

קוקנדיק אויף זיין פאַרדאַרטער, פאַרחושכטער מאַמע און אויף די בלאַסע, פאַרהונגערטע פּנימלעך פון זיינע שוועסטערלעך, האָט ריקין גע־נומען שטאַרק קרעמפּן אין אַלע גלידער. אַ שווער האַרץ־קלעמעניש האָט אים אַרומגעכאַפּט און ער האָט גענומען, ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה, מיט שטייפע פיס, שפּרייזן הין און צוריק איבערן צימער. אָבער באַלד האָט ער זיך אַ זעץ געטאָן ביים נאַקעטן טיש און גענומען קלאַפּן מיט זיינע דאַרע, צעקרימטע פינגער און געקוקט אויף די אָפּגעריבענע בעז פון זיינע געלע, צעפאָרענע שיך; אויף די משונהדיקע, צאַפּלדיקע שאָטנס, וואָס דאָס הוזשענדיקע גאַז־ליכט פאַרשאַפט; אויף די קאָלירטע צייטונגס־בילדער, וואָס זיינען געווען באַקלעפּט אויף אַלע ווענט, און אויף דאָס גוטמוטיק־אָפּגעבליאַקעוועט בילד פון דער הייליקער מאַריאַ.

דערווייל האָט אים לואיז צוגעטראָגן אַ גלאָז הייסע טיי מיט אַ שטיקל שוואַרץ־ברויט. ריקי האָט לאַנג געקוקט מיט קאַלטע, פאַרגליווערטע אויגן אויף דער בלאַסער טיי און זיך צו דעם ניט צוגערירט.

אָבער אָט האָט ער זיך אָנגעשלאָגן מיט זיין שוועסטער פּעאָדאָראַס

בליק. אַ גאַנצע וועלט מיט צער האָט אַרויסגעקוקט פון אירע ליכטיקע, פייערדיק־בלויע אויגן; אַ צער, וואָס אָט־אָט און עס וועט אויפברויזן און אויפרייסן ווי אַ וואולקאַן. ריקי האָט פון זיין שוועסטערס בליק אויפ־געשוידערט. אַ ציטער איז אים דורכגעלאָפן איבער אַלע זיינע גלידער, און ער האָט זיך אַנטשלאָסן אויפגעהויבן, אַנגעדרוקט זיין וואַרעמע היטל טיף איבער זיינע געדיכטע, צעשויבערטע האָר און זיך געלאָזט גיין, פאַר־האַקנדיק נאָך זיך האַסטיק די טיר.

אַ טרויעריקע, דריקנדיקע שטילקייט האָט איצט אין צימער געהערשט. דאָס גאַז־פלעמל האָט זיך געהייבן, געשפּריצט מיט פונקען און צוריק געפאַלן, זיך געראַשט, געהודיעט, גלייך ווי אַ גרויסע צאָל בינען זאָלן זשומען. דאָס בלוי לעמפּל אין ווינקל האָט נאָך אַלץ געצאַנקט און גע־טשאַדיעט און קוים באַלויכטן די הייליקע מאַריאַ, און די אלמנה לואיז האָט שטיל געכליפּעט.

די קליינוואוקסיקע פּעאַדאַראַ האָט אָן אויפגעברויזטע ווידער גענומען זינגען. איר שטים ציטערט, און יעדער קלאַנג אירס לעבט פאַר זיך און ברענט, ווי פינקלענדיקע שטערן אין הימל. זי זינגט מיט אַ האַרציק־יאָמערלעך שטימע:

פּראַטערלי ד׳איטאַליאַ!
קינדער פון איטאַליע, איר קינדער פון נויט!
וואַכט אויף צוזאַמען מיט אַלע אונטערדריקטע,
מיט אַלע הונגעריקע און פאַרפּייניקטע!
עס לויערט אויף אונדז אַלעמען דער טויט...
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

## ב

ווען דער יונגער, איבערגעוואָקסענער, דאַרער ריקי האָט זיך באַוויזן אויף מאָט סטריט, איז שוין געווען גוט פינצטער. אַ געדיכטער, שטעכיקער שניי האָט געהאַלטן אין שיטן און אַ קאַלטער מזרח־ווינט האָט געבלאָזן מיט רציחה, געריסן די ניט־פאַרפעסטיקטע שילדן פון די געוועלבן און די פאָלעס פון די פאַרשפּעטיקטע, איינגעקאָרטשעטע דורכגייער, וועלכע האָבן זיך געאיילט וואָס גיכער אַריינצופאַלן אין אַ וואַרעמער היים.

דער בייסיקער, טערפּקער ווינט האָט דורכגענומען ריקיס אַלע גלידער, האָט ער פאַרקנעפּלט זיין צעריסענעם סוועטער און אַ הונגעריקער און אַ פאַרביטערטער האָט ער געשפּרייזט מיט גרויסע טריט איבער די פאַר־שנייטע, שמוציקע גאַסן. פון כעס האָט ער אומגעוואָרפן עטלעכע מיסט־קאַסטנס, אַ שטויס געטאָן אַ פּושקאַרט, איז עס פאַרפלויגן ווייט־ווייט אויף דער אַנדערער זייט גאַס. דאָס האַרץ האָט אים גענאָגט און אין קאָפּ ביי אים האָבן זיך געפּלאָנטערט שטיקלעך אָפּגעריסענע געדאַנקען. אַ גליענדיק פייערל האָט אים ערגעץ געסמאַליעט: וואָס טוט מען?...

און גראָד, ווי אויף צו־להכעיס, האָבן זיך אַלע פּאָר מינוט זיינע אויגן אָנגעשטויסן אויף העל־באַלויכטענע, קריסטמעסדיק־אויסגעפּוצטע וויט־רינען, אָנגעלאָדענע מיט געדעמפּטע פליישן און וואורשטן; אויף וויטרינען מיט אימפּאָרטירטע איטאַליענישע קעזן און גערויכערטע פישן, און אין מיטן ברענענדיקע קריסטמעס־ביימער; און אויף וויטרינען מיט אַלערליי ספּאַגעטיס און מאַקאַראָניס, באַהאַנגענע מיט זילבערנע און גאָלדענע שטאַנגען; און אויף וויטרינען מיט קאָנפעקטן, נאַשרייען און שפּילצייג, באַשפּרינקלטע מיט אַ זילבערנעם שניי, און אין מיטן אַן אַלטער, גוט־מוטיקער „סאַנטאַ־קלאָוז״, אין אַ רויטער דעליע און מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד. אָט די אַלע וויטרינען־אויסשטעלונגען האָבן נאָך מער גערייצט זיין הונגער.

אַ לאַנגע צייט האָט ער געשניטן אין דער ריכטונג צום איסט־ריווער, אַלץ נעענטער צו פאַרוואָרפענע שטילע געסלעך. ענדלעך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און איז אַריין אין אַ קאָרידאָר פון אַן אַלטער געביידע. אַ מידער און אַ דורכגעפראָרענער, מיט אַ נאָז רויט ווי צונטער, האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט ביי דער קאַלטער וואַנט און צוגעמאַכט זיינע פאַרשנייטע, טיף־איינגעגראָבענע אויגן.

פון אַן אויבערשטן שטאָק האָט זיך דורך די דינע, צעבראָכענע, היל־צערנע טירן דייטלעך דערטראָגן צו אים אַ קריגעריי צווישן מאַן און ווייב; פון אַ צווייטער טיר האָט זיך דערטראָגן אַ ספּאַזמאָטישער געוויין פון אַ קינד.

פּלוצים האָט ריקי דערפילט טריט לעבן זיך. ער האָט אויפגעעפנט די אויגן און דערזען פאַר זיך אַן עלטערע, איינגעהויקערטע, צעיאַכמערטע פרוי מיט אַ היפּשן אָנגעלאָדענעם קויש... ס׳איז גלייך געווען קענטיק,

אַז די אַלטע פרוי האָט איינגעהאַנדלט שפּייז פאַר איר פאַמיליע אויף עטלעכע טעג.

די אַלטע פרוי איז פאַרבייגעגאַנגען ריקין און זיך אַפילו ניט אומגעקוקט אויף אים. זי איז שוין לאַנג געוואוינט געווען, אַז יונגען זאָלן זיך אַרומדרייען אין קאָרידאָר, און נאָך איבערהיופּט, אַז אַ יונג שטייט אין אַזאַ קאַלטן, ביטערן אָוונט אין אַ בלויזן סוועטער, איז ער זיכער אַ הויז־מענטש.

ריקי איז געשטאַנען אַ ווײַלע געפּלעפּט. אין זײַן פאַרנעפּלטן מוח האָט ראַשיק גענומען ווידער פּלאַמען די פראַגע: זאָל איך?...

ווען די אַלטע, איינגעהויקערטע פרוי האָט זיך שלאַבערדיק דורכגעשלעפּט דעם לאַנגן קאָרידאָר און האָט שוין געוואָלט שטעלן אַ פוס אויף די הילצערנע שטיגן, האָט ריקי זיך מיט אַ קאַצן־שפּרונג אַ לאָז געטאָן אויף איר און אַרויסגעריסן דאָס קויש. די אַלטע איז אומגעפאַלן, און איידער זי האָט נאָך צייט געהאַט אַרויסלאָזן אַ געשריי, איז שוין ריקי געווען אין דרויסן און געשטעלט פיס. ער איז געלאָפן אָן אַן אָטעם, ניט געפילט אונטער זיך די ערד, זיך פאַרדרייט אין אַן אַנדער גאַס און באַלד איז ער שוין געווען אויף אַ דריטער, פערטער גאַס. ערשט אַז ער איז שוין געווען זיכער, אַז קיינער פאָלגט אים ניט נאָך, האָט ער גענומען גיין לאַנגזאַם.

ריקי איז איצט געווען אינגאַנצן אויסגעשעפּט. דאָס האַרץ ביי אים האָט שטאַרק געקלאַפּט; די אָדערן — אָנגעצויגן, ווי סטרונעס, און די אויגן האָבן געברענט, ווי צעגליטע קוילן.

ווען ריקי האָט זיך אַביסל באַרואיקט, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו גרענד סטריט. אויף דער פריילעכער, לעבעדיקער גרענד סטריט איז איצט געווען שטיל. אַלץ איז געווען באַדעקט מיט שניי. פון צייט צו צייט איז אָנגעלאָפן אַ ווינט, געדרייט זיך ווי אַ שרויף און אויסגעפּורמעט שפּיציקע בערגלעך שניי. די געוועלבן זיינען שוין געווען פאַרמאַכט. וואו ניט וואו האָט געאיילט אַ פאַרשפּעטיקטער דורכגייער. ערגעץ פון ווייטן האָט זיך דערטראָגן דאָס גרילצן פון אַ טראַמווײַ. די פאַרשנייטע גאַס־לאָמפּן האָבן געוואָרפן קרענקלעכע שטיקער ליכט, און פון נאָענטע און ווייטע ראָגן האָבן אָט רויטע און אָט גרינע אָנגעגאָסענע טראַפיק־אויגן מיסטעריעז געקוקט און אָנגעוואָרפן אַן אומעט.

ריקי האָט זיך מיט אַ דערשיטערטן געמיט און אָן כוחות אַרייַנגעשלעפּט אין זיין גוט־באַקאַנטן „פּול־רום", וואו ער הענגט שטענדיק אַרום.

אין „פול־רום" איז צו דער צייט קיינער ניט געווען און ס'איז דאָרט געווען פינצטערלעך. ריקי האָט זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל און אַ צוזאַמענגעקאָרטשעטער שווער געאָטעמט און געוואָרפן פאַרשפּיצטע בליקן, ווי אַ דערשראָקענער האָז, און זיך אַלע ווײַלע אומגעקוקט צי מען באַפּאַלט אים ניט.

ווען ריקי האָט זיך אַביסל באַרואיקט, האָט ער געכאַפּט אַ קוק אין קויש. די אויגן האָבן אים געגומען פינקלען און דאָס מויל האָט אים גענומען וואַסערן. ער האָט אין קויש געפונען: צוויי ווייסע ברויטן — די גרויסע, איטאַליענישע, צערפּעפּטע ברויטן; אַ שמעקעדיקן, איינגעזייערטן קעז; ביי אַ פיר פונט חזיר־פליש; אַ שטיק דאַרע וואורשט און נאָך קליינינקייטן.

ביסלכעווייז האָבן זיך זיינע דורכגעפראָרענע גלידער דערוואַרעמט און ער האָט גענומען טראַכטן, ווי זיינע שוועסטערלעך וועלן זיך דאָס דערפרייען מיט די אַלע טייערע מאכלים. ריקי האָט גענומען מיט גוואַלד פאַרטרייבן פון זיך די שרעקלעכע פּאַסירונג. ס'האָט זיך אים גענומען דאַכטן, אַז עמעצער אַנדערש האָט אומגעוואָרפן די אַלטע, איינגעהויקערטע פרוי, און ניט ער. דאָס האַרץ־קלעמעניש האָט אים אָפּגעלאָזט און די מורא איז פאַרשוואונדן.

מיט אַ געמישט געפיל, פון פאַרבאָרגענער פרייד און צעשוואומענע ווייטיקן, האָט ער זיך געלאָזט גיין אַהיים. דער שטעכיקער שניי האָט אים געשמיסן אין פּנים אַריין; אין די פיס איז אים געווען נאַס און קאַלט; אָבער ס'האָט אים ניט געאַרט — ער איז געלאָפן וואָס שנעלער אַהיים.

אויפן וועג האָט ער דעם קויש מיט די קליינינקייטן אָפּגעשטעקט אין אַ פינצטערן קעלער.

מיט אַ צעפלאַמט, איבערגעפראָרן פּנים איז ער אַריין אין הויז. אין קיך איז איצט געווען כמעט פינצטער. ער האָט אויפגעדרייט די גאַז און דערזען זיינע פאַרחושכטע שוועסטערלעך שלאָפן אין ווינקל, אָנגעשפּאַרט איינע אויף די אַנדערע. אויך דער זיידע זיינער, פּאַפּאַ יאָהאַנוס, מיטן געל־צערונצלטן פּנים, איז שוין אויך געשלאָפן, איינגעהילט אין שמאַטעס, און אַרויסגעלאָזט משונהדיקע פייפערייען פון זיין פּלאַטשיק, צעשפּאָלטענע נאָז.

ריקי האָט דאָס עסנוואַרג אַוועקגעשטעלט אויפן טיש און גענומען טאָרען זיינע שוועסטערלעך. די קינדער האָבן זיך אויפגעכאַפּט, גענומען

זיך רייבן די אייגעלעך, און ווי נאָר זיי האָבן דערפילט דעם שאַרפן ריח פון די שפייזן. האָבן זיי זיך, ווי הונגעריקע וועלפלעך, אַ וואָרף געטאָן אויף די פרישע ווייסע ברויטן, אויפן שמעקעדיקן קעז, אויפן קנאָבלדיקן וואורשט און גענומען עס רייסן שטיקערווייז.

דער אַלטער פּאַפּאַ יאָהאַנוס האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט, באַלד דער־שמעקט וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ער אויך גענומען מיט אַ נעבעך־טאָן קוויטשען: — סאַנטאַ מאַריאַ, ריקי טייערער, פאַרגעס ניט דעם אַלטן זיידן דיינעם!

ריקי האָט אים דערלאַנגט אַ שטיקל קעז מיט אַ שטיק ווייסע ברויט. דער אַלטער האָט מיט ציטערנדיקע הענט גענומען גריזשען מיט די ציינ־לאָזע יאַסלעס און אַרויסגעברומט: — נאַיס באָי, ריקי! אַ וואוילער יונג, ריקי!...

אַלע זיינען געווען שטאַרק פאַרטאָן אין דער אכילה. חברה האָבן פלייסיק געביסן מיט די שאַרפע צײנדלעך און געשלונגען די שפּייז ניט־צעקייטערהייד.

מיטאַמאָל איז אַרויסגעקומען פון צווייטן צימער די אלמנה לואיז. איין באַק איז ביי איר געווען פאַררויטלט, אָנגעלעגן מיט טיפע קנייטשן, קענטיק ערשט אויפגעשטאַנען פון אַ שווערן שלאָף. אַ ווײלע איז זי גע־שטאַנען, זיך געריבן די אויגן און ניט געקאָנט זיך פאַנאַנדערקלייבן וואָס דאָ קומט פאָר. אָבער באַלד האָט זיך איר פּנים אָנגעכמורעט, די אויגן האָבן גענומען פייערדיק פינקלען און זי האָט בייז אַרויסגעשריען:

— ריקי, וואו האָסטו דאָס אַלץ גענומען?

— נו, גענומען, — האָט ריקי טעמפּ געענטפערט, גריזשענדיק אַ שטיק וואורשט.

די אלמנה לואיז האָט אויפגעברויזט. אירע שטענדיק־פאַרוויינטע אויגן האָבן פייערדיק אויפגעבליצט און זי האָט גענומען גוואַלדעווען, טופּענדיק מיט אירע דאַרע פיס:

— גענומען, האַ?... מסתמא געגנבעט!... צוגעשלעפּט!...

ריקי האָט געקוקט אָן אַ זייט, עקשנותדיק געשוויגן און זיך געוואָרגן מיט אַ ניט־דערקייטן ביסן. ביי לואיזן האָבן זיך גענומען וואַרפן אַלע גלידער. אַ הייסע כוואַליע האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן ביי איר אין האַלדז און מיט אַלע כוחות האָט זי גענומען שרייען:

— „מאַריאונדזשילאַ״!... אַ גנב וועסטו מיר ווערן?... אַ לויפער!...
אַרויס פון מיין הויז!...

און זי האָט גענומען ווילד שליידערן די אַלע פּאַטראָוועס אויפן דיל און אויסגעבראָכן אין אַ לאַנגן, קוויטשיקן געוויין.

ריקיס פרייד איז מיטאַמאָל אויסגערונען. ער איז געוואָרן בלאַס. די ליפּן האָבן זיך ביי אים אויסגעקרימט, און דאָס גאַנצע לייב האָט אים געשטאָכן ווי מיט נאָדלען. אַ היפּשע צייט איז ער געשטאַנען אַ פאַר־לוירענער און אַ פאַרשטיינערטער, געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער די צונג האָט זיך געקלעפּט צום גומען און די ווערטער זיינען אים געבליבן שטעקן ערגעץ טיף אין האַלדז.

ענדלעך האָט ער אָנגערוקט זיין ווייכן היטל טיף איבער די אויגן, און אַ צוזאַמענגעשרומפּענער און אַ דערשלאָגענער, מיט ניט־זיכערע טריט, איז ער אַוועק.

די אלמנה לואיז האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט. איר פּנים איז געוואָרן גרוי, און זי האָט זיך, אַ יאָושדיק־פּאַרלאָרענע, אָנגעשפּאַרט אָן ברעג טיש און היסטעריש געוויינט, ווי מען וויינט אויף אַ פרישן קבר. לאַנג־לאַנג האָט לואיז געוויינט, ביז אירע כוחות זיינען געוואָרן דערשעפּט און זי איז איינגעשלאָפן.

דער גוטמוטיקער אַלטיטשקער, פּאַפּאַ יאָהאַנוס, האָט געפינטלט מיט זיינע גרויע, אומרואיקע אויגן, זיך גענורעט אין זיינע שמאַטעס און מיט אַ דין שטימעלע געשעפּטשעט:

— מאַמאַ מיאַ!... סאַנטאַ לוטשיאַ!...

די קינדערלעך, צערייצטע און צעשראָקענע, האָבן זיך ווידער פאַר־רוקט אין ווינקל לעבן אויוון, געוואָרפן אומרואיקע, הונגעריקע בליקן אויף דעם צעוואָרפענעם עסנוואַרג, זיך נאָך מער געטוליעט איינער צום צווייטן און שטיל געשלוכצט מיט אַ פאַריתומט געוויין, ביז זיי זיינען אויך איינגעשלאָפן.

אַ טרויעריקע,, טויטע שטילקייט האָט ווידער געהערשט ביי דער אלמנה לואיז אין הויז. ערגעץ פון אַ דערבייאיקער געביידע האָבן זיך דערטראָגן אָפּגעריסענע קלאַנגען פון מוזיקער: זיי האָבן רעפּעטירט בייע לידלעך לכבוד דעם הייליקן קריסטמעס.

נאָך לואיזעס עלטערע טאָכטער, פּעאָדאָראַ, איז נאָך אַלץ אויף געווען. זי איז געזעסן אַ צוזאַמענגעדרייטע און צוזאַמענגעקאָרטשעטע אין אַ ווינקל.

אירע שוואַרצע, געקרייזלטע האָר זיינען געוועזן צעשאָטן איבער איר מאַט־וואַקסענעם פּינמל, און מיט אַ פּאָספּאָרישן גלאַנץ אין די אויגן געקוקט, מיט אַן אומגעהויער געפּיל פון רחמנות און צער, אויף איר פאַרחושכטער, פּריציייטיק־פאַרוועלקטער מאַמען; אויף אירע בלאַסע, הונגעריקע שוועסטערלעך, און שטיל פאַר זיך געברומט:

פראַטעלי ד׳איטאַליאַ!
קינדער פון איטאַליע, איר קינדער פון נויט!
וואַכט אויף צוזאַמען מיט אַלע אונטערדריקטע,
מיט אַלע הונגעריקע און פאַרפייניקטע!
עס לויערט אויף אונדז אַלעמען דער טויט...
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —.

1940

# זיין ערשטער פּאַציענט

דער יונגער דאָקטאָר ראַכלין, אַ הויכער, אַ שמאָלער, מיט טונקעלע, גרויסע אויגן, מיט אַ לענגלעך־בלייכן פּנים און מיט דיקע, שוואַרצע וואָנצעס, איז געזעסן אין זיין אויסמעבלירטן קאַבינעט, אויף אַ זייטיקער גאַס, האַרט ביי דער צווייטער עוועניו, און האָט אַריינגעקוקט אין אַ דיקן מעדיצינישן בוך. אָבער וואָס ער לייענט האָט ער קוים תופס געווען. און וואָס איז דער וואונדער? — אַז שוין דריי חדשים ווי ער האָט געעפנט זיין אָפיס, און אַ ריכטיקער פּאַציענט קומט זעלטן אַריין.

דורכן טאָג קומען צו אים דווקא יאָ אַריין פאַרשיידענע מענטשן — אינשורענס־לייט, אַגענטן פון בוך־פאַרלאַגן, מענטשן מיט פּאַטענטירטע מעדיצינען און כלערליי דערפינדונגען, אָדער מען קלאַפּט סתם אָן פאַר אַ נדבה. אָבער פון די אַלע פאַרשוינען קאָן מען קיין דירה־געלט ניט צאָלן.

כדי צו צעשטרייען זיינע שווערע רעיונות, האָט זיך דאָקטאָר ראַכלין אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט זיין פאַרשטייפטן רוקן, און גענומען אַרומ־שפּרייזן איבער זיינע קליינע צימערלעך, וואָס האָבן געשמעקט מיט וויל־גאַטש און יאָדאָפאָרם. ער שטעלט זיך אָפּ דאָ לעבן זיין אָרעם ביסל „סעקאָנד־הענד" מעבל, דאָ לעבן זיינע שאַפקעלעך מיט נייע, פינקלענדיקע אינסטרומענטן, און דאָ לעבן די פּאָליצעס מיט גראָבע, אויסגעפּליקטע קאַלעדזש־ביכער. און באַלד איז פאַר אים ווידער אויפגעשוואומען דאָס געשטאַלט פון זיין געליבטער, שלאַנקער, שוואַרץ־חנעוודיקער בעסי, וועלכע אַרבעט שוין יאָרן־לאַנג אַלס קאַסירערין אין אַ רעסטאָראַן. ווען וועט ער איר שוין פאַרגיטיקן פאַר איר מי און מאַטער? ווען?...

ס'איז געווען אַ הייסער, זומערדיקער פאַרנאַכט. פון דרויסן האָבן זיך דערטראָגן קוויטשערייען פון קינדער, דאָס בריאַזגעריי פון לאַסט־וועגענער, און אויסגעשרייען פון פעדלער.

דאָקטאָר ראַכלין איז צוגעגאַנגען צו זיין האַלב־אָפענער פענצטער און זיך פאַרקוקט אויף דער טומלדיקער, דאַון־טאַונער גאַס. אַנטקעגן אים, אויף דער אַנדער זייט גאַס, אויף אַ גאַנעק, איז געזעסן אַ דריבנע

אַלטיטשקע, וואָס ציילט שוין אירע טעג און חדשים און קלייבט מצוות פאַר יענער וועלט, און לעבן איר שטייט אירס אַן אייניקל, וואָס האַלט זיך ערשט אין פאַנאַנדערבליען, ווי אַ דופטיקע בלום. און גאַר אונטן, אויף די אָנגעשפּאָלטענע ברוינע טרעפּ, איז געזעסן אַ יונגע יידענע, אַ דיקע, אַ קיילעכדיקע ווי אַ פּעסל, מיט אַ היפּשן גוידער און מיט אַן אַנטבלויזטער, פולער ברוסט געקאָרמעט אַ זויג־קינד און געהאַלטן די גאַנצע צייט עפּעס אין קייען. זי האָט, קענטיק, געוואַרט אויף איר מאַן, וועלכער דאַרף באַלד אָנקומען פון שאַפּ. מענטשן מידע, געבויגענע נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, האָבן זיך געצויגן צוריק אַהיים, אין די טענעמענט־הייזער. פאַרמורזשעטע קינדער האָבן זיך אַרומגעגליטשט אויף שטאָלענע רעדלעך און אָנגעמאַכט אַ גרויסן געפילדער. באַלד איז צוגעפאָרן אַ קורצער, גראָבלעכער איטאַ־ליענער אין גלאַנציקע, סאַמעט־מבלוביש, מיט אַ משונה־גרויסן, שטרויענעם קאַפּעליוש, און גענומען אַרויסגראַגערן אויף זיין אַלטן שפּילקאַסטן אַ פּאָפּולער גאַסן־לידל. ביי זיין זייט איז געשטאַנען אַ יונגע איטאַליענערין, מיט פייערדיקע אויגן, מיט אַנטבלויזטע רירעוודיקע פּלייצעס און מיט שוואַרצע־ווי־פּעך האָר, וואָס פון שוואַרצקייט האָט מען זיך אין די האָר געקאָנט שפּיגלען. זי, די איטאַליענערין, האָט צוגעפּייקלט מיט אַ צימבל, און זינגענדיק געבעטן מען זאָל אַריינוואַרפן קליינגעלט. מיידעלעך, מיט ברודנע, פאַרשוויצטע פּנימלעך, און מיט קורצע קליידעלעך, האָבן זיך פון אַלע שטובן צוזאַמענגעלאָפן, זיך געפּאָרט, און ריטמיש, צום טאַקט, געהייבן די נאַקעטע פיסלעך און הענטלעך. אַן אַלטער, לאַנג־אויסגעצויגע־נער ייד, מיט אַ שיטערער סיווער באָרד און מיט אויסגעטריקנטע פיאות, איז פאַרבייגעגאַנגען. די פייערדיקע איטאַליענערין מיט די אַנטבלויזטע פּלייצעס האָט דעם אַלטן אונטער דער נאָז צוגעטראָגן איר קלינגענדיקן צימבל. דער אַלטער ייד האָט זי בייז אָנגעקוקט, אָנגערוקט זיין סאַמעטן קאַשקעט טיף איבער זיינע אויגן, און זיך געלאָזט גיין גיך, כדי ער זאָל חלילה ניט נכשל ווערן נאָך אַמאָל מיט דער קריסטינס יצר־הרע בליקן.

דאָקטאָר ראַבלין האָט זיך צעלאַכט פון דעם אומהיימלעכן אינצידענט, אַוועק פונעם פענצטער, זיך געזעצט אויף זיין ווייכער סאָפע און גע־טראַכט: — גאָט מיינער; דאַכט זיך, אַזויפיל פאַרשיידנאַרטיקע מענטשן, פון פאַרשיידענע פעלקער, שטראָמען פאַרביי מיין פענצטער מיטן מילכיקן דאָקטאָר־שילד, און זאָל כאָטש עמעצער אַריינקומען! — און ער איז אַריינגעפאַלן אין אַן אומעטיקלעך־מעדיטאַטיוון דרעמל...

פּלוצים האָט דאָס גלעקל אָנגעפּאַנגען האַסטיק קלינגען. דער יונגער דאָקטאָר ראַכלין האָט אויפגעוואַכט פון זיין דרעמל, אויף גיך פאַרגלעט זיינע געדיכטע, שוואַרצע האָר, צורעכט געמאַכט זיין געשטרייפטן קראַוואַט, אַרויפגעצויגן אויף זיך אַן ערנסטע דאָקטאָר־מינע און געעפנט די טיר.

עס האָט ניט גענומען לאַנג, און ביי אים אין האַלב־טונקעלן קאַבינעט איז געשטאַנען אַ קליין, דאַר מיידל. דער מיידלס קיילעכדיק פּנים איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ סך אָנגעפּאַפּטע, קינסטלעך־געקרייזלטע, בלאָנדע האָר. אירע בעקלעך און ליפּן זיינען געווען דיק באַשמירט מיט גלאַנציק־רויטער שמינקע. אויפן פּלאַץ פון די ברעמען זיינען געווען אויס־געשפּרייט צוויי דיקע שוואַרצע פּאַסן. אָבער די אַלע פאַרבן האָבן ניט פאַר־דעקט די געשוואָלענע, בלויע בייטעלעך אונטער אירע פאַרשמאַלטע, גרויע אויגן. אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ שטייפן, ראָז־קאָלירטן, קרוזשעווע־וועסטל, דורך וועלכן עס האָבן אַרויסגעסטאַרטשט שטיקלעך נאַקעטע לייב; און אין אַ קורץ־בלויע, געפּאַלדעוועט קליידל, פון וואַנען עס האָבן אַרויס־געשטעקט אַ פּאָר דאַרע פיסלעך.

— דאָקטאָר! — האָט די בלאָנדע, אָנגעשמינקטע מיידל אַ זאָג געטאָן מיט אַ הייזעריקער שטימע, — עס טוט מיר ווי אין ברוסט! — און נאָך איידער דער יונגער דאָקטאָר האָט צייט געהאַט אַרויסצורעדן אַ וואָרט, האָט זי זיך גענומען אויסטאָן.

ראַכלין איז אַלע זיינע יאָרן געווען אַ מענטש אַ חקרן, געווען אַ היימישער ישיבה־בחור, געשטאַמט פון אָרעמע עלטערן. דאָקטאָריע איז געווען זיין אידעאַל, זיין לעבנס־טרוים, דעריבער האָט ער זיך מיט גרויס דרך־ארץ און מיט ליבשאַפט באַצויגן צו זיין פּראָפעסיע. ער האָט זיך מיט ווירדע אַוועקגעזעצט ביי זיין נידעריקן, עטוואָס־אָפּגעניצטן שרייב־טיש, און מיט אַן אָנשטעל פון אַ יאָרן־לאַנג־דערפאַרענעם מעדיקער אַרויס־גענומען אַ פרישע עקזאַמעניר־קאַרטל און גענומען פרעגן:

— אייער ערשטער און צווייטער נאָמען?

— וואָס גייט אייך אָן מיין נאָמען? — האָט זי מיט חוזק געענטפערט, פאַרפירעריש אַ בליאַסק געטאָן מיט אירע גרויע אויגן און זיך צעלאַכט מיט אַ דריבנע, געציקלט געלעכטערל. אָבער ווען דאָקטאָר ראַכלין האָט אויף איר אָנגעשטעלט שטרענג זיינע גרויסע, טונקעלע אויגן, האָט זי זיך צוזאַמענגעשרויפט און מיט אַ האַלב מויל געענטפערט:

— מאַלי, און אויב עס גייט אייך אין לעבן, שרייבט: מאַלי שובין.

— אייער אַדרעס ? — איז ראַכלין אַנגעגאַנגען געשעפטסמעסיק מיט זיינע פראַגן.

— צוליב וואָס דאַרפט איר מיין אַדרעס ? — און זי האָט זיך ווידער פרעך צעלאַכט, צעעפענענדיק ברייט איר רויט־באַפאַרבטן מויל, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעשיינט אַ היפּש ביסל געל־גאָלדענע ציין.

דאָקטאָר ראַכלין האָט אַן אַנגעכמורעטער, אַן אומהיימלעכער גענומען וואַשן זיך די הענט און פאָרען זיך אַרום זיינע נייע, באַניקלטע אינסטרו־מענטן.

מאַלי האָט דערווייל אַרויסגענומען אַ לאַנג, ווייבערש סיגאַרעטל, עס אָנגעקלאַפּט עטלעכע מאָל אָן באַגילדטן שאַכטל, זיך וואויל־יונגעריש אַוועקגעזעצט אויפן דאָקטאָרס שרייב־טיש, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס אַזוי, אַז אירע באַקעטע ליטקעס האָבן זיך אַרויסגעזען, און זי האָט גענומען קונציק אַרויסלאָזן רויך פון אירע נאָזלעכער.

ראַכלין האָט פון איר באַנעמונג אָנגעהויבן פאַרדעכטיקן מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן. אָבער ער איז רואיק אַנגעגאַנגען מיט זיינע הכנות. אַוועקגענומען ביי איר דעם סיגאַרעטל, געהייסן זיך איר אויפשטעלן און זי גענומען לאַנגזאַם און דריבגלעך עקזאַמענירן. ער האָט אויסגעהערט איר האַרץ, גענומען איר בלוט־דרוק, אַריינגעקוקט אין די אויגן־לעפלעך, און אַ לאַנגע צייט געקלאַפּט איר איבער די ריפּן־ביינער און זיך גוט צו־געהערט צו די דומפּע קלאַנגען פון אירע לונגען.

ווען דער יונגער דאָקטאָר איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער גאַנצער אונטערזוכונג, האָט ער דער דאַרער, בלאָנדער מיידל געגעבן אינסטרוק־ציעס : פאַרשריבן אַ מעדיצין פאַרן הוסט, פאַרזאָגט שטרענג ניט צו רוי־כערן, זיין אַ סך אויף דער פרישער לופט, גיין פרי שלאָפן און עסן נאַר־האַפטע שפייז. און צום סוף האָט ער דורכגעזייט דורך זיינע ווייסע ציין :

— פאַרן ערשטן וויזיט וועל איך אייך רעכענען צוויי דאָלער, פאַר די ווייטערדיקע וויזיטן — בלויז צו איין דאָלער.

דאָס בלאָנדע מיידל האָט גענומען פלירטעווען, מאַכן חנדלעך, און אירע גרויע אויגן האָבן ביי איר גענומען גלאַנצן, גלייך ווי זיי זאָלן זיין ערשט באַשמירט מיט לאַק.

— קיין געלט, דאָקטאָר, צאָל איך ניט, אָבער איך וועל אייך אָפּדינען. איך וועל אייך ווערן אַ נאָענטער פריינט, אויב איר וועט מיך קורירן אומזיסט.

אַ קאַלטער שווייס איז באַפאַלן דעם יונגן דאָקטאָר. ער איז געוואָרן נערוועז און אויפגערעגט. אָבער ווען ער האָט זיך אַביסל באַרואיקט, און האָט זיך נאָכאַמאָל צוגעקוקט צו דאָס פאַרצערט און פאַרוועלקט מיידל, צו אירע בלויע, אָנגעבלאָזענע בייטעלעך אונטער די אויגן, האָט ער פאַר־לאָרן זיין דאָקטאָרשע שטייפקייט און מיטאַמאָל געקראָגן צו איר גרויס מיטלייד. ער האָט איר אונטערגערוקט אַ שטול, און ווי אַ נאָענטער פריינט איר גענומען מוסרן:

— ווייסט איר, מיס מאַלי שוביק, אַז אייערע לונגען זיינען שוין היפּש אָנגעגריפן? — און ער האָט אויף איר אָנגעשטעלט זיינע גרויסע, טונקעלע אויגן און פאַרגעזעצט: — זאָגט מיר, איך בעט אייך, פאַר וואָס פירט איר אַזאַ הפקר־לעבן?

די בלאָנדע מאַלי, אַן אויפגעברויזטע, האָט ניט אויסגעהאַלטן דעם דאָקטאָרס שאַרפן בליק, האָט זי מיט אַ געמאַכטן קוראַזש און מיט אַן איבער־געטריבענער פריילעכקייט זיך וואוילעריש אַ שטעל געטאָן אין אירע געלע, אָפּגעריבענע שיך מיט הויכע אָפּצאַסן, און גענומען חנדלען זיך, שיסן מיט אירע גרויע אויגן, און צוטאַנצנדיק גענומען זינגען:

עווערי באַדי איז דואינג איט!
דואינג איט!...
(יעדער איינער טוט דאָס, טוט דאָס...)

און נאָך דעם האָט זי וואויל־יונגעריש אַ נעם געטאָן דעם דאָקטאָר פאַר זיין לענגלעכער, גלאַטער גאָמבע און אים שטיפעריש אַריינגעזאָגט גלייך אין פּנים אַריין:

— איר זייט, דאָקטאָר, אַ נאַאיווער מענטש. ס׳וואָלט אייך געפּאַסט צו זיין אַ ראַבאַי!

דעם דאָקטאָר איז געוואָרן פאַרדראָסיק דער מיידלס אויפפירונג. ער האָט זי אָנגענומען פאַר אירע דאַרע פּלייצעס, און זי מיט גוואַלד ווידער אַנידערגעזעצט אויפן שטול, און מיט אַ שטרענג־באַפעלערישן טאָן איר אַריינגעזאָגט:

— הערט זיך אויף מאַכן נאַריש! אייער לאַגע איז אַן ערנסטע. איר רואינירט אייער לעבן!...

מאַלי איז דערצאָרנט געוואָרן פון דעם אופן, ווי דער יונגער דאָקטאָר האָט צו איר גערעדט. איר שפּיציק נעזל איז געוואָרן בלאַס, און מיט אַ גאַליק טאָן האָט זי אַרויסגעשריען:

— דעמעט!... נו, און אַז מען פוילט אין שאַפּ, איז בעסער?... און אַז מען איז אַ מאָדעל אָדער אַ קעכין — איז בעסער?....

דאָקטאָר ראַכלין האָט געזען, אַז זיינע רייד האָבן ניט געמאַכט די געווינטשטע ווירקונג, האָט ער געפּרובירט נוצן זיינע תלמודישע און פּסיכאָ־אַנאַליטישע קענטעניששן אויף זיין פּאַציענט. ער האָט זיך צו איר געווענדט מיט אַ פריינטלעכן, פאָטערלעכן טאָן:

— הערט מיך אויס, פריילין שובין. פון אייער דיאַלעקט פאַרשטיי איך, אַז איר קומט פון ווייס־רוסלאַנד, פון אַ שטעטל ערגעץ אין מינסקער אָדער מאָהיליאָווער גובערניע. פון אייער פאַמיליע־נאָמען לערן איך, אַז איר שטאַמט פון אַ משפחה פון שוחטים. איך שטעל מיך פאָר, אַז אייער טאַטע־מאַמע האָבן אייך געגעבן אַ גוטע דערציאונג, און ווען זיי האָבן דערפילט, אַז פאַר אייך איז ניטאָ קיין צוקונפט אין קליינעם שטעטל, האָבן זיי אייך געלאָזט פאָרן אין דער גאָלדענער אַמעריקע. און ווען זיי האָבן אייך אַרויסבאַגלייט, האָבן זיי געוויינט און געזאָגט: — פאָר געזונט, מלכהלע! פיר זיך אויף גוט, און זיי אַן ערלעך מענטש! און אַז גאָט וועט דיר העלפן, און וועסט חתונה האָבן פאַר אַ לייטישן מאַן, זאָלסטו פירן אַן אָנשטענדיק, כשר הויז, און זאָלסט ניט פאַרגעסן צו שרייבן בריוולעך.— און דאָ אין אַמעריקע זייט איר, קענטיק, אַריינגעפאַלן אין אַ פּאַראַזיטישער, מיאוסער געזעלשאַפט... זיך אַרומגעשלעפּט מיט פאַרדאָרבענע, בישטיקע מענטשעלעך...

דער דאָקטאָר האָט נאָך אַלץ גערעדט, אָבער מאַלי האָט שוין מער ניט געהערט. טרערן האָבן זי גענומען שטיקן. זי איז געוואָרן בלאַס. אירע דאַרע אַקסלען האָבן גענומען ציטערן, און זי האָט געביסן אירע דינע ליפּן ביז צו בלוט. זי האָט זיך געוואָלט אויפשטעלן, געוואָלט אַנטלויפן, ווי פון אַ ברענענדיקער הויז, אָבער אירע פיס זיינען געווען ווי געליימט. מיטאַמאָל איז איר געוואָרן פינצטער אין די אויגן און זי איז אַנידערגעפאַלן אויף דער הילצערנער פּאָדלאָגע, ווי אַן אונטערגעהאַקטער סנאָפּ שטרוי, און אָוועקגעחלשט.

דאָקטאָר ראַכלין האָט זיך ניט פאַרלאָרן, און פלינק געגעבן איר מעדיצינישע הילף. ער האָט זי אַנידערגעלייגט אויף זיין ווייכער סאָפע, אַרונטערגעלאָזט איר קאָפּ צו דער ערד, געגעבן איר שמעקן שאַרפע טראָפּנס און איר געגעבן אַ מעדיצין. מאַלי האָט געעפנט אירע אויגן. פאַר אַ צייט האָט זי ניט געוואוסט וואו זי געפינט זיך, אָבער באַלד האָט זי

ווידער גענומען צוקן מיט אירע דאַרע פּלייצעס און שלוכצן. טרערן האָבן גערונען אייבער איר דאַר פּנים ריטשקעסווייז. אירע שמינק איז געוואָרן צערונען, די בלויע בייטעלעך אונטער אירע אויגן האָבן זיך אָנגעבלאָזן ווי קישעלעך, און אירע געקרייזלטע, בלאָנדע האָר זיינען געווען צעקלאָטשעט.

מאַלי איז געלעגן אַ לאַנגע צייט אויף דער סאָפע ווי אַ פאַרטשאַדעטע. אַ ריי בילדער פון אירע קינדער־יאָרן זיינען איר בייגעקומען. — זי האָט פאַר זיך געזען איר פאָטער דעם שוחט, אַ הדרת־פּנים ייד,אין אַ זיידענער קאַפּאָטע; און איר מוטער — אַן אויסגעצוואָגענע, אין שבתדיקע מלבושים, גייען אין שול אַריין. זי האָט געזען, ווי אירע צוויי ברידערלעך, מיט געקרייזלטע פּיאותלעך, זיצן און לערנען תורה. און באַלד קומען איר פאַר אירע גרינע יאָרן אין אַמעריקע, — איר אומגליקלעכע, שטורעמדיקע ליבע מיטן וואָדעוויל־זינגער דזשאָיוואַני מאַרינעלי, אירע יאָרן אַלס „אָשערקע" אין אַ מואווי, און אירע זינקענדיקע ,ביטערע יאָרן אויף סעקאָנד עוועניו. און זי האָט געפילט, אַז זי איז אַ באַשמוצטע, אַ דערנידעריקטע און אַ דערשלאָגענע. און עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז איר צאַרטע, דאַרע מאַמע קוקט אויף איר מיט שאַרפע, פאַרטרערטע אויגן און בעט זיך ביי איר: טאָכטער מיינע, זיי אַן ערלעך מענטש! פיר זיך אויף גוט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ לייטישער יידישער טאָכטער!...

דאָקטאָר ראַכלין האָט איר נישט געשטערט, געלאָזט זי צורו. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי לופטערט דורך איר טרויעריק־שטורעמדיקע פאַרגאַנ־גענהייט און אַז זי גיט זיך אָפּ אַ חשבון־הנפש. האָט ער זיך גענומען ווידער אַריינקוקן אין זיינעם אַ בוך...

דורך דער צייט איז אין דרויסן געוואָרן טונקל. אַ גרוי, שטיקנדיקע שטימונג איז געהאַנגען אין דער לופט. פון גאַס האָט זיך נאָך אַלץ דער־טראָגן דאָס געערויש פון לאַסט־וועגענער. אַ געוויין פון קינדער און גע־שפּרעכן פון מענער און פרויען. דער דאָקטאָר האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ מיטן גרינעם אַבאַזשור אויף זיין שרייב־טיש.

מאַלי האָט זיך אויפגעזעצט. זי איז געווען האַלב־אָנגעטאָן און צע־שויבערט. זי האָט אויסגעזען מאַט־בלוי און אָפּגעשוואַכט, אָבער אירע גרויע אויגן האָבן איצט געגליט מיט אַ מילדן, האָפערדיקן פייערל...

דאָקטאָר ראַכלין האָט גענומען צורעכט מאַכן אירע צעקלאָטשעטע האָר, געגלעט איר שטערן צערטלעך, פאָטערלעך און איר געזאָגט מיט אַ שטימע פון טיפן האַרצן:

— איר קאָנט נאָך אַלץ גוט־מאַכן, איר זייט נאָך יונג. פאַרנעמט זיך אויף אַן אַנדער וועג, אויף דעם וועג, וואָס אייערע עלטערן האָבן אויס־געטראָטן...

מאַלי האָט זיך אויפגעשטעלט, מיט וואַקלענדיקע טריט צוגעגאַנגען צום וואַסער־קראַן. זי האָט זיך זאָרגפעליק, לאַנגזאַם געוואַשן, פאַרקאַמט נעט אירע בלאָנדע האָר, אָנגעטאָן איר ראָז־קאָלירט וועסטל, און נאָך דעם געלאָסן צו צום דאָקטאָר, געקוקט אים מיט געלויטערטע אויגן גלייך אין פּנים אַריין, באַצאָלט אים פאַרן וויזיט און מיט אַ רואיקער, ווייכער שטימע אַרויסגערעדט:

— דאָקטאָר, איר זייט אַ וואוילער מענטש. איר האָט מיך באַהאַנדלט אַזוי פיין, אַזוי איידל, גלייך ווי איר וואָלט געווען מיין לייבלעכער פאָטער! איך וועל אייך פאָלגן. איך וועל מיט אַלע מיינע כּוחות פּרובירן אַרויסרייסן זיך פון דעם זומפּ. און ווען איך וועל צו אייך ווידער קומען, האָף איך, אַז איך וועל שוין מער ניט זיין מאַלי — דאָס פריילעכע מיידל פון סעקאָנד עוועניו, נאָר איך וועל זיין אַן אַנדערע, אינגאַנצן אַן אַנדערע. איך וועל ווידער זיין — מאַניע, אברהם־בער דעם שוחטס טאָכטער.

און זי האָט זיך מיטן דאָקטאָר צעזעגנט און איז אַוועק.

1930

# זיין אייגן בלוט

עס איז שוין לאַנג צוגעפאַלן די האַרבסטיקע, קילע נאַכט, און איבערן הימל האָט אַ ווינט אַרומגעטריבן גרויע וואָלקנס, אָבער דזשאַן איז נאָך אַלץ אַרומגעלאָפן אין האַלב־באַלויכטענעם הויף פון אויטאָמאָביל־פאַבריק און האָט געגעבן די לעצטע באַפעלן צו די אָנגעכמורעטע, אויסגעמאַטערטע וועכטער און צו די צערייצטע דעפּיוטי־שעריפס.

ווען דזשאַן האָט זיך ענדלעך צוגעזעצט, האָט ער דערפילט אַ טעמפּע מידקייט אין אַלע זיינע צעשרויפטע גלידער. אין קאָפּ ביי אים האָט נאָך אַלץ גערוישט דאָס קנאַלן פון ביקסן און דאָס יאָמערלעך־קוויטשענדיק געוויין פון פרויען און קינדער. אין די נאָזלעכער ביי אים איז נאָך אַלץ פאַרבליבן אַן איבלדיקער געשטאַנק פון די גאַז־באָמבעס. זיין מוח איז געווען פאַרנעפּלט פונעם איבערגעלעבטן פיינלעכן טאָג און אויף דער נשמה איז געווען שווער און עקלדיק.

ערשט איצט האָט ער געגומען באַגרייפן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. דאָס איז געווען דזשאַנס ערשטער בלוטיקער צוזאַמענשטויס מיט די אַרבעטער פון זיין פאַבריק.

מיט שווערע, לאַנגזאַמע טריט האָט ער זיך אַוועקגעשלעפּט אין זייז רו־ און וואַש־צימער, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ווייכן שטול און אַריינגעקוקט אין שפּיגל.

דזשאַן האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין אויסזען. זיינע גרויסע גרויע אויגן זיינען געווען אָנגעשוואָלן; זיין פאַרהאַרטעוועטער, שטרענגער, רונדער פּנים איז געווען צעקאַרבט און פאַרחושכט און אין זיינע קנייטשן אַרום די נאָזלעכער איז געווען פול מיט שוואַרצע פאַרטריקנטע שוויס, געמישט מיט ערד און קוילן־שטויב. זיינע שוואַרצע, געקרייזלטע האָר זיינען געווען צעשויבערט און פול מיט אַש און שטויב. זיין נייע ברוינע אוניפאָרם איז געווען צעקנייטשט און פאַרברודיקט.

דזשאַנס אויגן זיינען געפאַלן אויף זיינע שטערן־ווינקלען און ער האָט באַמערקט אַ היפּש ביסל גרויע האָר. ער האָט אַ זיפץ געטאָן: ערשט 32 יאָר...

ס׳איז אים געקומען אויפן געדאַנק זיין געליבטע, ווירא, אירע מוסר־ווערטער, אירע אייגנאַרטיקע אידייען, — און ס׳איז אים נאָך אומעטיקער געוואָרן. עס האָט זיך אים געוואָלט מיט גוואַלד פאַרטרייבן זיינע טרויעריקע געדאַנקען. ער האָט אויסגעטרונקען אַ היפּש גלעזל שנאַפּס און זיך גענומען רייניקן און וואַשן. ער האָט צורעכט געמאַכט זיינע קליידער, פאַרקאַמט זיינע האָר און זיך באַשפּריצט מיט אַביסל פּערפיום.

ווען ער האָט איצט אַריינגעקוקט אין שפּיגל, האָט ער דערזען זיין מעכטיקע, שלאַנקע פיגור. פון פרייד האָט ער גענומען גלעטן זיין שטייף־געפּאַסטן אוניפאָרם מיט די געגילדעטע קנעפּלעך.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין אָנגעלאָדענעם, בליאַסקעדיקן רעוואָל־ווער און זיך געלאָזט גיין מיט אַ זייטיקן אַרויסגאַנג פון טונקעלן, נעפּלדיקן פאַבריק־הויף אין אַ דערבייאיקן איינזאַמען געסל.

גרויע כמאַרעס האָבן זיך אַלץ נידעריקער אַראָפּגעלאָזט איבער די אָרעמע, אָפּגעבליאַקעווטע צוויי־שטאָקיקע הייזלעך, וועלכע האָבן אים איצט אויסגעקוקט ווי מתים־שטיבלעך. פון די איינזאַמע, האַלב־נאַקעטע ביימלעך זיינען געפאַלן פאַרטריקנטע געלע בלעטלעך. פון די פאַרמאַכטע, האַלב־פינצטערע פענצטער האָבן זיך דערטראָגן קינדערשע, קרענקלעכע געוויינען. ערגעץ־וואו האָבן הינט יאָמערלעך געוואָיעט און האָבן צעריסן די נאַכט־שטילקייט. היימלאָזע, הונגעריקע קעץ האָבן זיך אַרומגעבלאָנקעט לעבן די מיסט־קאַסטנס.

דזשאַן איז געגאַנגען שנעל, אָבער מיט ניט־זיכערע טריט. ער האָט זיך אָפט אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך געשראָקן פאַר זיין אייגענעם שאָטן. דער קילער האַרבסטיקער ווינט האָט שטאַרק געבלאָזן און האָט ווילד אַרומגעשליידערט אָפּגעפאַלענע געלע בלעטלעך און שטיקלעך פּאַפּיר. יעדער גערויש האָט אָנגעוואָרפן אַן אומהיימלעכקייט אויף דזשאַנען. פּלוצים האָט ער באַמערקט פון ווייטן אַ שוואַרצע, איינגעהויקערטע פיגור שאַרן זיך ביי אַ וואַנט. ער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, געוואָרן בלאַס און פאַרשטיינערט, גלייך ווי ער וואָלט אַ בלאָנדזשענדיקן מת דערזען.

דזשאַן האָט געוואָלט אַריבערגיין אויף דער אַנדער זייט גאַס, אָבער ער האָט זיך פאַר זיך אַליין פאַרשעמט. ער, דער הויפּט־שעריף, זאָל גאָר מיטאַמאָל אַזאַ פּחדן ווערן. אינסטינקטיוו און אומבאַוואוסטזיניק האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן זיין רעוואָלווער און געגאַנגען ווייטער.

ווען ער איז צוגעקומען נעענטער צו דער שוואַרצער פיגור, האָט ער

פאַר זיך דערזען אַ פּאַרשפּעטיקטן, אָפּגעריסענעם שיכור, שלעפּן זיך האַרט ביי די ווענט און שפּייענדיק געבורטשעט:

— הינט!... פּאַסקודנע חיות!... זיי שיסן אויף אַ לעבעדיקן מענטשן!... אַ מיתה־משונה זאָל אויף זיי קומען!...

דזשאָן האָט גענומען שפּרייזן מיט פּאַרשנעלערטע טריט צום „לינקאָלן קלוב", אַן אינסטיטוציע, וועלכע די קאָמפּאַני האָט אויפגעהאַלטן טאַקע פאַר דזשאָנען, פאַר זיינע אַרויסהעלפער און פאַר עטלעכע אייגענע מענטשן.

ס'איז נאָך געווען אַ פיר אָדער פינף געסלעך דורכצוגייין, אָבער וואָס נעענטער ער איז צוגעקומען צום קלוב, אַלץ מער איז זיין מוט געפאַלן און אַלץ מער האָט אים גענומען קלאַפּן דאָס האַרץ, ווייל אין קלוב האָט ער דערוואַרט צו טרעפן זיין שיינע ווירא. ער איז געווען זיכער, אַז דעם אָוונט וועט זי אים מאַכן אַ סקאַנדאַל און אָנטאָן גרויס בזיון.

ווען דזשאָן איז צוגעקומען נאָענט צום קלוב, האָט ער זיך שטאַרק דער־פרייט מיט די העלע פאַסן ליכט, וועלכע האָבן זיך געגאָסן פון די פענצטער און באַלויכטן די כמורנע, פינצטערע נאַכט. ער איז געוואָרן אַביסל מוטיקער און שטייפער.

מיט אַ געמאַכטן קוראַזש איז ער צוגעקומען צו דער טיר פון לינקאָלן־קלוב. אַ הויכער און געזונטער פאַרשוין מיט אַ פעטן, רויט־נאַרישן פּנים און גרויסע פאַרדרייטע וואָנצעס, האָט זיך קנעכטיש פאַרנייגט פאַר דזשאָנען, געעפנט ברייט די טיר און אים אַריינגעלאָזט.

אויסערלעך האָט די געביידע פון דעם לינקאָלן־קלוב אויסגעזען אַזוי איינפאַך, ווי אַלע אַרומיקע הייזלעך, אָבער אינעווייניק אין קלוב איז געווען אַ היפּש ביסל רייכקייט און זאַטקייט.

דער קלוב איז באַשטאַנען פון עטלעכע צימערן. אַ לייען־צימער איז געווען רייך־מעבלירט. ביי די ווענט זיינען געשטאַנען ווייכע באַגילדעטע קאַנאַפּעס, עטלעכע מאַרמאָר־לוסטערן האָבן געפינקלט מיט בלאַנק־ווייסע פייערן.

אויף איין וואַנט איז געווען צוגענאָגלט אַ גרויסער אַמעריקאַנער פלאַג, אויף די אַנדערע ווענט זיינען געהאַנגען פּאַטריאָטישע בילדער. אויך האָט זיך דאָרט געפונען אַ סטאַטוע פון דזשאָרדזש וואַשינגטאָן. קיינער איז אין דעם צימער דעם אָוונט ניט געווען.

אין אַ צווייטן צימער, וועלכער איז געווען מעבלירט און דעקאָרירט,

ווי אַן אַלטמאָדישער שפּיכלער, האָט זיך געפונען אַ ביליאַרד, אַ פּינג־פּאָנג־טיש, אַ ציל־ברעט און נאָך אַנדערע ספּאָרטס. אויך אין דעם צימער איז דעם אָונט געווען פּוסט, ווייל קיינער האָט קיין חשק ניט געהאַט צו פאַרנעמען זיך מיט ספּאָרטס.

אין אַ דריטן צימער איז געווען דער רעסטאָראַן און אַ רייך־אויסגע־שטאַטעטער בופעט מיט כל־המינים שנאַפּסן, וויינען און ביר. אין דעם צימער זיינען געשטאַנען אַ סך ברוינע, רונדע טישלעך אַרומגעריגלט מיט מאַסיווע, באַקוועמע בענקלעך. אין די בענקלעך זיינען געזעסן שווערע, מידע פאַרשוויצן מיט רויט־באַזויפּענע פּנימער, געקליידט אין אוניפאָרמס און באַלאָדענע מיט ביקסן און מיט גאַרטלען פול מיט פּאַטראָנען.

עטלעכע מענער זיינען געווען אין ציווילע קליידער און אויך עטלעכע פרויען. מערסטע פון זיי האָבן געגעסן, איניקע האָבן געטרונקען שנאַפּס אָדער ביר. בלויז ביי איין טיש האָט מען אין דעם אָונט געשפּילט אין קאָרטן.

דורכן רויך פון די פיל־אויסגערויכערטע ציגאַרן און סיגאַרעטלעך איז דער צימער געווען פאַרטונקלט. צוויי באַלסע, פליכעוואַטע קעלנער, אין האַרט־געפּרעסטע העמדער, האָבן אַלעמען באַדינט.

כאָטש אויסערלעך האָט אַלץ אויסגעזען געוויינלעך, דאָך האָט זיך אין דער לופט געפילט אַן אָנגעצויגענע, געדריקטע שטימונג. אפילו די קליינ־וואוקסיקע, שרייענדיק־באַפאַרבטע, רויטע סיגאַרעטן־פאַרקויפערין האָט דעם אָונט ניט געפלירטעוועט מיט קיינעם.

ווען דזשאַן איז אַריינגעקומען, האָט ער זיך גלייך געלאָזט גיין אין רעסטאָראַן־צימער, זיך אויף קיינעם ניט אומגעקוקט און מיט זיין גע־וויינלעך שטאָלצן אָנשטעל, געזעצט ביי אַ טישל און זיך גלייך באַשטעלט זיין באַליבטן מאכל „העם און עגס" און אַ פלאַש „ווילסאָן". לעבן דזשאַנען האָט זיך צוגעזעצט סקיפּי, אַ קאָמפּאַני־שפּיאָן.

סקיפּי איז אַ קליין, דאַר מענטשל מיט געלע, קורץ־געשאָרענע, שטייענ־דיקע האָר, מיט פּאַקן־לעכער אויפן פּנים און מיט געל־וואַסערדיקע אויגן; געקליידט איז סקיפּי געווען אין איינפאַכע אַרבעטער־קליידער.

דער דורכגעטריבענער שפּיאָן האָט דערשפּירט, אַז זיין באָס, דזשאַן, איז אין אַ שלעכטער שטימונג, האָט ער גענומען אַ צייטונג און כלומרשט געלייענט. ער האָט פאַררויכערט אַ סיגאַרעט, טיף פאַרצויגן און אַרויס־געלאָזט גרויסע קנוילן רויך. אָט אַזוי שווייגנדיק, איז ער געזעסן און נאָכגעפאָלגט יעדע באַוועגונג, וואָס דזשאַן האָט געמאַכט.

סקיפּי האָט זיך אָבער לאַנג ניט געקאָנט איינהאַלטן, האָט ער מיט אַ הכנעה־טאָן אַרויסגערעדט:

— נו, אַ טאָג היינט געווען!... זיי האָבן דאָס היינט ווי די וועלף געבושעוועט, אָט די גאַטלאָזע יונגען! אָט די פאַרפלוכטע קאָמוניסטן!... ס'טו געהערט אַזוינס? — די קאָמפּאַני דערלייגט געלט און זיי גיב אַ רעיז, קורצע שטונדן, אַ שפּאָגל נייע יוניע!... כאָטש גיב זיי אַוועק די גאַנצע פאַבריק!...

דזשאַן האָט זיך ניט צוגעהערט צו סקיפּיס רייד און מיט אַ גע־פּאַלענעם געמיט האָט ער געקייט זיין עסן, אָן אַפּעטיט, און געוואָרפן אַלע ווײַלע אויפגערעגטע בליקן צו דער טיר...

און באַלד איז ווירא אַריינגעקומען. אָפּגעפּרעסענע שעריפס האָבן זיך פּילדייטיק־ציניש איבערגעקוקט, געוואָרפן הונגעריקע בליקן אויף אירע אויסגעפורעמטע, שטייפע גלידער און דערביי אויך נאַריש אונטערגעהוסט.

די שעריפס האָבן ווירען ניט איבעריקס ליב געהאַט פאַר איר שטאָל־צער נאַטור און פאַר אירע משונהדיקע קאַפּריזן, נאָר אויס מורא פאַר דזשאַנען, האָבן זיי זיך צו איר באַצויגן מיט כלומרשטן רעספּעקט.

ווירא האָט פאַרמאָגט אַ ליבלעכן, בלאַסן פּנים, מיט הימל־בלויע, קלוגע, פאַרחלומטע אויגן, מיט פלאַקסענע האָר, און איז געווען געקליידט מיט געשמאַק.

דזשאַן האָט זיך זייער דערפרייט מיט איר, — זי איז געווען זיין איינציק ביסל פרייד אין זיין פּוסטן לעבן.

זיין פּנים האָט גענומען שטראַלן פון שמחה און זיינע גרויסע אויגן האָבן אָנגעהויבן שמייכלען. אָבער ווען ווירא איז צוגעקומען נעענטער צו דזשאַנס טישל, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זי ווייס שוין פון אַלץ, ווייל זי איז געווען בלאַסער, ווי געוויינלעך, און אירע אויגן זיינען געווען פאַר־ווײנט. ווירא האָט זיך געזעצט קעגנאיבער דזשאַנען און האָט אים ניט באַגריסט.

אַן אומעטיקע, נאַגנדיקע שטילקייט האָט אין רעסטאָראַן־צימער גע־הערשט און קיינער האָט ניט געוואַגט אָט די נאָגנדיקע שטילקייט איבער־צורייסן.

דזאַשן האָט געפּרובירט אַ שמייכל טאָן צו ווירען, נאָר זיינע ליפּן האָבן זיך אים אויסגעקרימט. ער האָט אָנגעגאָסן אַביסל שנאַפּס און עס צוגערוקט צו ווירען, אָבער זי האָט זיך צו דעם ניט צוגערירט.

ווירא האָט אָנגעשפּאַרט איר בלאַסן, אומעטיק־שטרענגן פּנים אויף

אירע צאַרטע, דורכזיכטיקע הענט און האָט דורכדרינגלעך־בייז געקוקט מיט צוזאַמענגעצויגענע אויגן אויף דזשאַנען.

דזשאַן האָט זיך געפילט אומגליקלעך. ס׳האָט אים גענומען ווערגן אין האַלדז. ער איז שטאַרק רויט געוואָרן. ער האָט גענומען בייסן זיינע נעגל. שווערע געדאַנקען האָבן גענומען שטאַרק פּרעסן אויף זיין מוח. אַ לאַנגע צייט איז אַנגעגאַנגען דאָס פּיינלעכע, נאַגנדיקע שטילשווייגן.

פּלוצים האָט ווירא אויסגעשריען מיט אַ וויינענדיקער, הייזעריקער שטימע:

— מערדער!... גאַרילעס!... איר האָט היינט דערשאָסן פיר אומ־שולדיקע מענטשן!...

און זי האָט זיך היסטעריש פאַנאַנדערגעוויינט.

דזשאַן האָט אַרונטערגעלאָזן זיין קאָפּ. זיינע גרויע, געשוואָלענע אויגן האָבן גענומען פינקלען, און אין קאָפּ ביי אים — אַ וויסטער פּלאָנטער.

סקיפּי האָט געפונען פאַר נויטיק עפּעס צו טאָן, האָט ער מיט אַ קנעכטישער העפלעכקייט גענומען ווירען באַרואיקן, זשמורענדיק מיט זיינע געל־וואַסערדיקע אויגן:

— מען האָט דאָך זיי, די גאַטלאָזע, געוואָרנט! זיי ווייסן דאָך, אַז די קאָמפּאַני האָט שעריפס און „ספּעשעלס״. דערצו האָט מען דאָך אַפּריער אויף זיי געוואָרפן טרערן־גאַז־באָמבעס, אָבער זיי זיינען זיך ניט פאַנאַנדערגעגאַנגען, האָט מען דאָך געמוזט עפּעס טאָן!...

ווירא, וועלכע האָט ניט אויפגעהערט צו וויינען, האָט כליפּענדיק און מיט גיפט אַרויסגערעדט:

— גאַרילעס!... בלוט־הינט!... — איר האָט דאָך אויף זיי געשאָסן אַפילו דאַן, ווען זיי האָבן זיך גענומען פאַנאַנדערלויפן!...

אַלע אַרום האָבן מרה־שחורהדיק געשוויגן. אויך דער כיטרער שפּיאָן סקיפּי האָט זיך געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט, און כדי צו בייטן די שטימונג האָט ער זיך געווענדט צו דזשאַנען מיט אַן איבערטריבענער, געמאַכטער ערנסטקייט:

— זעסטו, דזשאַן, אָט דאָס וואָס מען האָט דערשאָסן מאַיקן, דאָס פאַר־דריסט מיך שטאַרק! אַ שאָד, אַ וואוילער מענטש געווען.

דזשאַן האָט אויפגעהויבן זיין צעשויבערטן, שווערן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, און האָט שטיל און מעלאַנכאָליש אַרויס־גערעדט:

— דו האָסט אים דען געקענט, סקיפּי ?

— גוט געקענט, — האָט דער שפּיאָן אונטערטעניק און גערן גע־ענטפערט. — איך האָב ביי אים געוואוינט גאַנצע דריי חדשים, געפּרובירט מיט אים ניט איין מאָל איינטענהן ; געראַטן אים, ער זאָל זיך וואָס ווייניקער מישן ביי זיי אין דער יוניע ; געגעבן אים אָנצוהערן, ער זאָל אַריין אין אונדזער יוניע, וועט אים זיין גוט און וואויל.. זיין פרוי האָט געהאַלטן מיט מיר, אָבער ער — ניט פון אָרט. כאָטש די נויט ביי אים אין הויז איז אַ שוידערלעכע. ער האָט פיר קליינע קינדער, אָט דער מאַיק — דאָס עלטסטע איז ערשט ביי אַכט יאָר אַלט... ער פלעגט אַלעמאָל זאָגן : „איך וויל ניט קיין טובות פון די באָסעס. מיין טאַטע פלעגט ער מיט שטאָלץ זאָגן, איז געווען אַן ערלעכער אַרבעטער, אַ קוילן־גרעבער געווען, דער־הרגעט געוואָרן אין אַ מינע ביי דער אַרבעט, און איך וועל אויך פאַרבלייבן אַן ערלעכער אַרבעטער... נו, זעט איר, אַז ער האָט געהאַט דעם זעלבן סוף, ווי זיין טאַטע. נאַראָנים שטאַרבן ווי נאַראָנים !

סקיפּי האָט זיך צופרידן אַרומגעקוקט, געוואָלט זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק זיין דערציילונג האָט געמאַכט, און האָט זיך אויף זיין געוויינלעכן ציינישן אופן צעלאַכט מיט זיינע צונויפגעדריקטע, שמוציקע ציין.

ווירא האָט ברייט פאַנאַנדערגעעפנט אירע פאַרטרויערטע אויגן און פול מיט האַס אַרויסגעשיפּעט :

— ווילדע חיה !... סטול־פּידזשאָן !... דו לאַכסט נאָך ?!... איר מאָרדעט אומשולדיקע מענטשן און איר לאַכט !...

דער שפּיאָן האָט זיך ווייניק־וואָס באַליידיקט און האָט געשעפטסמעסיק געענטפערט :

— פאַרגעסט ניט, טייערע מיס ווירא, אַז מיר דינען צו דער קאָמפּאַני. מיר קריגן גוט באַצאָלט, דאַרפן מיר טאָן אַלץ וואָס מיר קאָנען צו באַשיצן דאָס האָב און גוטס פון דער קאָמפּאַני.

ביי דזשאָנען האָבן זיך איצט געפּלאָנטערט אָן אַ סדר דערינערונגען פון זיין פינצטערער, שנעל־פאַרלאָפענער יוגנט און ער האָט זיך אַלץ מער אינטערעסירט מיט מאַיקן, האָט ער מיט אַ דערשטיקטער שטימע אַ פרעג געטאָן :

— ווייסטו, סקיפּי, פון וואַנען ער קומט, אָט דער מאַיק ?

סקיפּי איז שטענדיק געווען גרייט צו דינען זיין באָס מיט אינפאָר־מאַציע, האָט ער ווידער גענומען וואַזשנע און מיט איינצלהייטן דערציילן :

— פון אַרום פּיטסבורג קומט ער. זיין פאָטער איז געווען אַן ענגלישער אימיגראַנט, געשטאַמט פון די בריטישע קאָליערס. ווען זיין פאָטער איז דערהרגעט געוואָרן, איז מאַיק אַלט געווען ניין יאָר. ער האָט געהאַט אַן עלטערן ברודער און אַ קליין שוועסטערל... אין אַ חודש שפּעטער איז אויך זיין מוטער געשטאָרבן. די דריי קינדער האָט מען אַריינגעגעבן אין אַ יתומים־אַנשטאַלט. זיין עלטערער ברודער איז אַנטלאָפן פון אַנשטאַלט און מער האָט מאַיק פון אים ניט געהערט. זיין שוועסטער געפינט זיך אין שיקאַגאָ, איז פאַרהייראַט צו אַ טראַק־דראַיווער...

— יאָ, אַ שאָד! — האָט דער שפּיאָן מיט איבערטריבענער ערנסט־קייט צוגעגעבן. — אַ וואוילער, שטילער מענטש איז אָט דער מאַיק געווען!

דזשאַן איז געזעסן ווי אַ פאַרגליווערטער. פון אונטער זיינע טיף־אַראָפּגעלאָזענע, אָנגעכמורעטע ברעמען האָבן זיינע גרויסע, גרויע אויגן אַרויסגעקוקט מיט אַ בלייערנער שווערקייט. איבער זיין פּנים האָט זיך צעגאָסן אַ קאַלטער אומעט, וואָס האָט פאַרקלעמט זיין האַרץ מיט אַ פאַר־געפיל פון עפּעס אַ פאַטאַלער זאַך, וואָס מען קאָן ניט אויסמיידן. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער האָט זיך אָפּגעריסן פון דער ערד און ער פאַלט ערגעץ אין אַן אומענדלעכן תהום. זיינע אויגן האָבן זיך אים גענומען קלעפּן.

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן טישל, דערביי אַרונטערגעוואָרפן אַ פלאַש און עטלעכע גלעזלעך.

די האַרציקע, קלוגע ווירא איז געזעסן אַ דערצאָרנטע און אַ דער־שלאָגענע, ווייל זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען דזשאַנען אין אַזאַ אומ־באַהאָלפענעם צושטאַנד. זי האָט גענומען קריגן רחמנות אויף דזשאַנען און מיט שטאַרע אויגן האָט זי נאָכגעפאָלגט וואָס דאָ קומט פאָר.

ביי דזשאַנען זיינען איצט אויפגעשוואומען איינע נאָך די אַנדערע בילדער פון זיינע אָרעם־שוואַרצע, פאַרלאָפענע קינדער־יאָרן. אָט זעט ער פאַר זיך בוילעט דעם טונקעלן, באַוואָקסענעם פּנים פון זיין נאָך גאָר־יונגן טאַטן אויף דער ערדענער פאַדלאָגע. דעם טאַטנס גרויסע, גלעזערנע אויגן זיינען אָפן און אויף זיינע בלויע ליפּן ליגט אַן איראָנישער שמייכל. ביים טאַטנס קאָפּ צאַנקען דינע, שוואַרצע חלבנע ליכט. קורצע, איינ־געהויקערטע ווייבער, מיט געלע, ערדישע פּנימער, דרייען זיך אַרום און וויינען.

די הויכע, דאַרע, שטאָלצע מאַמע, מיט אַ שוואַרצן שאַלכל איבערן קאָפּ,

פון וועלכן עס שטעקן אַרויס שטיקלעך גרויע לאָקן, שאַרט זיך פון וואַנט צו וואַנט אַ פאַרשטיינערטע. זי וויינט ניט, גלייך עס זאָל זיין ניט איר אומגליק.

און אָט זעט שוין דזשאָן דייטלעך, ווי די זעלבע קורצע, איינגע־הויקערטע ווייבער פון קוילן־געסל קלייבן פּעניס פאַר דער מאַמעס לוויה.

און אָט שווימט פאַר אים אויף דאָס בילד פון דעם הויכן אויפזעער פון יתומים־אַנשטאַלט, מיט די פעטע בראָדעוועס אויפן קעלבערנעם פּנים. דער אויפזעער שמייסט מיט אַ דיקן לעדערנעם פּאַס.

דערנאָך גייט אַ לאַנגע קייט פון שרעקלעכע טעג און יאָרן: אַ הונ־געריקער, אַן אָפּגעריסענער האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט אין קאַלטע פּראַכט־וואַגאָנען, אָנטיילגענומען אין גנבות, עטלעכע יאָר געשמאַכט אין טורמעס, דערנאָך ווידער אַ לעבן פון שיכרות, געשלעגן, אַוואַנטורעס.

אַ לאַנגע צייט איז ער אַזוי געזעסן אָנגעשפּאַרט אויפן טיש. אַ סך פון די שעריפס האָבן זיך גענומען פאַנאַנדערגיין אַהיים. ווירא האָט אים אָנגעהויבן רופן אַהיים.

דזשאָן האָט זיך אויפגעכאַפּט, גענומען זיך פאַרוואונדערט אַרומקוקן. זיינע רויט־געשוואָלענע אויגן זיינען געפאַלן אויפן געלן קאָמפּאַני־שפּיאָן. מיט אַ פאַרשטיקטער, יאָושדיקער שטימע האָט ער אַרויסגעברומט:

— אַ, וואָס האָסטו, סקיפּי, געזאָגט? — זיין טאַטע האָט געוואוינט אַרום פּיטסבורג?... דערהרגעט געוואָרן אין אַ קוילן־מינע?... און ווי אַזוי איז זיין צווייטער נאָמען, אָט דעם מאַיקס?

— זיין צווייטער נאָמען איז בוש. זיין פרוי פלעגט אים רופן מיקי, — האָט סקיפּי געענטפערט און אַ שמייכל געטאָן מיט זיינע מעפּיסטאָפעלישע, געל־וואַסערדיקע אויגן.

ביי דזשאָנען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט ביידע הענט און געבליבן הענגען באַוועגלאָז, גלייך ווי אָנגעגאָסן מיט בליי. זיין פּנים איז געוואָרן טויט־בלאַס. זיינע ליפּן האָבן גענומען ציטערן. ער האָט אַ נאַרישן שמייכל געטאָן, און באַלד איז דער שמייכל אַנטרונען און עס האָט זיך באַוויזן אַ ביטערע מינע פון קליינקייט און געפאַלנקייט.

ווירא האָט געזען, אַז עפּעס האָט דאָ פּאַסירט מיט איר דזשאָנען, האָט זי אַ דערשראָקענע און מיט רחמנות אים גענומען בעטן:

— קום אַהיים, דזשאָן!

דזשאָן האָט בלויז טעמפּ און פאַרצווייפלט אַ קוק געטאָן אויף זיין

ליבער וויראַן און אַוועקגעדרייט זיין קאָפּ.

זיינע פּענכערדיקע, רויטע אויגן האָבן אָן אַ ציל געקוקט אין אַ טיפער און פּוסטער ווייטקייט.

אַ היפּשע צייט איז ער אַזוי געזעסן און פון צייט צו צייט האָט ער שטילערהייד אַרויסגעמורמלט, ווי ער וואָלט צו זיך אַליין גערעדט:

— אַזוי!... הייסט עס, מיר האָבן דערמאָרדעט מיקי בוש!... מיין מיקין!...

פלוצים האָט ער זיך אויפגעשטעלט, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס אַריינ־געקראָגן אַ שטראָם פון נייע כחות, און ער האָט גענומען האַסטיק אַרומ־מאַרשירן איבערן רעסטאָראַן־צימער הין און צוריק. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן צימער און זיך אָנגעהויבן קלאַפּן אין זיין ברייטער ברוסט מיט זיינע האַרטע קולאַקעס און געשריען:

— איך האָב מיין איינציקן ברודער דערשאָסן!... מיין מיקין האָב איך מיט מיינע הענט אַליין דערהרגעט!...

ביי דזשאַנען זיינען איצט די אויגן געווען אינגאַנצן פאַרלאָפן, ווי זיי וואָלטן געווען פאַרצויגן מיט טונקעלע הייטלעך. אין קאָפּ איז ביי אים גע־ווען אַ גאַנצער געווירבל און זיין מאַרך איז געווען צעפליקט, צע־קאַליעטשעט. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דער קלוב איז פּוסט און פול מיט רויך און אַלע מענטשן זיינען אויסגערונען.

ווירא איז צו אים צוגעגאַנגען, אים געוואָלט אָננעמען ביי דער האַנט, ער האָט זיך אָבער פאַר איר דערשראָקן און זי רוגזהדיק אָפּגעשטויסן.

מיט שווערע טריט האָט זיך דזשאַן געלאָזט גיין צו דער „באַר“, טאַפּנד־דיק מיט די הענט, ווי ער וואָלט געשפּרייזט אין אַ טיפער פינצטערניש. ער האָט אַראָפּגענומען אַ גרויסע פלאַש שנאַפּס פון די פּאָליצעס הינטער דער „באַר“, אָפּגעבראָכן דאָס העלדזל און אויסגעטרונקען די פלאַש שנאַפּס מיט איין אָטעם. נאָכדעם האָט ער לאַנגזאַם אַרויסגענומען זיין אָנ־געלאָדענעם, בלישטשענדיקן רעוואָלווער, אַ גלעט געטאָן דאָס מעטאַלענע, קאַלטע הענטל פון רעוואָלווער, ווי מען גלעט אַ געטרייען הינטל. מיט אַ זיכערער האַנט האָט ער צוגעשטעלט דעם רעוואָלווער צום קאָפּ.

אין אַ מינוט שפּעטער איז שוין דזשאַן געלעגן טויט.

אין דרויסן האָט געוואָיעט אַ ווינט און ערגעץ־וואו האָבן זיך הינט נאָך שטאַרקער צעבילט.

1938

# אַ לינטשינג־פּאַרטי אין דער סאַוט

צום אָנדענק פון מיין
אייביק־יונגן זון עזרא.



עזיק — אַ הויכער, שלאַנקער סטודענט — האָט געשפּריזט מיט לייכטע, האָפּערדיקע טריט אויף פּאַרלאָזטע, געשלענגלטע וועגן פון אַלאַ־באַמאַ צו זיין קאַלעדזש אין בירמינגהעם. דער טאָג איז געווען אַ לויטערער, אַ הייסער, אַ זון־געפּלאַסטערטער; פון אַלץ אַרום האָט גע־אָטעמט מיט דורכדרינגלעכער וואַרעמקייט. דער יונגער עזיק איז געווען צעהיצט און דורשטיק. זיינע ברוינע, ענג־געפּאַסטע קליידער זיינען געווען פייכט פון שוויס; זיינע לאַנגע, צעכוואַליעטע, מאַט־שאַרצע האָר האָבן זיך געקלעפּט צו זיין גלאַטן, טונקעלן שטערן.

דער שלאַנקער חנעוודיקער עזיק האָט זיך פאַרנומען אויף אַ ברייטערן, בערגיקן שליאַך און ער האָט געמאַרשירט מיט זיינע לאַנגע, אויסגעטאָקטע פיס צווישן באַאַרבעטע, פון־זון־פאַרברענטע פעלדער, אויף וועלכע ס'זיינען אַרומגעשפּרונגען מחנות פאַרשיידנאַרטיקע פייגעלעך און פעלד־מייז. אַרום איז געווען שטיל, רואיק און שלעפעריק. קיין סימן פון אַ מענטשלעכן וועזן. פון וויטן האָבן באַגילדטע צלמים העל געבליאַסקעט פון פאַרוואָרפענע ישובים.

אָבער באַלד האָט ער אָנגעטראָפן אַ לענגלעך־פלאַך, צעקעסטלט אין קוואַדראַטן פעלד, באַדעקט מיט צייטיקע באַוול־ביימלעך, אויסגעפּוצטע מיט ווייסע זאַנטיקלעך, וואָס האָבן זיך געבויגן צו דער ערד. אין איין זייט פון פעלד האָבן עטלעכע הונדערט מענטשן, צעוואָרפן אין קופּעס, געאַרבעט איינגעבויגענע איבער דער שוואַרצער ערד. די מענטשן זיינען געווען האַלב־נאַקעט, זייערע בלויזע, נאַסע רוקנס האָבן געבליאַסקעט, ווי

שפּיגלען אין אַ העלער זון. זיי, די מענטשן, האָבן אויסגעזען ווי שוואַרצע, ערדישע געשפּענסטער, וועלכע האָבן אויטאָמאַטיש, בליץ־שנעל געהויבן אַרויף און אַראָפּ שטיקלעך שוואַרצע הענט, ווי געאיבטע פידלער אין אַן אָרקעסטער בעת זיי שפּילן אַן אַלעגראָ. צווישן די קופּעס מענטשן האָבן זיך ווי אַ סטענגע געצויגן קליינע מענטשעלעך מיט גרויסע, הויכע, איבערגעפּילטע באַוול־קערב, און זיינען געווען ענלעך צו אַ שערענגע שוואַרץ־גקליידטע פּאַיאַצן אין ווייסע בעקער־מיצן, וועלכע גייען אויף שטאָלצעס.

ביי אַ זייט איז געשטאַנען אַ ברייטביייניקער, פּעטלעכער מאַן און האָט פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזן אַ שאַרפן פייף. די קליינע מענטשעלעך, מיט די גרויסע קערב אויף די קעפּ, האָבן זיך געלאָזט גיין גיכער. די שוואַרצע שטיקלעך הענט האָבן זיך גענומען באַוועגן נאָך שנעלער.

דער געפּילפּולער עזיק, דער שטענדיקער זוכער פון יושר און גערעכ־טיקייט, איז געשטאַנען אַ לאַנגע צייט, צוגעקוקט און באַוואונדערט דאָס מענטשלעכע געדולד, און אין קאָפּ ביי אים אַ פּלאָנטער פון פאַרשיידענע געדאַנקען: וואָס פאַר אַ שוידערלעכע, אכזריותדיקע באַציאונג פון מענטש צו מענטש עס עקזיסטירט נאָך!... ענדלעך האָט ער זיך געלאָזט גיין ווייטער. די האַרבסטיקע זון האָט נאָך אַלץ שטאַרק געפּאַליעט, געהיצט די גלידער, געמאַכט די טריט שווערער... אָבער באַלד איז ער אַריין אין אַ געדיכט וועלדל, אָנגעפּיקעוועט מיט נאָדל־ביימער. די לופט איז מיט־אַמאָל געוואָרן קילער, מחיהדיקער, און עס האָט דאָרט געשמעקט מיט אַ ריח פון צעלאָזענע פּעך. אַרום איז געווען שטיל, רואיק און אומבאַוועגלעך, פּונקט ווי דאָס אַלץ האָט זיך נאָך ניט איינגעוואוינט מיטן לעבן אויף דער ערד. בלויז דרייסטע פייגעלעך זיינען אַרומגעפלויגן, געצוויטשערט און איבערגערעדט זיך.

דער יונגער עזיק האָט זיך אויסגעצויגן אויפן גרינעם גראָז אונטערן שאָטן פון אַ דיקן בוים, באַטראַכט מיט פאַרטיפונג די ביימער און די פאַרשיידענע פלאַנצן אַרום אים. קרומע זון־שטראַלן, דורכרייסנדיק זיך צווישן די צווייגן, האָבן געציטערט אין דער לופט, ווי דינע גאָלדענע סטענגעס. ביי אים איבערן קאָפּ האָט מיטאַמאָל גענומען קלאַפּן אַ פּיקהאָלץ. די קלאַנגען זיינען געווען ענלעך צו אָפּגעהאַקטע קלאַנגען פון אַ טעלעפאָן. און אָט האָט ער זיך אויסגעצויגן אויפן רוקן, גענומען קוקן אין דער הויך. ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אויף אַן אָפּענעם פּלאַץ און ער איז אַנטציקט

געוואָרן! — דער הימל איז געווען לויטער און בלוי; קליינע, ווייסע וואָלקנדלעך, ווי שעפּסעלעך, האָבן פאַרחלומט געפּויזעט; אַ מחנה פייגל זיינען, ווי אַן אויסגעטרעניִרטער סקאַדראָן עראָפּלאַנען, דורכגעפלויגן... און ער האָט געטראַכט: — אָך, ווי שיין און ערלעך ס׳איז די נאַטור!... אָבער לאַנג איז ער ניט געלעגן, — געוואָלט וואָס גיכער אָנקומען אין בירמינגהעם. האָט ער זיך געלאָזט גיין ווייטער און איז באַלד אַריינגעפאַלן אין אַ קליין, אָפּגעלאָזט ישוב, געדיכט באַזעצט מיט האַלב־חרובע, היל־צערנע הייזלעך. דאָס זיינען געווען שטיבלעך פון נעגערשע באַוול־קלייבער.

עזיק האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַן איינגעהורבעט שטיבל, וואו שוואַרצע, אויסגעצערטע קינדערלעך, מיט דראָטענע קרויזן איבער די נידעריקע שטערנס, האָבן זיך געשפּילט אין שאָטן פון אַלטע, אויס־געקרימטעביימלעך.

דער שלאַנקער עזיק, מיט זיין שטענדיקן זיסן שמייכל צעגאָסן אויף זיין חנעוודיקן, לענגלעך־גלאַטן פּנים, איז צוגעגאַנגען צו די קינדער, גענומען פריינטלעך גלעטן זייערע געקרייזלטע קעפּלעך און מיט זיין וואַרעם סאַמעט־שטימע געבעטן אַ טרונק וואַסער. די נעגער־קינדער האָבן אים באַקוקט פון קאָפּ ביז די פיס,—דערזען אַ ווייסן, זעלנעריש־געקליידטן מענטשן, זיינען זיי צעשראָקענע און מיט אַ קוויטשעריי: — מאַם, איי דזשי־מען! — און גלייך אין הייזל אַריינגעלאָפן.

ס׳האָט ניט גענומען לאַנג און ביי דער טיר האָט זיך באַוויזן אַן איבערגעוואַקסענע, אויסגעדאַרטע נעגערטע מיט צעפּלאָשעטע, גרויע האָר. זי האָט אַ בליאַסק געטאָן מיט פאַרשנדיקע, שפּילדיקע ווייסלען אויף עזיקן, און גלייך פאַרהאַקט די טיר.

דער סענסיטיוו־געפּילפּולער עזיק איז אַוועק אַ באַליידיקטער און מיט אַ שווער געמיט, טראַכטנדיק: די נעגערס ציטערן פאַר אַ ווייסן אין דעם געגנט, ווי פאַרן מלאך־המות.

דער יונגער עזיק האָט זיך געלאָזט ווייטער גיין אויף אַ פאַרוואָרפענעם, זאַמדיק־צעגליטן שליאַך. לאַנג איז ער געגאַנגען, געזוכט אַ פּלאַץ וואו ער זאָל קענען איבערבייסן. ענדלעך האָט ער פון ווייטן דערזען אַן אייב־געהויקערט הייזל מיט אַ שילד: „פראַנקפורטערס און סאָדאַ״. מיט ברייטע טריט האָט ער זיך געלאָזט צום הייזל־געוועלבל. ביי דער טיר האָט ער זיך געמוזט שטאַרק איינבויגן, ווייל דאָס הייזל איז געווען אַן אַראָפּגעזונקענס און אַ צוגעפּלעטשטס צו דער ערד. עזיק איז אַריין און זיך געזעצט ביי אַ

איינציקן נאַקעטן טישל, וואָס איז געווען באַזעצט מיט אַ גאַנצער מחנה פליגן. הינטער אַ הויכן, שמאָלן טישל, וואו ס׳איז געווען אויסגעלייגט עטלעכע קעסטלעך מיט קאָנפעקטן און „קרעקער־דזשעקס״, איז געזעסן אַ נעגער מיט פעטע, שוואַרץ־רויטע ליפּן און מיט אַ קיילעכדיק, לאַכנדיק פּנים. עזיק האָט באַשטעלט עטלעכע וואורשטלעך און סאָדע־וואַסער, און וואַרטנדיק אויף זיין באַשטעלונג האָט ער דערווייל צורעכט געמאַכט זיינע פאַרשטויבטע קליידער, אָפּגעווישט דאָס שווייס פון זיין לענגלעך־טונקעלן פּנים און פאַרשאַרט אַהינטערצו זיינע לאַנגע, מאַט־שוואַרצע האָר. דער נעגער האָט געבראַכט די באַשטעלונג, אָבער זיין פריילעכע געמיטלעכקייט איז געווען פאַרשוואונדן, און אַ מיסטרויענדער שמייכל איז פאַרגליווערט געוואָרן אויף זיין פעטן פּנים.

עזיק האָט לאַנגזאַם געגעסן די וואורשטלעך, גערן געזופּט די פּאַר־זיסטע סאָדע־וואַסער און באַטראַכט די שרייענדיקע אָרעמקייט אין גע־וועלבל. ער האָט מיט זיין נאַטירלעכער פריינטשאַפט און מיט זיין לאַשטשענדיקער שטימע געפּברובירט פאַרפירן אַ געשפרעך מיטן נעגער. אָבער מער ווי „יעססו״ און „נאָסו״ האָט ער פון דעם אַנגעכמורעטן נעגער ניט אַרויסגעקראָגן...

אין געוועלבל איז די לופט געווען פאַרדעמפּט און שטיקנדיק. ס׳האָט זיך געפילט אַן אָנגעשטערנגטע, צאָרנדיקע שטילקייט, און מען האָט דייטלעך געהערט דאָס זשומען פון פעטע, בייזע פליגן, וועלכע האָבן ניט געלאָזט צורו. מיטאַמאָל האָט זיך פון הינטערשטן צימער דערהערט אַ געזאַנג פון אַ פרוי. צוערשט שטיל, אָבער באַלד שטאַרקער און קרעפטיקער. עזיק האָט אויפגעהערט עסן, אָנגעשפּיצט זיינע אויערן און זיך צוגעהערט. די פרוי האָט געזונגען מיט אַ זאַפטיקער קאָנטראַלטאָ־שטימע:

אָ, לאָרד! ס׳אַרבעטן מיט די קלייב־זעק אין פעלד
מיינע ברידער און שוועסטער, אַלע מאַמעס און טאַטעס;
זיי קלייבן דעם באַוול פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט,
דער באָס האָט דאָס געלט,
דער באָס האָט די מאַכט,
און פאַר אונדז בלייבט נאָר הונגער און שמאַטעס...

אָ, לאָרד! איך פיל מיך עלנט ווי אַ שטיין;
ווי אַ קינד אָן אַ מוטער, ווי אַ מענטש אָן אַ היים,
אונדזערע לייבער זיינען דאָך ניט קיין יאַטקע־פלייש!
פאַרוואָס קומט אונדז צו הענגען?
מיר טוען דאָך קיינעם קיין בייז...

און באַלד האָט די פרוי געגומען זינגען נאָך הילכיקער, דראָענדיק:

וואַכט אויף, מיינע שוועסטער און ברידער!
זייט ניט מער קיין קנעכט,
מיט האַרטע, שטייפע פויסטן,
פאַרטיידיקט אייער רעכט!...

דער פעטער, אַנגעכמורעטער נעגער האָט זיך מיטאַמאָל אַ הויב געטאָן פון זיין ווינקל און איז האַסטיק אַריין אין הינטערשטן צימער. דאָס געזאַנג האָט זיך גלייך אָפּגעהאַקט.

דער נשמהדיק־האַרציקער עזיק האָט זיך דערפילט זייער אומהיימלעך. אַ קאַלטער אומעט איז אים באַפאַלן, גלייך ווי מוראַשקעס זיינען זיך ביי אים צעלאָפן פון רוקן ביז די שפּיץ־נעגל. ער האָט איבערגעלאָזט דאָס קליינגעלט אויפן טישל, און אָן אַ זיי־געזונט זיך אַרויסגעשלייכט פון דער נידעריקער טיר און זיך געלאָזט גיין ווייטער אָן איבערגעפילטער מיט צער און מיטלייד צום נעגער־פאָלק...

די הייסע, פלאַמענדיקע זון האָט זיך געגומען רוקן אַלץ מער צו מערב־צו. עזיק איז אַרויף אויף אַ ברייטן שליאַך. אַרום איז געווען אַ רחבות, — באַאַרבעטע, צעאַקערטע פעלדער, צוגעגרייטע פאַרן קומענדיקן פרילינג; איבער זיי פליען מחנות פייגל אויפן בלאָען שפּיגל פון הימל. אַרום — אַ טויטע שטילקייט. אָבער אין דער שטילקייט איז אָנגעלאָדן עפּעס אומ־רואיקס, צאָרנדיקס... באַלד איז אָנגעפאָרן אַ פאַרמאַכטער פאָרדל. עזיק האָט אויסגעשטרעקט זיין לאַנגע האַנט און דאָס פאָרדל האָט זיך סאָפּענדיק אָפּגעשטעלט. אַ דאַרער מאַן מיט אַ ריאַבן פנים, מיט צעשוואומענע, רויט־לעכע לעבער־פלעקן, וואָס דערמאָנט אַ פאַרזשאַווערטע, קופּערנע קוואָרט, האָט אַרויסגעשטעקט אַ פליכעוואַטן קאָפּ און אַרויסגעבורטשעט: — אויב

דו ווילסט, באָדי, צופאָרן ביז טאַקאָמאַ — אַ מייל אַכט פון דאַנען — קען איך דיך מיטנעמען.

עזיק האָט ניט געמאַכט קיין שהיות, איז לייכט אַריינגעשפּרונגען אין פאָרדל און זיך געזעצט לעבן דעם פליכעוואַטן מאַן. מיטן ערשטן גוטן איינאָטעמען האָט עזיק דערפילט הינטער זיך אַ שווערן גערוך פון ביליקן שנאַפּס. ער האָט אויסגעדרייט זיין קאָפּ און דערזען צוויי עלטערע פליישיקע פאַרשוינען מיט אַרויסגעזעצטע, וואַסערדיקע אויגן, האַלטן פלעשער אין די הענט און זשליאָקען.

דעם יונגן, עסטעטישן עזיקן איז גלייך ניט געפעלן געוואָרן די געזעל־שאַפט, אין וועלכער ער איז אַריינגעפאַלן. ער האָט אָנגעשפּיצט אַלע זיינע חושים און איז געוואָרן שטאַרק אויף דער וואַך... עזיק האָט אונטערגעהערט ווי די שיכורלעכע מענער הינטער אים פּלייסן זיך אויס מיט ווילדע, משונה־דיקע מעשיות — ווי אַזוי זיי האָבן אין די אַמאָליקע צייטן אכזריותדיק נעגערס געפּייניקט. און זיי האָבן דערביי צוגעוווירצט דעם געשפּרעך מיט דריי־גאָרנדיקע מי־שברך׳ס און פאַרענדיקט מיט אַ ווילדער הירזשעריי, ענלעך צו הונגעריקע פערד, ווען זיי דערשמעקן פרישן האָבער.

און מיטאַמאָל האָט איינער פון די שיכורלעכע פאַרשוינען הינטער אים אַרויסגעבערומט:

— טאָם, גיב דעם יונג אַ טרונק בראָנפן!

טאָם, עזיקס שכן, דער פליכעוואַטער מיטן ריאַבן פּנים, האָט אַרויס־געשלעפּט אַרום זיך אַ היפּשע פלאַש שנאַפּס, צוגעשמייכלט מיט זיינע קליינע אייגעלעך און געזאָגט:

— טרינק, ברודער, וויפיל דו ווילסט!... גוטער „בוז״, אייגענער געמאַכטער... און אַז מיר וועלן אָנקומען אין טאַקאָמאַ, וועלן מיר באַקומען אַ סך שנאַפּס און צובייסן...

דער נאָך־גאָר־יונגער, רויער עזיק האָט אַ זופּ געטאָן אַביסל. די שנאַפּס איז געווען שטאַרק און ביטער, — האָט עס אים שאַרף אַ צופּ געטאָן, און ער האָט זיך פאַרקייכט.

— עך, דו ביסט אַ „סיסי״!... דו קענסט ניט נעמען!... דו ביסט ניט פון אונדזערע אַלאַבאַמער, — האָט איינער פון הינטער אים אַרויס־געבורטשעט און זיך צעלאַכט מיט אַ פאַרכריפּעט, דריבנעם געלעכטערל.

— האָסט אָנגעטראָפן, „באָדי״, אין אַ גוטער צייט, — האָט דער צווייטער פאַרשוין מיט אַ צופרידענעם טאָן אַרויסגערעדט. — מיר פאָרן

אויף אַ „לינטשינג־פּאַרטי״!... מיר גייען היינט הענגען אַ שמוציקן ניגער!...

אַ ניטגוטקייט איז עזיקן באַפאַלן, און עס האָט אים גענומען עקלען און שווידערן פון זיינע אַרומיקע שכנים. יעדעס גליד זיינס האָט געוואָלט עפּעס אַרויסשרייען, פּראָטעסטירן... אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער געפינט זיך אין דער פינצטערער, צוריקגעשטאַנענער סאַוט. האָט ער באַשלאָסן ביי זיך צו האַנדלען טאַקטיש און געלאַסן, און ער האָט מיט אַן איבערגעטריבענער העפלעכקייט און מיט אַ סאַמעט־זאַפטיקער שטימע געפרעגט:

— פּאַרוואָס, אייגנטלעך, גייט איר לינטשן אָט דעם נעגער?

— ער האָט זיך אומאַנשטענדיק באַנומען צו אַ ווייסער פרוי!...

— ער האָט זי געוואָלט אַטאַקירן... פאַרגוואַלדיקן!... — איז געווען אַ געמישטער, האַרטער ענטפער פון הינטער אים.

— ווי אַלט איז די ווייסע פרוי? און ווי אַלט איז דער נעגער? — האָט עזיק ווידער געפרעגט.

— דער ניגער איז נאָך גאָר אַ יונגער, אַ יאָר 18־19, און די פרוי איז אַלט אַ יאָר 50, — האָט טאָם געענטפערט.

— מסתמא, מוז נאָך די ווייסע פרוי זיין זייער אַ שיינע, אַן אָנציִענדע?

— ווייס איך וואָס! — האָט דער פליכעוואַטער טאָם ווידער געענטפערט. — זי איז מיאוס ווי דער טויט!... ווען מען מאַכט זי פאַר אַ סטראַשידלע אין אַ גאָרטן, וואָלטן זיך אַלע קראָען צעלאָפן.

עזיק האָט גלייך געגומען פאַרדעכטיקן, אַז דאָס איז איינע פון די געוויינלעכע בילבול־לינטשערייען אין דער סאַוט. און ער האָט מיט אַ ברוסטיקן, זיכערן טאָן אַרויסגעערדט:

— עפּעס קוקט מיר ניט אויס די זאַך גלאַטיק! — אַ יונג פון 18־19 יאָר זאָל זיך קוואַפּען אויף אַ מיאוסער 50־יאָריקער פרוי!... זייט איר זיכער, אַז דער נעגער האָט די עלטערע פרוי געוואָלט פאַרגוואַלטיקן? אפשר האָט זי מיט אים געהאַט אַ קריג וועגן געלט־זאַכן?...

— וואָס אמת איז אמת, — האָט דער פליכעוואַטער טאָם צוגעגעבן, — זי קריגט זיך אָפט אַרום מיט אירע „שער־קראַפּערס״.

— הער נאָר, יונגערמאַן! — האָט איינער פון הינטער עזיקן בייז אַרויסגעברומט. — דו מוזט זיין אַ ניגער־ליבהאָבער! — איינער פון די, וואָס קומען פון ניו־יאָרק אָדער פון באָסטאָן.

און באַלד האָט דער צווייטער פאַרשוין אונטערגעכאַפּט: — יונגער־מאַן, אויף אַ שמוציקן ניגער זאָלסטו אַלץ גלויבן!... זיי זיינען נידער־טרעכטיקע מענטשן!... הינט!... מען דאַרף זיי אָנלערנען, די ווילדע אַפריקאַנער, די בעסטיעס!...

דער קלוגער, טאַקטישער עזיק האָט מער ניט געענטפערט און גע־נומען גיריק באַקוקן זיין פליכעוואַטן שכן, וואָס איז געזעסן האַרט לעבן אים. ער האָט שטאַר געקוקט אויף טאַמס דאַרן, ריאַבן פּנים, אויף טאַמס אויסגעאַרבעטע, קנאָכיקע הענט, אויף טאַמס קליינטשיקע, מייזישע אייגע־לעך; און עזיק האָט זיך געוואונדערט: דער מאַן איז קענטיק אַ שווערער אַרבעטער, אַדער אפשר גאָר אַ באַוול־קלייבער, ווי קומט עס, וואָס אַזאַ איינער איז אַזוי גלייכגילטיק און פאַרט אַן טענות און מענות אויף אַ לינטשינג־פּאַרטי!... און אַן ענטפער איז גלייך אַרויפגעשוואומען: די סאַוט פאַרפעסטעט דעם מוח אַפילו פון די אָרעמע אַרבעטער אויך...

אַ קנויל טריבע געדאַנקען און אַלערליי קשיות האָבן זיך גענומען פּלאָנטערן ביים יונגן עזיקן אין קאָפּ. אָבער באַלד איז דער פאָדעם פון די טראַכטענישן איבערגעריסן געוואָרן, — ווייל איינער פון די פאַרשוינען הינטער אים האָט האַרט אַרויסגעדונערט:

— טאָם! און געזאָלין האָסטו מיט זיך פאַרכאַפּט? — אַז מיר וועלן אויפהענגען דעם הינטישן זון, דאַרף מען מאַכן אַ גרויסאַרטיקן ספּעק־טאַקל. מיר וועלן אים איינטונקען ביזן בויך אין געזאָלין און זאָל די שוואַרצע מאַלפּע בריקען מיט צוויי ברענענדיקע פיס...

און ביידע פעטלעכע פאַרשוינען האָבן זיך פאַרכלינעט מיט אַ ווילדן געלעכטער...

## ב

ווען דער דאַרער, פליכעוואַטער טאָם מיט די צעשוואומענע לעבער־פלעקן אויפן ריאַבן פּנים, איז אַריינגעפאָרן אין טאַקאָמאַ — אַ קליין שטעטל אין שטאַט אַלאַבאַמאַ — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון אַ גרויסער ווייסער הויז, מיט לאַנגע גראַניט־טרעפּ און מיט אַן אָפענער ברייטער טעראַסע. אַרום הויז און אויף דער טעראַסע האָט זיך געפּלאָנטערט אַ פאַרשיידנאַרטיקער עולם, און עס האָט זיך פון דאָרט דערטראָגן אַ טומל און אַ גראַגעריי פון באַזויפענע מענטשלעכע קולות, אַ פייפעריי פון מאַשין־האָרנס און אַ טופּעריי פון פערד.

— נו, אַט דאָ בלייבן מיר שטיין, יונגערמאַן, — האָט טאַם אַ פּריי־לעכער אַרויסגערעדט און איז אַרויס פון פאָרדל. עזיק — דער הויכער, שלאַנקער סטודענט פון בירמינגהעם קאַלעדזש — איז אויך אַרויס.

דער יונגער עזיק האָט אָפּגעדאַנקט טאַמען פאַרן אונטערפירן, אויף גיך צורעכט געמאַכט זיינע ברוינע, ענג־געפּאַסטע קליידער, פאַרשאַרט אַהינטער־צו זיינע לאַנגע, מאַט־שוואַרצע, צעכוואַליעטע לאָקן, אָפּגעווישט זיך דעם שווייס פון זיין לענגלעך־טונקעלן, אויסגעטאָקטן פּנים, און מיט פאַנאַנדערגעריסענע גרויע, פאַרחלומטע אויגן, און מיט פאַרשפּיצטע חושים געלאָזט זיך באַטראַכטן דעם עולם...

ס'האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען פון אַלע זייטן עלטערע, בייכיקע מענער אין אויטאָס; יונגע מענער מיט שטרויענע, ברייט־ראַנדיקע קאַפּע־ליושן, אויף פערד; מענער באַבערדלטע און מענער גלאַט־געראַזירטע, יונג און אַלט; מענער און פרויען אין זייערע קאָלירטע, נאַציאָנאַלע קליי־דער. די אַלע מענטשן האָבן זיך געצויגן צום גרויסן ווייסן הויז.

אויף די לאַנגע גראַניט־טרעפּ פונעם הויז איז געשטאַנען אַן עלטערע, הויך־געוויקסיקע, דיקע פרוי מיט אַ פּרעכן פּנים פול מיט וואָרצלען, באַ־וואַקסענע מיט קופּקעלעך האָר, און געטיילט אַלעמען שנאַפּס, ביר און סענדוויטשעס; און גלייכצייטיק אַרויסגעשיפּעט מיט אַ הייזעריק־מאַנס־בילש קול: — אַזאַ שוואַרצער וואָרעם! אַזאַ שוואַרצע מאַלפּע האָט גע־וואַגט מיך צו באַפאַלן! טויט צו די ניגערס! — און אַ צאָל שיכורלעך־פאַרדומפּטע שטימען האָבן אונטערגעכאַפּט:

— מען דאַרף זיי אָנלערנען, אַט די שוואַרצע בעסטיעס!

— אַזעלכע נידערטרעכטיקע הינט!

— זיי באַלעסטיקן און באַפאַלן אונדזערע פרויען!

אַ צייט איז דער יונגער, סענטימענטאַלער עזיק געשטאַנען און גע־קוקט אָנגעשטרענגט אויף דער פּרעכער, העסלעכער פרוי, אויף דער צע־ווילדעוועטער מאַסע, און עס האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ, — עפּעס ווי עמעצער וואָלט אים געשטיקט; אָבער זיינע חושים זיינען וואַך, דער געדאַנק קלאָר, און דער קלוגער בליק זיינער לאָזט גאָרנישט פאַרבייגיין אומבאַמערקטערהייד.

דער שלאַנקער, זעקס־פוסיקער עזיק האָט זיך אַריינגעשטופּט אין דעם אויפגעברויזטן מענטשן־קנויל, זיך צוגעהערט צו די געשפּרעכן, גע־שטודירט די פּנימער, געזוכט, געגישטערט, געוואָלט אָנטרעפן אַ שעריף,

אַ פּאָליציימאַן אָדער אַ מיליציאָנער, אָבער פון אַזעלכע איז ניט געווען קיין זכר. אויך האָט מען ניט געזען קיין נעגערס — זיי זיינען געווען פאַר־שטעקט ביי זיך אין די הייזלעך.

מיטאַמאָל האָט זיך דער המון פון אַרום ווייסן הויז אַ לאָז געטאָן מיט שטעקנס, מיט שטיקער אייזן און מיט שטריק אין אַ דערבייאיק געסל — צום „דזשייל"...

ס'האָט ניט גענומען לאַנג און עזיק האָט דערזען, ווי מען שלעפּט אַ לענגלעך־דאַרן נעגערל. דאָס נעגערל האָט אים אויסגעזען ניט מער ווי אַ קינד פון אַ יאָר פופצן. דעם נעגערלס קורצער שטערן און אַ באַק זיינען געווען געשוואָלן, זיינע אויגן — פאַרמאַכט, זיינע רונדע ליפּן אָנגעשוואָלן ווי פּענכערלעך און שטייף צוזאַמענגעדריקט; זיין געלע העמדל איז געווען פאַרבלוטיקט און צעפליקט, און עס האָט זיך אַרויסגעזען אַ צעקיילט און צעביילט, גלאַנציק־שוואַרצע, איינגעפאַלענע ברוסט; זיינע לאַנגע, דינע הענט האָבן זיך געבאַמבלט, גלייך ווי זיי זאָלן זיין שטיקלעך העלצלעך.

מען האָט דעם צעממיתטן, האַלב־טויטן נעגערל געשלעפּט הינטערן שטעטל. דער המון, צעיושעט, מלא־שמחהדיק, איז נאָכגעלאָפן, געהיר־זשעט, געלאַכט, געוואָרפן די שטרויענע, ברייט־ראַנדיקע קאַפּעליושן אין דער לופט, געקנאַלט מיט די בייטשן און געגוואַלדעוועט: — שלאָגט אים! ממיתט אים!...

עזיק איז נאָכגעגאַנגען די מאַסע, אָן איבערגעפּילטער מיט צער; זיין פּנים פאַרוואָלקנט, און אויף זיין גלאַטן, הויכן שטערן און אויף זיין אויס־געטאָקטער נאָז זיינען געהאַנגען גרויסע טראָפּנס שווייס.

הינטערן שטעטל איז דער עולם געוואָרן נאָך אַ גרעסערער. דאָ זיינען געשטאַנען אָרטיקע פאַרמער מיט אויסגעשטאַרצטע ברוסטן, און מיט אַ ברייטלעכער פריילעכקייט פאַרצויגן זייערע קאָרענע ליולקעס, געווישט זיך די פאַרשוויצטע שטערנס און געוואָרפן מיט קללות אויף די נעגערס.

אויף אייניקע פּנימער האָט דער עמפינדלעכער עזיק באַמערקט עפּעס אַ מאָדנעם בלוט־הונגער, — אַן אויסברוך פון ווילדער באַפרידיקונג, וואָס מען קאָן נאָר זען צווישן הונגעריקע חיות. ס'זיינען דאָ אויך געווען כוואַטסקע, אָפּגעברענטע יונגען אין געקעסטלטע העמדלעך מיט בייטשן אין די הענט; מיידלעך, רויט־באַקיקע, מיט קאָלירטע פאַטשיילקעלעך אויף צעפּאַטלטע קעפּ, האָבן נאַריש געשמייכלט און געלעקט צוגעצוקערטע

איין־פּאַפּס. דער יונגער, שלאַנקער עזיק האָט דאָרט אויך אָנגעטראָפן דעם פּליכעוואָטן טאַמען, מיט די לעבער־פלעקן אויפן דאַרן פּנים, — אַ שיכורן, אַ פאַרברודיקטן, פון אויסגעבראָכענע ביליקע מאכלים און פּאַקסודנעם בראַנפן, אַן אויסגעצויגענעם אויף אַ באַנק. עזיק האָט אים אָנגערירט ביי אַן אַקסל. טאַם האָט אויפגעעפנט זיינע מייזיש־וואַסערדיקע אייגעלעך, געקוקט — ווי יאָ דערקענט, ניט דערקענט, און געגנומען בורטשען:

— אַ שיינע, זאָגסטו? ווייס איך וואָס! זי איז אַ מכשפה, מיאוס ווי דער טויט...

ס׳האָט זיך דאָרט אויך אַרומגעדרייט אַ קורצער, אַ בייכלדיקער גלחל מיט אַ גרויסן גאָלדענעם צלם אויפן ברוסט און מיט אַ ביבל אין דער האַנט, און האָט צו יעדן איינעם געשמייכלט פּאָטערלעך, גוטמוטיק.

עזיק האָט אויך אָנגעטראָפן עטלעכע דאָרטיקן יידן: דעם שניידער, דעם שוסטער און דעם פּעדלער פון שטעטל. די יידן זיינען געשטאַנען צוזאַמען, מיט געבויגענע רוקנס, מיט די הענט פאַררוקט אויף די הינטער־חלקס, מיט אויסגעצויגענע, מאַטע פּנימער און מיט אַרויסגעזעצטע, שוואַרצע, מרה־שחורהדיקע אויגן. און ווען זייערע אַנגסטלעכע בליקן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן, האָבן זיי, שטומערהייט, אַן ווערטער, זיך דורכ־געשמועסט: ווי געפעלן אייך עפּעס אונדזערע פיינע באַלעבאַטים פון דער סאַוט?... און זיי האָבן זיך דערמאָנט אַן די היימישע פּאָגראָמען, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין זייערע קינדער־יאָרן. אָבער ווען ס׳איז אונטער־געקומען אַ דאָרטיקער באַלעגוף און געגעבן איינעם פון די יידן אַ גוט־ברודערלעכן פּאַטש אין פּלייצע און אַרויסגעשאָסן: — עך, וועלן מיר דאָ באַלד, סרוליק, האָבן אַ „גוד טאַים״!... מיר וועלן אָפּבראָטן אַ שמוציקן ניגערל!... — האָבן די יידן געזשמורעט מיט די צעשראָקענע, מרה־שחורהדיקע אויגן, כלומרשט געשמייכלט, אָבער אין האַרצן האָט ביי זיי געשטאָכן, ווי מיט ברענענדיק שפּיזלען.

דער יונגער עזיק האָט צווישן עולם אויך אָנגעטראָפן עטלעכע גרופּן אָרעם־געקליידעטע אַרבעטער, וועלכע זיינען געשטאַנען דערצאָרנטע, מיט אָנגעשטרענגטע פּנימער, און מיט טריבע, שאַרפע בליקן געוואַרט אויף דער ווילדער סצענע. ס׳האָט זיך לייכט געמערקט, אַז אין זיי גליט אַן אומ־צופרידענער פייער, נאָר זיי האָבן דאָס מורא אַרויסצואווייזן...

אַ לאַנגע צייט איז דער בראַוער, האַרציקער עזיק געשטאַנען און געקוקט אויף די אַרבעטער מיט זיינע סאַמעט־ווייכע, וואַרעמע בליקן, האָט

אויפגעכאַפּט זייערע געפילן און מיט אַ דערלייכטערטן געמיט אַוועק ווידער נאָכקוקן...

צווישן המון האָט זיך אויך אַרומגעדרייט אַ מאַן — אַ הויכער, אַ דאַרער, אין אַ ווייסן אַנצוג, מיט גאָלדענע ברילן און מיט אַ שטאָטישן שטרויענעם קאַפּעליוש, — מסתמא אַ שרייבער אָדער אַ מאָלער. דער הויכער, דאַרער מאַן איז אַרומגעגאַנגען אַן אויפגערעגטער, אַ ברוגזער און געבורטשעט: — פע... אַ שאַנדע, אַ חרפּה!... אין צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט זאָל אַזוינס פּאַסירן!... — אָבער קיינער האָט זיך אויף אים ניט אומגעקוקט.

און אָט האָט דער יונגער עזיק באַמערקט, ווי ניט ווייט פון „בעיס־באָל״־פּעלד, אויף אַ קליין בערגל, וואו אָפּגעסמאַליעטע, שיטערע, פאַר־יתומטעביימער האָבן אַרויסגעשטאַרצט, שטייען צוויי יונגען — איינער אַ געוויקסיקער פאַרשוין מיט אַ רויטן פּנים און מיט גרויסע אַנגעשוואָלענע אויגן, און איינער אַ קורצער, אַ קרומפּיסיקער, מיט קליינע שפּיציקע אייגעלעך, אַנגעגאָסענע מיט קאָלטער רציחה, — און האַלטן אין אַרויפציען אַ גראָבע שטריק אויף אַ בוים. די איינזאַמע, אָפּגעסמאַליעטע ביימער האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָס איז שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, ווי אָט די ביימער מאַכן דורך די פייערלעכע צערעמאָניע פון אַ לינטשעריי. האַרט לעבן די ביימער האָבן אַנדערע יונגען, מיט פאַרברוינטע, דיקע העלדזער, געהאַלטן אין צוזאַמענשלעפּן פלאַכטעס האָלץ...

און אונטערן בערגל איז געלעגן אויף דער נאַקעטער ערד אַ צוזאַמענ־געקאָרטשעטע נעגערטע, איינגעהילט אין שמאַטעס. דאָס איז געווען דעם קליינעם נעגערלס מוטער. איר גאַנצער קערפּער האָט געציטערט; אירע קורצע, געקרייזלטע האָר זיינען געווען ענלעך אויף אַ שטעכלער, וואָס האָט זיינע באָדלען אָנגעשטעלט; איר אונטערשטע, פאַרדאַרטע ליפּ האָט זיך געטרייסלט. זי האָט פון צייט צו צייט אויפגעהויבן איר קאָפּ, און מיט אירע רויט־געשוואָלענע אויגן האָט זי עפּעס געזוכט, און מיט אַן אויסגעלאָשענער, הייזעריקער שטימע האָט זי אַרויסגעפּליסטערט: — אָ, לאָרד! האָב רחמנות! ראַטעווע מיין קינד!...

אָבער די אַרומיקע אויפגעברויזטע מאַסע האָט מיט פאַראַכטונג געקוקט אויף דער אַלטער נעגערטע און אַרויסגעשימפּט: — אַוועק פון דאַנען, אַלטע מכשפה! — און אַלס צוגאָב זי באַשפּיגן.

און מיטאַמאָל האָבן עטלעכע אויטאָ־האָרנס גענומען אַרויסלאָזן אַ

לאַנגן, גרילצנדיקן שאַל, ווי אַ תקיעה גדולה. דאָס איז געווען אַן אָנזאָג, אַז אַלץ איז שוין פאַרטיק.

עטלעכע פאַרברוינטע, פליישיקע יונגען האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום קליינעם נעגערל און אים גענומען שלאָגן מיט די פויסטן אין פּנים און אין קאָפּ. איינער אַ געלער יונג, מיט אַ פלאַטשיק־צעשפּאָלטענער נאָז, האָט אים גענומען בריקען מיט אַ באַשטיוולטן פוס גלייך אין בויך אַריין. עס האָט זיך דערהערט אַ צאַרנדיקער, ברוויזנדיקער געמורמל... עטלעכע עלטערע פאַרמער און די שטאָטישע אַרבעטער האָבן מיט פאַרקלעמטע ציין און מיט אַ האַרץ־קלאַפּעניש אָפּגעקערט די פּנימער, — ניט געקענט צוקוקן, ווי מען איזדעקעוועט זיך איבער אַ הילפלאָז קינד. אָבער די גרעסטע טייל פון המון האָט געלאַכט, געהירזשעט און געשריען: — טויט צו די שוואַרצער בעסטיעס!...

דאָס קליינע נעגערל האָט צעעפנט זיינע מיט בלוט פאַרגאָסענע אויגן און מיט ניט קיין מענטשלעכער, האַרצרייסנדיקער שטימע גענומען רעווען ווי אַ חיה, וואָס מען האָט געקוילעט און ניט דערקוילעט. ביים נעגערל איז איצט דאָס פּנים געווען אויסגעקרימט און פאַרלאָפן מיט בלוט. דאָס מויל ברייט צעעפנט. צוויי רייען ווייסע, פּירקאַנטיקע ציין האָבן זיך אַנטפּלעקט; פון זיינע מויל־ווינקלען האָבן זיך דינע ריטשקעלעך בלוט געשלענגלט. פעסטע הענט האָבן אים גענומען שלעפּן צום בערגל, וואו אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט — אַ דיקע אָנגעצויגענע שטריק מיט אַ פאַרטיקער פעטליע; אַ גרויסע הילצערנע פאַס, — אַ פוס־בענקל צום אַרויסשטויסן; איבערגעקרייצטע שטיקער האָלץ האָבן געברענט מיט אַ קנאַק.

דער קורצער, בייכלדיקער גלחל מיטן גרויסן גאָלדענעם צלם אויפן ברוסט, איז געשטאַנען מיט אַן אָפענער ביבל און מאָנאָטאָן געפּרעפּלט מיט אַ דינינקן טענאָר.

דער געפילפולער, בראַוער עזיק האָט עס מער ניט געקאָנט צוקוקן. ער האָט דערפילט ביי זיך אין האַרצן אַ בריענדיקן צאַרן. אַ הייסער שטראָם קאָכט אויף אין אַלע זיינע גלידער. זיינע מילדע, גרויע אויגן זיינען געוואָרן גרויס און אָנגעפילט מיט אַ קעמפעריש־מונטער פייערל. אַן אומבאַגרענעצטע דרייסטקייט האָט אים מיטאַמאָל באַהערשט, און יעדע שרעק פון סכנה איז פון אים אַוועק. מיט אַ יינגלשער לייכטקייט, האָט ער זיך פלינק אַרויפגעכאַפּט אויף אַ דעכל פון אַ דערבייאיקער אויטאָ.

אין זיינע ברוינע, ענג־געפּאַסטע קליידער, און מיט זיין הויכן, שלאַנקן געוואוקס, האָט עזיק איצט אויסגעזען ווי אַן אויסגעפּורעמטער ריז.

און ער האָט גענומען רעדן צו דער מאַסע מיט אַ האַרציק־ברוסטיקער שטימע, אַפּריער שטיל, ציטערדיק, אָבער באַלד האָט זיין שטימע גענומען קלינגען פעסט און איבערצייגנדיק. זיינע שאַרפע ווערטער האָבן געשניטן, ווי אַ בליץ שניידט זיך אַריין אין אַ שוואַרצער כמאַרע. די מאַסע איז געוואָרן באַהערשט; ווי אַ וואַקס האָט ער זי געקנאָטן. דער עולם האָט זיך געוויגט, ווי כוואַליעס, ווען ער האָט גענומען פירן מיט זיינע לאַנגע, אויסגעטאָקטע הענט און לאַנגע, דינע פינגער. אַרום איז געוואָרן טויטלעך־שטיל. עס האָט זיך בלויז דערטראָגן דאָס טופּעריי פון פערדישע קאָפּיטעס, און אַ דין יאָמערלעך געוויין געמישט מיט טויבלעכע קלעפּ — דאָס האָט דעם נעגערלס מוטער די לעצטע טרערן פאַרגאָסן און זיך שטום געשלאָגן מיטן קאָפּ אָן דער ערד.

און עזיק האָט גערעדט:

— בירגער פון די אַמעריקאַנער שטאַטן, באַטראַכט זיך!... גלויבט ניט אַט דער העסלעכער פּרוי!... — און ער האָט אָנגעוויזן אויף דער אַלטער, געוויקסיקער פּרוי מיטן פּרעכן פּנים, — וועלכער מאַן וואָלט זיך אויף אַזאַ פאַרזעעניש געוואָלט אומקוקן?... און ווי האָט געקאָנט פּיזיש אַ קינד באַפאַלן אַזאַ גרויסע, העסלעכע בריאה?... אפשר האָט זי אים ניט געוואָלט באַצאָלן פאַר אַרבעט?... און וואו זיינען אייערע שעריפס? וואו איז די פּאָליציי?... פאַרוואָס לאָזט איר אים ניט אויפטרעטן פאַרן געריכט?... ווער האָט אייך געגעבן דאָס רעכט, ניט אויסהערנדיק דעם באַשולדיקטן, אים צו פאַרמשפּטן אויף טויט?!... — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ צאָל עלטערע פאַרמער האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און פאַרשעמטע זיך אַרויפגעכאַפּט אויף זייערע מאַשינדלעך און זיך גענומען אָפּטראָגן. דער דאַרער מאַן, מיטן ווייסן אָנצוג און מיט די גאָלדענע ברילן, האָט מיטאַמאָל געקראָגן לשון און גענומען אַרויסשרייען:

אַ חרפּה!... אַ שאַנדע פאַרן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט!...

די דריי איינזאַמע, דערשלאָגענע יידן האָבן אויפגעלעבט. אַ צו־פרידענער שמייכל האָט זיך צעגאָסן אויף זייערע מאַטע, אויסגעצויגענע פּנימער; זיי האָבן אויסגעגלייכט זייערע געבויגענע רוקנס און זיך געלאָזט צוריק אין שטעטל אַריין.

ביי די שטאַטישע אַרבעטער האָבן די פּנימער אויפגעלויכטן; זיי זיינען געוואָרן דרייסטער, מוטיקער, און גענומען גאַליק אַרויסשרייען:

— מיר האָבן געהערט פון דער אַלטער הויטשינדערין!... זי האָט שטענדיק מחלוקות מיט אירע אַרבעטער!... זי וויל ניט באַצאָלן — זאָגט זי, מען האָט זי געוואָלט פאַרגוואַלטיקן!.. אַזאַ אַלטע פּאַסקודסטווע!...

די גרויסע מאַסע האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרלאָרן, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, און זיי האָבן זיך גענומען איבערקוקן.

די ערשטע איז געקומען צו זיך די דיקע פרוי מיטן פרעכן פּנים און גענומען מיט גרילצנדיקע, באַנומענע קולות שרייען:

— ער מוז זיין אַ רויטער!... ער איז אַ ניגער־ליבהאָבער!... טויט צו די ניגערס! טויט צו די שוואַרצע בעסטיעס! און טויט צו זייערע פריינט!

און באַלד האָבן די מענער, מיט די פאַרברויזנטע פּנימער און מיט די שטרויענע קאַפּעליושן, אונטערגעכאַפּט:

— דער יונג מוז זיין אַ רויטער! אַ ניגער־ליבהאָבער! לאָמיר אים אויספּוצן אין פּעך און פּעדערן!...

עטלעכע שטאַרקע הענט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו עזיקן. דער הויכער, העלדיש־געבויטער עזיק האָט זיך ניט אַזוי לייכט געלאָזט נעמען, — ער האָט זיך פלינק אָפּגעשלאָגן מיט זיינע דיקע שיך... דיביישטייענ־דיקע שטאַטישע אַרבעטער, מיט העלצער און מיט שטיינער אין די הענט, זיינען באַלד געקומען עזיקן צו הילף... און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בלוט־טיקער געראַנגל: פויסטן האָבן זיך מיט האַס אָנגעגאָסן; הענט האָבן זיך געהויבן, בייטשן האָבן געקנאַלט; העלצער און שטיינער האָבן זיך איבער קעפּ אַראָפּגעלאָזט. ס'איז געוואָרן איין בלוטיקער קנויל. מען האָט זיך געקייקלט אויף דרערד איינער איבערן אַנדערן; בלוט האָט זיך געגאָסן; יאָמערלעכע קולות האָבן געריסן דעם הימל...

הינטערוויילעכטס — אין מיטן פון געראַנגל — האָט עמעצער אויס־גענוצט די געלעגנהייט און אַריינגענומען דעם צעממיתטן נעגערל אין אַ מאַשינדל און זיך מיט אים אָפּגעטראָגן... — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַ האַלבער שטונדע שפּעטער האָט דער בראַוער, קעמפערישער עזיק שוין ווידער געשפּרייזט אויף די פאַרוואַרפענע וועגן פון אַלאַבאַמאַ. זיין קאָפּ איז געווען פאַרבונדן מיט אַ נאַסער טוך. זיינע הענט און פיס

האָבן מיט ווייטיק געגאָגט; זײַנע גרויע, פֿאַרחלומטע אויגן — פֿאַררויטלט; זײַנע קליידער — צעפֿליקט. אָבער זײַן בלוט איז געווען אָנגעפּילט מיט אַ זיגערישער שמחה, און עס האָט געשטראַמט פֿרייד אין אַלע זײַנע גלידער...

ס׳האָט זיך דערנעענטערט דער אָוונט. עזיק האָט מיט גרויס הנאה אײַנגעאָטעמט די פֿאַרנאַכטיקע, זאַפֿטיקע ריחות פֿון די אָפּגעקילטע פֿעל־דער. דער יונגער עזיק, דער ליבהאָבער פֿון אַלץ וואָס איז שיין, ערלעך און פֿריי, האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אַרומגעקוקט, באַטראַכט די פֿאַרבנרייכע לאַנדשאַפֿט, געוואָרפֿן זײַנע שטאַרע בליקן הינטער זיך, צו מערבֿ־זײַט, און איז געוואָרן פֿאַרגאַפֿט. דער הימל איז געווען פֿאַרגאָסן מיט רויטע, פֿײַערדיקע שטראַלן פֿון דער אונטערגייענדיקער זון. שטיקלעך וואָלקן האָבן אַרומגעבלאָנקעט און אויסגעזען ווי פֿײַערדיקע שטיקער בלוט. פֿייגל האָבן פּראַכטיק געזונגען, זיך פֿאַרמאָסטן אין לאַנגע, שאַרפֿע טרעלן איינס מיט אַנאַנדער. די זון האָט זיך יעדע מינוט אַרונטערגעזעצט אַלץ נידעריקער און נידעריקער. דער הימל האָט זיך גענומען טונקלען. די פֿײַערדיקע שטיקער בלוט האָבן גענומען ווערן בלאַסער און צאַרטער, די דינע שטראַלן האָבן זיך געוועבט, ווי גאָלדענע סטענגעס, אין דער לופֿט. און ענדלעך האָט עס אויסגעזען, ווי אַ דורכזיכטיקער, גאָלד־פּיאָלעטאָווער זייד...

דער יונגער, נשמהדיק־האַרציקער עזיק האָט אינגאַנצן פֿאַרגעסן אין זײַנע קערפּערלעכע ווייטיקן און זיך געלאָזט אין ווייטן, ווייטן וועג...

און מיטאַמאָל האָט געגעבן אַ זומערדיק־לײַכטער בליץ, און מיט זײַן בלויען בלאַנק דורכגעשניטן אַ שטיק טונקל־בלוי הימל...

ערגעץ האָט זיך אַ ליכטיקער, צאַפּלדיקער שטערנדל אָפּגעריסן פֿון זײַן שטאַם, און איז פֿייל־פֿון־בויגן אַוועקגעפֿלויגן אין דעם אומבאַשטימטן אוניווערס...

1941

# אויסגערונענע האָפענונגען

עסטעל איז געווען אַ זייער באַגאַבט און טאַלאַנטפול קינד. אין יעדן קלאַס, סיי אין דער אַמעריקאַנער שול און סיי אין דער יידישער שול, האָט זי זיך אויסגעצייכנט אין די לימודים. אָבער מער פון אַלץ האָט זי אַרויס־געוויזן גרויס אינטערעס צו כלערליי מוזיק. זי האָט נאָר געדאַרפט הערן איין מאָל אויף דער ראַדיאָ אַ מעלאָדיע, און זי האָט עס גלייך איבער־געזונגען קאָרעקט, מיטן זעלבן ריטם און מיט אַ סך געפיל.

צו זעקס יאָר האָט איר פאָטער, אַ הויכער, דאַרער אָפּרעיטאָר ביי קלאָוקס, איינגעהאַנדלט אַ „סעקאָנד־הענד" פּיאַנאָ, און איר מוטער, אַ קליינע, שוואַכע יידענע, האָט זי געפירט אין דער „בראָנקס מוזיק־האַוז" צו נעמען אונטערריכט אין פּיאַנאָ.

די מוזיק־לערער זיינען געווען אַנטציקט פון עסטעלס פיאיקייטן און איר פאָראויסגעזאָגט, אַז זי וועט זיין אַ וועלט־באַרימטע פּיאַניסטין. עסטעל איז געווען אַזוי פאַרטאָן אין איר פּיאַנאָ, אַזש זי האָט געקאָנט אָפּזיצן שטונדן לאַנג און פּראַקטיצירן, און ניט וועלן אַפילו גיין צום טיש עסן, און איר מוטער פלעגט איר דאַרפן צוטראָגן דאָס עסן ביי דער פּיאַנאָ. מען האָט זי פּשוט ניט געקאָנט אָפּרייסן פון דעם אינסטרומענט.

נאָך אַלס קינד פון עלף יאָר איז שוין עסטעל אויפגעטראָטן אין „קאַרנעגי טשעמבער־מוזיק האָל". די קריטיקער האָבן איר געגעבן אַ סך לויב־געזאַנגען און געשריבן, אַז זי פאַרמאָגט אַ פיינע טעכניק, אַ גוטן ריטם און אַ האַרציקן, קלאָרן טאָן.

שפּעטער, ווען עסטעל איז אונטערגעוואַקסן, האָבן אירע אָרעמע עלטערן פאַרנאַכלעסיקט זייערע איבעריקע קינדער און געשיקט עסטעלן אין דער „דזשוליאַרד סקול אָוו מוזיק".

איצט איז שוין עסטעל פיר און צוואַנציק יאָר אַלט. זי האָט שוין לאַנג געענדיקט די „דזשוליאַרד". זי איז אַ הויך, שלאַנק מיידל. אַ ליכטיקייט שלאָגט־אָפּ פון אירע געכוואַליעטע קאַשטאַן־האָר, פון איר

אָליווו־קאָלירטן אָוואַלן פּנים און פון אירע ווייסע, פּערלדיקע ציין. אָבער אירע טיפע, בלויע אויגן זיינען טריב. אויף איר קינדיש־חנעוודיקן פּנים איז אויסגעגאָסן אַ שטומער אומעט, ווי דאָרט וואָלט זיך באַזעצט אַ גע־פלאַצטער טרוים.

איינמאָל, אין אַ מיטן הייסן זומער־טאָג, איז עסטעלס פאָטער, דער אויסגעמאָרעטער, דאַרער אַפּרעיטאָר, פאַרשלאָפט געוואָרן אין שאַפּ ביי דער אַרבעט. אַן אַמבולאַנס האָט אים צוגענומען אין אַ שטאָטישן שפּיטאָל. ער ליגט שוין דאָרט דריי חדשים און מען זעט ניט קיין בעסערונג. עסטעל איז פאַרבליבן די איינציקע שפּייזערין פון דער גאַנצער הויז־געזינד, און פון אירע עטלעכע פּיאַנאָ־„לעסאָנס" סטייטעט קוים אויף דירה־געלט.

די באַגאַבטע, שטאָלצע עסטעל, אָט די, וועלכע מען רופט אין דער מוזיקאַלישער וועלט „די אַקאָמפּלישט פּיאַניסט", — האָט מיט זיך געהאַט אַ לאַנגן ישוב־הדעת, גוט באַטראַכט איר טרויעריקע לאַגע און באַשלאָסן זיך אונטערגעבן, טאָן וואָס עס וועט זיך מאַכן, אַבי קענען אויפהאַלטן דאָס הויז. זי האָט זיך אָוועקגעלאָזט צו אַלע אירע פריינט און באַקאַנטע, זיך נאָכגעפרעגט אין געהילף־אַנשטאַלטן. ענדלעך, האָט זי אָנגעטראָפן אירע אַ חברטע נאָך פון „פּאַבליק־סקול", אויך אַ „דזשוליאַרד"־גראַדואירטע, וועלכע גייט אין גיכן הייראַטן און איז וויליק איר איבערגעבן אַ מוזיקאַלישע שטעלע — צו שפּילן ערגעץ אין אַ רעסטאָראַן.

איצט דרייט זיך נערוועז אַרום די סענסיטיווע,שטאָלצע עסטעל אין אירע אָרעמע, שוין פון יאָרן ניט געפּאַרבטע צימערן, קוקט צו, ווי איר רויט־האָריקע שוועסטער גרייט־צו אַן ענגלישע קאָמפּאָזיציע פאַר „האָנ־טער", ווי איר קליין ברודערל שוויצט איבער זיין אַריפמעטיק. און אָט איז זי אין קיך און קוקט אויף איר פאַרוועלקטער, גרויער מוטער, און טראַכט: זי איז ערשט עטלעכע און פערציק יאָר אַלט און קוק אויס ווי אַן אַלטע, אָפּגעלעבטע פרוי. עסטעל פילט ניט ווי צו רעדן מיט איר מוטער. זי לויפט אַוועק צו זיך אין צימער, זעצט זיך ביי איר „גרענד־פּיאַנאָ" און פאַנגט אָן צו שפּילן בעטהאָווענס „מונלייט סאָנאַטאַ". זי שפּילט מיט ברען און מיט ווייטיק. די אויגן זיינען ביי איר פייכט געוואָרן. די פּיאַנאָ יאָמערט אַרויס האַרץ־שניידנדיקע, פּאַטעטישע קלאַנגען. עס וויינען־מיט די אָפּגעבליאַקעוועטע ווענט און עס וויינט אויך איר דאַרע, פאַרוועלקטע מאַמע אין קיך. עסטעל האַקט מיטאַמאָל אָפּ דאָס שפּילן און לויפט צו צום שפּיגל, קוקט אַלע ווילע אויף איר האַנט־זייגערל, פאַרקעמט אירע

כוואַליענדיקע קאַשטאַן־האָר, פאַרבט־צו אירע בלוילעכע ליפּן. זי באַמערקט ביי די שלייפן עטלעכע דינע קנייטשן און אונטער די אויגן בלויע רינגען; פודערט זי עס ציכטיק צו, אויך איר חנעוודיקן, אַליוו־קאָלירטן, אָפגע־צערטן פנים, און הערט זיך צו צום גלעקל.

ס'האָט ניט גענומען לאַנג און איר חברטע מערי — אַ פעטלעך, טונקל מיידל, מיט טיפע חן־גריבלעך אויף די באַקן און מיט שוואַרצע, דיקע לאָקנס, איז אַריינגעפאַלן אַ פאַרסאָפעטע. דערזעענדיק עסטעלס פאַר־וואָלקנטן פנים און פייכטע אויגן, האָט מערי אַרויפגעצויגן אַ פריילעכע מינע און אַרויסגעשאָסן:

— נאָר ניט אַראָפלאָזן די נאָז!... וועט זיך דיר מאַכן עפעס בעסערס, אָדער אפשר גאָר אַ לייטישער חתן, וועסטו עס אָוועקוואַרפן... קיינער דאַרף ניט וויסן, אַז דו שפילסט אין אַ רעסטאָראַן. זאָג, אַז דו שפילסט אויף דער ראַדיאָ, אָדער אין אַ טעאַטער.

— דאַרף איך מיטנעמען נאָטן? — האָט עסטעל קוים דורכגעזיפצט דורך אירע ווייסע, פערלדיקע ציין.

— ניין, — האָט מערי מיט אַ זויערן שמייכל געענטפערט, — אַזאַ מין מוזיק האָסטו ניט. און ווייטער פרעג גאָרנישט. דו וועסט זען, וואָס איך טו.

עסטעל האָט אין איילעניש אַרויפגעצויגן אויף אירע ליכטיקע קאַשטאַן־האָר אַ קליינעם הוט, זיך צעזעגנט מיט איר מוטער און אַ רעזיגנירטע געלאָזט זיך גיין נאָך איר חברטע.

אין דרויסן איז געווען פינצטער און טריב. אַ נאָוועמבערדיקער, קילער ווינט האָט דורכגענומען אַלע גלידער. די ביידע חברטעס האָבן זיך גענורעט אין זייערע לייכטע מאַנטעלעך און געשפרייזט מיט גרויסע טריט.

באַלד זיינען זיי שוין געזעסן אין דער אונטערערדישער באַן, צווישן אַ סך אויסגעפוצטע מיידלעך און בחורים, וועלכע זיינען געפאָרן זיך אַמוזירן אין אַ טעאַטער, אָדער אין אַ מואָווי. די בחורים האָבן געוואָרפן מיט אויסגעדראָשענע וויצן, און די מיידלעך האָבן געפודערט די נעזער און געלאַכט. נאָר עסטעל און מערי זיינען געזעסן אָנגעכמורעטע און ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. ביי האַוסטאָן סטריט זיינען זיי אַרויס און זיך געלאָזט גיין איבער די האַלב־פינצטערע, שמוציקע גאַסן.

און אָט שטייען שוין ביידע מיידלעך ביי קרומע, הילצערנע טרעפלעך

פון אַ פּאַרדעכטיקן איסט־סאַידער קעלער־רעסטאָראַן מיט אַן אויפשריפט: „זינדאַס פריילעך עס־הויז״.

ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין דעם וויין־קעלער, איז עס געווען קוים באַלויכטן. אַן אָנגעהייצטע, דומפּע לופט, אָנגעזאַפּט מיט געווירצטע שראַפּע ריחות פון וויינען און געבראָטענע מאכלים, האָט זיי גלייך אַ שפּאַר געטאָן אין די נאָזלעכער. עסטעל האָט זיך ניט־דרייסט אַרומגעקוקט. דער עס־צימער איז געווען ניט קיין גרויסער און אָנגעפּאַקט מיט פּירקאַנטיקע טישלעך, איבערגעדעקטע מיט געקעסטלטע טישטעכער. די ווענט משונה־דיק געל געמאָלן. די סטעליע אַ נידעריקע, גלייך זי זאָל ליגן איבערן קאָפּ. אין איין ווינקל — אַ טרינק־באַר באַלאָדן מיט שנאַפּסן און וויינען; אין צווייטן ווינקל, אויף אַ נידעריקער עסטראַדע, איז געשטאַנען אַן אַלטע, קאַלירלאָזע פּיאַנאָ באַוואָרפן מיט אַ סך צעפליקטע בלעטלעך נאָטן. אין מיטן צימער איז געווען מיט הילצערנע באַריערן אַרומגערינגלט אַ קליין פּלאַץ צום טאַנצן.

ס׳איז געווען ניין דער זייגער. אין דעם וויין־קעלער זיינען דאַן געווען נאָר דריי געסט. אַ באַלייבטער, צעפּאַרענער מאַן מיט אַ גלאַנציקן קאָפּ, האָט איינער אַליין מיט גרויס אַפּעטיט געקייט אַ סטעיק. ביי אַן אַנדער טישל זיינען געזעסן אַ באַיאָרנטער, בייכיקער מאַן מיט אַ יונגער, פּוכ־ליבקער, בלאָנדער מיידל. דער מאַן האָט עפּעס געהאַלטן אין איין דערציילן, און דאָס מיידל האָט געלאַכט מיט אַ זאָרגלאָזן, ברוסטיקן געלעכטער.

באַלד איז אָנגעקומען די באַלעבאָסטע — אַ הויכע, פול־גופיקע פרוי, מיט אַ טיפער, אָפּענער דעקאָלטע און מיט גרויסע היפטן. זי האָט גע־שעפּטסמעסיק אָפּגעמאָסטן עסטעלן פון קאָפּ ביז די פיס און אַרויסגעברומט אַ צופרידענע:

— אָט דאָס איז זי?... אַ שיין מיידל!... מאַך זיך היימיש.

מערי און עסטעל זיינען אַוועק אין ווינקל צו דער פּיאַנאָ. מערי האָט גלייך גענומען שפּילן דזשעז און גאַסן־לידלעך. און עס האָט ניט גענומען לאַנג און מערי האָט אינגאַנצן פּאַרגעסן, אַז זי שפּילט אין אַ ביליקן וויין־קעלער, אויך פאַרגעסן אָן איר ליידנדיקער חברטע עסטעל, און זי האָט זיך געזען אָן אויסגעפּוצטע אין אַ ווייסער כלה־קלייד, שטייענדיק מיט איר בעניין אונטער דער חופּה, און זי האָט געשפּילט אַלץ פריילעכער און פריילעכער.

עסטעלן האָט דאָס שפּילן געגרילצט אין די אויערן און געעגבערט

די צענטערן פון איר מאַרך. זי איז ניט געוואוינט געווען צו אַזאַ מוזיק און צו אַזאַ שפּילן. טרערן זיינען איר געשטאַנען אין די אויגן.

ווען מערי האָט געענדיקט שפּילן, האָט זי זיך אומגעקוקט אויף עסטעלן און באַמערקט עסטעלס נאַסע אויגן, איז זי אויך געוואָרן קאַלט און פאַר־לאָשן און געגומען מיט ניט קיין זיכערער שטימע פילאָסאָפירן: — אַז אויף קיין סאָנאַטעס, עטיודן, פיוגן און קאָנטשערטאָס זיינען ניטאָ קיין בעלנים — שפּילט מען „דזשעז"... אָבער זאָרג ניט, טייערינקע, דאָס לעבן איז ווי אַ ים־כוואַליע, ס'גייט אַראָפּ און אַרויף. ס'וועט נאָך קומען אויך דיין טאָג!...

דערווייל האָבן געגומען אָנקומען נאָך געסט, — אַלץ עלטערע מענער, מיט יונגע, צוגעפּאַרבטע און אויסגעפּוצטע פרויען. זיי האָבן זיך אויס־געזעצט ביי די טישלעך, פאַררויכערט סיגאַרעטלעך, געשאָטן מיט ביליקע וויצן און געלאַכט.

די הויכע, פול־גופיקע באַלעבאָסטע, באַהאַנגען מיט גאָלד און דימענטן, האָט אַרומגעשמייעט, געשמייכלט און געוואָרפן מיט וויצן צו אַלע געסט. אירע דיקע היפּטן האָבן זיך געטרייסלט בעת זי האָט געהאַלטן אין טראָגן זאַפטיקע סטעיקס, פלעשער וויין, טעלער מיט ראָזשינקעס, אָפּגעשיילטע ניס און מאַנדל־יאָדערן.

דער עולם האָט געכראָמשקעט די מאַנדל־יאָדערן, פאַרטרונקען מיט וויין, אַריינגעשושקעט סודות איינער דעם צווייטן, זיך געהאַלובעט און פון צייט צו צייט אויסגעשאָסן מיט הילכיקע געלעכטערס. אין קעלער איז געוואָרן אַלץ לעבעדיקער און פריילעכער, דער וויין האָט דעם עולם צע־נומען, געמאַכט די אַלטע מענער יונג פילן.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע באַסאָווע שטימע פון אַ פעטסט־געבויטן, הויכן עלטערן מאַן, לעבן וועלכן עס איז געזעסן נאָך גאָר אַ יונג, פעטלעך מיידל מיט אַ נאַריש פּנים: — שפּיל, מערי, עפּעס אַ פריילעכס! — אייניקע געסט האָבן גלייך אונטערגעכאַפּט: — אַ פריילעכס!... אַ פריילעכס!...

מערי האָט געגומען שפּילן גאַסן־לידלעך, ביליקע וואָדעוויל־לידלעך. די מענער מיט די פרויען האָבן באַלד אונטערגעכאַפּט, מיטגעזונגען, צו־געקלאַפּט צום טאַקט מיט די גאָפּל־מעסער אָן די ליידיקע גלעזער. מערי האָט דערנאָך געגומען שפּילן אַלטמאָדישע חתונה־טענץ. אייניקע געפּאַקטע פאַרשוינען, מיט שמאַלציקע, פאַרלאָפענע אויגן, האָבן זיך געלאָזט ווילד

טאַנצן מיט זייערע יונגע פרויען, אויסגעפּוצעמט פאַרשיידענע פיגורן, צוגעקלאַפּט מיט די אָפּצאַסן, פאַרגעסנדיק אָן זייער הויכער עלטער. ווען די געסט זיינען מיד געוואָרן פון טאַנצן, האָבן זיי, פאַרשוויצטע, סאָפּענדיק ווי געגנדז, זיך ווידער אויסגעזעצט ביי די טישלעך און ווידער געטרונקען שנאַפּס און ווין און פאַרביסן מיט טרוקענע ביסלעך און מאַנדלען.

דער הויכער, פעסט־געבויטער מאַן איז צוגעגאַנגען צו מערין, זי געגלעט איבער די פּאַמפּושקע־באַקן, און געמאַכט זי און עסטעלן אויס־צוטרינקען צו גלעזלעך שנאַפּס, און נאָך דעם שיכורלעך אַרויסגעברומט:

— דו ביסט אַ וואויל קינד, מערי! זינג עפּעס!...

מערי האָט זיך אויפגעשטעלט, צורעכט געמאַכטע אירע שוואַרצע, דיקע לאָקן, באַקוקט אַלעמען מיט אַ געמאַכטן שמייכל, אָנגעוויזן עסטעלן אויף עטלעכע צעפּליקטע בלעטלעך נאָטן און גענומען זינגען אין יידיש מיט אַ הייזעריק־פאַרהאַרטעוועטער שטימע: „שיין ווי די לבנה”, „קויפט פּאַפּיראָסן”, „אַלץ פאַר געלט”... עסטעל האָט איר מוטלאָז און מעכאַניש קוים אַקאָמפּאַנירט.

דער בגילופינדיקער, צעהיצטער, אויפגעברויזטער עולם האָט שטאַרק אַפּלאָדירט, געקלאַפּט מיט די גלעזער און פלעשער אָן די טישלעך און געשריען: — בראַוואָ, מערי!

עסטעל איז געבליבן זיצן אָן אויסגעלאָשענע, אַ דערשלאָגענע. די שיכורע אָנגערויכערטע לופט, די ווילדע געשרייען און די צעהיצטע לייבער האָבן עסטעלן פאַרשאַפט אַ קאָפּווייטיק, און זי האָט געפילט, ווי זי זאָלן זיין איינגעוויקלט אין אַ נעפּלדיקן, בלייענעם שפּינגעוועב, און אין מויל האָט זי געפילט אַ פאַסקודנע זויערקייט. אַן אַנגסטן־שוויס איז איר באַפאַלן.

ווען די געסט האָבן זיך גענומען פאַנאַנדערגיין, זיינען אייניקע מענער צוגעקומען צו מערין און איר אַריינגעשטופּט פּאַפּיר־געלט...

פיר אַזייגער פאַרטאָג זיינען עסטעל און מערי שוין ווידער געזעסן, שווייגנדיקע, פאַרטשאַדעטע און אויסגעשעפּטע אין דער כמורנער, אונטער־ערדישער באַן, צוזאַמען מיט אַ סך פאַרשלאָפענע, צעקנייטשטע און פאַר־דאַרטע פרויען און מענער, וועלכע האָבן אַ גאַנצע נאַכט אויפגעראַמט טויזנטער אָפּיסעס.

— און וויפיל מאַכסטו אויף דעם דזשאַב? — האָט עסטעל איבער־געריסן דאָס פּיינלעכע שווייגן.

— איך באַקום צוועלף דאָלער אַ וואָך געהאַלט און ביי אַ צוואַנציק־דרייסיק מאַכט זיך אין „טיפּס“.

ביים פאַנאַנדערגיין זיך האָט די פעטלעך־טונקעלע מערי ניט־דרייסט אַ פרעג געטאָן:

— נו, ווי דענקסטו, עסטעל, דו וועסט קאָנען ?... ווילסט מאָרגן ווידער גיין ?...

עסטעל האָט אַ ווײַלע געשוויגן. פאַר אירע אויגן איז אויפגעשוואומען איר קראַנקער טאַטע, איר דערשלאָגענע, פאַרוועלקטע מאַמע, איר לעבנס־לוסטיקע, רויט־האָריקע שוועסטער און איר ברודערל, און זי האָט פעסט אַרויסגערעדט:

— יאָ, איך וועל גיין !...

אין דעם בראָנקסער דרויסן, אין דער שפּעטער שעה, איז געווען שטיל. אַ דריבנער, שטעכיקער רעגנדל האָט דורכגענומען די ביינער. אויף די ראָגן האָבן פאַרוויינטע גאַסן־לאָמפּן געוואָרפן מאַטאָווע שטיקלעך ליכט. קיין מענטש אויף אַ רפואה. עסטעל האָט קוים געשלעפּט אירע דינע פיסלעך איבער די האַרטע טראָטואַרן; און נאָך שווערער איז איר געווען אַרויפ־צושטייגן אויפן פערטן עטאַזש.

זי איז אַריין אין איר וואוינונג זייער שטיל, ניט געוואָלט אויפוועקן קיינעם פון איר פאַמיליע. זי האָט האַסטיק אַרונטערגעוואָרפן איר פאַר־נעצטן דינעם מאַנטעלע, אַרונטערגעשליידערט איר קליינעם הוט און זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט. אירע געכוואַליעטע קאַשטאַן־האָר האָבן זיך צע־שאָטן איבערן ווייסן קישן. זי האָט געגורעט איר קאָפּ, געדריקט מיט די אויגן־דעקלעך און געפּרובירט וואָס גיכער איינצושלאָפן, נאָר אַ ווייטיק ביי די שלייפן און אַן איבעלדיקע זויערקייט אין מויל האָבן איר ניט געלאָזט איינשלאָפן.

אומבאַוואוסטזיניק האָבן פון אירע אויגן גענומען פליסן טרערן. דאָס זיינען געווען יאוש־טרערן פון אויסגערונענע האָפענונגען. ערשט ווען עס האָט גענומען ווערן טאָג איז זי איינגעשלאָפן... און עס האָט זיך איר געחלומט אַן אויסטערלישער חלום: זי געפינט זיך ערגעץ אין אַ מיס־טעריעזן פּלאַץ, אויף אַ שפּיץ באַרג, אין מיטן נאַכט. אַ פולע לבנה שיינט העל. דער בלויער הימל איז אָנגעפּיקעוועט מיט גרויסע שטערן, וועלכע לויכטן ווי פייערדיקע פּאַקלען. זי זיצט ביי אַן אומגעהויער גרויסער פּיאַנאָ און גרייט זיך צו אַ קאָנצערט אין „קאַרנעגי־האָל“. איר פּראָפעסאָר

פון „דזשוליאַרד", אַ שטרענגער, הויכער, גרויער מאַן מיט בייזע וויעס, שטייט איבער איר און שרייט: — די טעמפּאָ איז פאַלש!... די פינגערינג איז ניט גוט!... דו שפּילסט היינט ערגער ווי ווען עס איז. דו וועסט זיין אַ דורכפאַל!...

און אַט האָט זיך איר בייזער, שטרענגער פּראָפעסאָר אויסגעקעררט צו איר מיט דער פּלייצע. עסטעל האָט לאַנג ניט געטראַכט און מיט איר גאַנצער קראַפט אַ שטויס געגעבן דעם אַלטן לערער אירן, און ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין תהום. עסטעל האָט אָפּגעאָטעמט פריי, און מיט אַ נקמה־געפיל אויך אַריינגעשליידערט איר דיקן באַנד נאָטן אין תהום, און גענומען זינגען הויך און לוסטיק:

שיין ווי די לבנה,
ליכטיק ווי די שטערן,
פון הימל אַ מתנה
האָסטו מיר צוגעשיקט...

און נאָך דעם האָט זי ווידער גענומען וויינען און כליפּען פון שלאָף. און ווען די באַגאַבטע, צאַרטע עסטעל, די גראַדואירטע פון „דזשוליאַרד", האָט אויפגעעפנט אירע טיפע, בלויע אויגן, זיינען געזעסן לעבן איר איר פאַרוועלקטע, גרויע מוטער און איר רויט־האָריקע שוועסטער און זי געמינטערט.

1941

# צווישן כוואַליעס

(אַלעגאָריע)

„זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג;
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה,
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט: מיר זיינען
דאָ!...״

(דאָס ליד פון דעם געטאָ־פּאַרטיזאַנער הירש גליק)

אַ גיגאַנטישע שיף איז געשוואומען איבער דעם גרויסן, ברויזנדיקן ים, זיך געוואָרפן אַרויף און אַראָפּ, געקרעכצט, געריעוועט, אַרויסגעוואָרפן פון זיך שטיקער וואָלקנס רויך, און מיט אימפּעט געשניטן די בערגיקע כוואַליעס אויף צווייען.

דער טאָג איז געווען אַ זומערדיקער, אַ זוניקער און אַ שטילער. אַלץ וואָס מען האָט געזען אַרום זיך איז — אַ בלויען הימל און בלויע בערגלעך מיט וואַסער.

די שיף איז געווען איינגעטיילט אין דריי טיילן, און יעדע טייל איז געווען אַ באַזונדער וועלט.

גאָר אונטן — טיף אויפן גרונט פון דער שיף, אין אַן אייזן־געצאַמטער, פינצטערער קאַיוטע, האָבן זיך געפונען פאַרהאַפּטעטע פרייהייטס־קעמפער. זיי זיינען געווען פון פאַרשיידענע נאַציעס, גערעדט אויף פאַרשיידענע שפּראַכן. זיי זיינען געווען נאָך גאָר יונגע, מיט טשופּרינעס שוואַרצע, בלאָנדע און רויטע האָר, מיט פלאַמענדיקע, פייערדיקע אויגן, מיט אַ סך איינגעצאַמטער ענערגיע, אָבער מיט אויסגעמאַטערטע גופים. זיי, די קעמפער, האָבן ווינציק וואָס צווישן זיך גערעדט, ווייל זיי האָבן שוין אַלע געוואוסט פון דעם וואָקסנדיקן פאַשיזם, פון דער לויערנדיקער מלחמה־געפאַר... און אַז זיי פלעגן וועלן זיך אויפמונטערן, האָבן זיי גענומען זינגען

זייערע נאַציאָנאַלע פאָלקס־מעלאָדיעס, פּאַטעטיש־שטימונגספולע באַלאַדעס, און נאָך דעם אַלע צוזאַמען ריטמישע אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע לידער, און אין זייערע אויגן פלעגט אויפפלאַמען אַ לײדנשאַפטלעכער, אָפּערווילקער באַשלוס צו אויסוואָרצלען און פאַרניכטן דעם פּאַשיזם פון דער ערד.

אין מיטן שיף, וואָס מען האָט גערופן דריטער קלאַס, האָבן זיך געפונען אַרבעטער און קלײנהענדלער פון פאַרשײדענע פעלקער: הויכע איר־לענדער; קורצע, געפּאַקטע איטאַליענער; באַבערדלטע און ראַזירטע יידן פון פאַרשײדענע לענדער, און ברייטפּלייציקע סלאַוון. דאָרט האָבן זיך אויך געפונען אָרעמע סטודענטן, עטלעכע מאָלער און שרייבער. די אַלע מענטשן האָבן זיך גרופּירט לויט זייערע נאַציאָנאַליטעטן, געזעסן אין פאַר־רוקטע ווינקלען פאַרחלומט, גערויכערט פון פאַרשײדנאַרטיקע ליולקעס, און געחלומט פאַרשײדענע חלומות.

אָבער אויבן, אין צווייטן און ערשטן קלאַס, אויף דער פריש, ווייס־געפּאַרבטער „דע־לוקס" אויבערדעק, האָבן רייכע פּאַסאַזשירן אין העלע, זומערדיקע רייזע־אָנצוגן, מיט אָפּגעבערענטע פנימער, זאָרגלאָז אָרומגע־שפּאַצירט פריילעכע, אויפגערוימטע, געלאַכט מיט אַ פעטן בויך־געלעכטער, געוויצלט זיך און געפלירטעוועט.

בלויז איין פרוי — אַ הויכע, אַ דאַרע, מיט אויסגעטריקנטע, צאַרטע גלידער, מיט גרויע, זיידענע האָר, אָנגעטאָן אינגאַנצן אין שוואַרצן, און איינגעוויקלט אין אַ שוואַרצער נעפּל־שאַל, איז שטענדיק געווען אַליין, אָפּ־געזונדערט פון אַלעמען און מיט קיינעם ניט גערעדט. זי האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן די זאָרגלאָזע פריילעכקייט און די באַנאַלע געלעכטערס. מיט מרה־שחורה און טרויער האָט געווייעט פון יעדן ריר אירן. זי איז שטענדיק געווען איינגעשלאָסן אין אַ געהיימער, טרויעריקער מעלאַנכאָליע.

דער העלער, זוניקער טאָג איז אַוועק ביי די רייכע פּאַסאַזשירן אין עסן, טרינקען און אַרומשלעפּן זיך איבערן דעק. און אָט האָט זיך די זון גענומען זעצן און אָפּגעפאַרבט דעם ים מיט גינגאָלדענע, בין־השמשות־פאַרבן. די בלויע כוואַליעס האָבן געפינקלט, ווי מיריאַדן געשליפענע ברילִיאַנטן. און באַלד האָבן זיך פון איבעראַל צוזאַמענגעקליבן טונקעלע, אומהיימלעכע שאָטנס און גענומען זיך אַראָפּלאָזן אַלץ נידעריקער און נידעריקער. די שאָטנס רוקן זיך נעענטער איינער צום אַנדערן, רוימען איין איינער דעם צווייטן וועלטלעכע סודות, — זאָכן, וואָס מענטשן ווייסן ניט...

ענדלעך האָט דער טאָג אַרויסגעגאָסן זיינע לעצטע מינוטן. די רייכע דע־לוקס פּאַסאַזשירן האָבן זיך גענומען ביסלעכווייז פּאַנאַנדערגיין צו זיך אין די באַקוועמע קאַבינעס. זיי האָבן זיך גענומען פּוצן, פּאַרפּיומירן, אָנטאָן קאָסטבאַרע מלבושים, זיך באַהאַנגען מיט גאָלד און דימענטן, — דאָס האָבן זיי זיך געגרייט צום אָוונט־מאָלצייט...

די איינציקע, וועלכע איז געווען צו אַלץ און אַלעמען גלייכגילטיק, איז די פרוי אין שוואַרצן. נאָכן אָוונט־מאָלצייט האָט זי זיך אַרומגעשלייכט אַ פאַרחלומטע, אַ פאַריתומטע, און נאָך דעם האָט זי זיך געלאָזט גיין ווידער אויף דער אויבערדעק. קיין מענטש איז דאָרט דאָן שוין ניט געווען. אַלץ אַרום פּוסט און פאַרלאָזן. דער ים האָט שטאַרק געברויזט, אָבער אין בלוי־סאַמעטן הימל איז נאָך אַלץ געווען שטיל און רואיק. די שטערנדלעך, ווי ערשט־אָפּגעוואַשענע דימענטן, האָבן געפינקלט; אַ גאַנצע קופּערדיק־העלע, כּרעכע לבנה האָט זיך גלייכגילטיק געגליטשט, געלויכטן און גע־שמייכלט ווי אַ חצופה. די פרוי אין שוואַרצן איז לאַנג געשטאַנען אַ פאַר־גליווערטע, געקוקט מיט אירע קליינע, טריבע אויגן אויפן רוישנדיקן ים, ניט גקאָנט פאַרשטיין צוליב וואָס די כוואַליעס שטורעמען, רעשן זיך, יאָגן זיך און פאַרצוקן איינע די אַנדערע; און פאַרוואָס פאַראַדירט אַרום די העלע לבנה אַזוי קאַלט, רואיק און גאַווהדיק!...

און אָט האָט זי אויפן האָריזאָנט באַמערקט פינקלענדיקע שטערן. אין די שטערן זעט זי דייטלעך באַקאַנטע רונדע פּנימלעך. די שטערן רייסן זיך אָפּ פון זייער שטאַם, קרייצן דורך שימערירנדיק דעם הימל און פאַרשווינדן אין דעם אומבאַשטימטן אוניווערס...

די פרוי אין שוואַרצן האָט גענומען פליסטערן מיט אירע דינע, בלויע ליפּן:

אוי ווי! — מיינע קינדער גייען אונטער!<br>
דאָס פאָלק ישראל טרינקט זיך!<br>
אומשולדיקע פעלקער גייען אָפּ מיט בלוט!<br>
אָ, גאָט! — גיב אונדז כוחות, גיב אונדז מוט!...

און עס האָבן זיך ביי איר גענומען קייקלען גרויסע, בריליאַנטענע טרערן איבער די דינע פאַלדן פון איר אויסגעבלאַסטן, איידעלן פּנים, און אירע דאַרע פּלייצעס האָבן לייכט געציטערט... זי איז אַזוי אַ פאַר־

**שטיינערטע אַ לאַנגע צייט געשטאַנען, אין שטילן, פּיינלעכן טרויער פאַר־גאַנגען, — אין יענעם טרויער, וואָס גרענעצט זיך מיט גסיסהדיקן אַנגסטן.**

• • •

**אין יענער נאַכט, אין אַ שפּעטער שעה, האָט זיך אויף דער אויבער־דעק באַוויזן אַ הויכער, דאַרער מאַן. דערזעענדיק די פּרוי אין שוואַרצן אַ פאַרוויינטע, אַן איינזאַמע, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, גענומען חוזקדיק קוקן מיט שטעכיקע, שאַרפע אויגן. אַ בייזער שמייכל האָט זיך צעגאָסן אויף זיינע גלאַנציקע, פאַרפלאַמטע באַקן און פאַרלאָרן זיך אין זיינע לאַנגע פאַרשפּיצטע וואָנצעס. און ער האָט, אין אַ מעפיסאָפעלישער פּאָזע, אַרויס־דעקלאַמירט:**

וויין ניט, מוטער, — זאָל דיין געוויסן צערונען ווערן!
זאָל דיין האַרץ פאַרהאַרטעוועט ווערן ווי שטיין!
יאָמער ניט, קלאָג ניט, — לאָז ניט אַרויס קיין גסיסה־געוויין!...
וויין ניט, מוטער, — קוק אויף דער פאַרעטערישער לבנה!
קוק, די לבנה איז כלומרשט אומשולדיק, וויס, און צונ׳אמתן — בלוטיק־רויט.
הער נאָר, מוטער, ווי עס ברויזן די כוואַליעס, שדים טאַנצן מיטן טויט.
די וועלט איז פול מיט סכנה!...
אָ, אָ, וואַ,
כאַ, כאַ, כאַ!

הער זיך צו, מוטער, ווי דער מערב־ווינט טראָגט זיך געשווינט,
הער, ווי דער ברויזנדער ים זידט און ברומט מיט אַ רויש־טאַראַראַם.
עס רעשט און יאָגט זיך דעם מחבלס מאַכט!
און דער שטן מקטרג לאַכט און לאַכט!
אָ, אָ, וואַ,
כאַ, כאַ, כאַ!

הערסט, מוטער, אַלץ איז הבל הבלים!
עס קומען אויף דער וועלט ווילדע חיות און רינדער,
עס קומען צאַרטע, בליענדיקע מענטשלעכע קינדער,

אָבער אַלע, אַלע גייען זיי צוריק ווי מנובלים!
או, או, וואָ,
כאָ, כאָ, כאָ!...

און באַלד איז דער דעמאָן אַוועק, פאַרכלינבענדיק זיך מיט אַ שפּאָטישן, האַרטן געלעכטער.

די פרוי אין שוואַרצן האָט ניט געהערט דעם מאַנס שטעכיקע רייד, וועלכע האָבן זיך צעשאָטן איבערן אומענדלעכן וואַסער־שטח. אַנשטאָט דעם האָט זי דערהערט, ווי פון ערגעץ דערטראָגט זיך צו איר אַ משונהדיק־ווילדער געזאַנג און אַ שיכור־גרילצנדיקער געלעכטער. דאָס געזאַנג איז געווען ווי פון בלוטדורשטיקע מאָנסטערס אין אַ שדים־נעסט, און דאָס געלעכטער ווי פון לילית־טייוואָלים, וואָס לאַכן אָפּ פון אַלע מענטשלעכע פאַראַנדקעס, לאַכן פון דער גאַנצער וועלט, און פון דער ריזיקער שיף מיט אירע מענטשלעכע וועזנס.

פלוצים האָט די פרוי אין שוואַרצן דערפילט, ווי אַ פעסטע האַנט האָט איר אַ צי געטאָן, אַנגעכאַפּט אייזן־שטאַרק און שלעפּט זי בלינד מיט אַן אומגעהויערער קראַפט. זי האָט געוואָלט שרייען, אָבער איר שטימע איז איר געבליבן שטעקן אין האַלדז. זי האָט מיט מאַטערניש אויסגעשטרעקט אירע דאַרע, לאַנגע הענט צום הימל, און מיט אויפגעריסענע, טריבע אויגן אַרויסגעמורמלט:

איר הייליקע מלאכים, איר פינקלענדע שטערן!
אפשר וועט איר מיין תפילה דערהערן?!
אָ, גאָט, פאַר וואָס קומט עס אונדז?!...

— — — — — — — — — — — —

און מיטאַמאָל איז איר געוואָרן פינצטער אין די אויגן. אַלץ אַרום איר איז געוואָרן שוואַרץ. שוואַרץ דער ים, שוואַרץ דער הימל. אַלץ שוואַרץ, פוסט און שטיל. זי איז אַרונטערגעפאַלן און מאָמענטאַל פאַרשוואונדן. עס האָט אויסגעזען, גלייך ווי די כוואַליעס האָבן אויף דעם טייערן ביסן שוין יאָרנלאַנג געוואַרט. איר אונטערגאַנג האָט ניט געמאַכט קיין טומל. קיין וואַסערדיקער קרייז האָט זיך אַפילו ניט אויסגעפורעמט. באַר פון

ערגעץ ווייט, ווייט האָט זיך אַן אומדערמידלעך, זקניש געוויין דערטראָגן:
— רחל מבכה על בניה, — די מוטער רחל האָט געקלאָגט אויפן בראָך פון אירע קינדער...

אין דעם זעלבן אָונט גאָר אונטן, אין ברענענדיקן בויך פון דער גיגאַנטישער שיף האָבן משונה־דיק־גרויסע, אייזערנע אויוונס געברענט מיט אַ העליש פייער. די קוילן־שאַרער האַלב־נאַקעטע, ברוינע, גלאַנציקע, האָבן אַלע פּאָר מינוט אויפגעעפנט אַ רונד טירל און אַריינגעוואָרפן גרויסע לאָפּעטעס מיט קוילן; גלייך פלעגן זיך אַ שפּאַר־טאָן רויטע פייער־צונגען און אָפּגיסן די הייצער מיט אַ העל־פלאַמענדיקן שיין. דעמאָלט פלעגן די הייצערס קריגן אַן אָנבליק פון אוראַלטע, רויט־הויטיקע געטער, וועלכע זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו ברענען אין אייביקן גיהנום.

ניט ווייט פון די קוילן־שאַרער, אין דער פינצטערער, טוכלער, אייזן־געצאַמטער קאַיוטע זיינען געלעגן אויף דער האַרטער פּאָדלאָגע די פרייהייטס־קעמפער און אויסגעפּלאַנירט אַ בעסערע וועלט.

און איבער זיי, אין דריטן קלאַס, זיינען די האָרעפּאַשנע אַרבעטער געלעגן אויף פּאַלאַטקעס מיט שטרויענע מאַטראַצן, איינער איבערן אַנדערן, זיך אַרומגעדרייט אויף די פאַרלעגענע זייטן, ניט געקאָנט איינשלאָפן פון שלעכטע חלומות, פון בענקשאַפט נאָך ווייב און קינדער און נאָך דער לאַנג־פאַרלאָזענער היים...

אָבער גאָר אויבן האָבן זיך צו דער צייט די רייכע, יחוסדיקע פּאַסאַ־זשירן געפונען אין פּראַכטפולן, ווייך־באַלויכטענעם טאַנץ־סאַלאָן. דער עולם איז געווען באַזויפן, שיכורלעך, פאַרטרונקען אין זעלבסט־צופרידנ־קייט. דער „דזשעז"־אָרקעסטער האָט געליאַרעמט; די סאַקסאָפאָנען און די טראָמבאָנען האָבן געוואָלט אַריבערשרייען די פּייקל־אינסטרומענטן. אַלץ האָט געטאַנצט — דאַמען אין טיול און זיידנס, מיט קאָסטבאַרע שניר־לעך פּערל אויף די אַנטבלויזטע, ווייסע העלדזער, מיט הערן אין פראַקן. יונג און אַלט האָבן זיך ליידנשאַפטלעך געטוליעט איינער צום אַנדערן, געדריגעט מיט די פיס. אייניקע האָבן זיך פּשוט געהאָפּקעט. עס האָבן זיך געהאָפּקעט אויך די מוזיקער, גלייך ווי זיי זאָלן זיצן אויף הייסע סקאָוועראָדעס. אין אַ ווינקל ביי דער „באַר" זיינען געזעסן באַיאַרנטע, פעט־לייביקע פּאַסאַזשירן, זאָרגלאָז געלאַכט, זיך אויסגעבאַרימט מיט זייער רייכטום, און געטרונקען קאָניאַק און שאַמפּאַניער. אייניקע האָבן גע־פלירטעוועט, גערעדט ניבול־פה מיט אָנגעשמינקטע, מיט גאָלד און

דימענטן באַהאַנגענע, טיף־דעקאָלטירטע דאַמען. אייניקע זיינען געזעסן אין אַ דערבייאיק אָנגערויכערט צימער, געשפּילט אַזאַרטנע אין קאָרטן, און זיך פּשוט געוואָרפן מיט הונדערטער. (אָט אַזוי פאַרברענגען געווײנלעך אַלע אָוונטן די דע־לוקס פּאַסאַזשירן.)

שפּעט אין דער נאַכט, ווען אַפילו די פּאַסאַזשירן פון ערשטן און צווייטן קלאַס זיינען שוין געשלאָפן, האָט זיך פון העלער הויט אין פאַרנעפּלטן הימל באַוויזן אַ קליינער שוואַרצער קנויל, ווי אַ שטיקל רויך. אַ שטאַרקער ווינט האָט גענומען בלאָזן, און יעדע מינוט איז דער ווינט געוואָרן שטאַרקער און גרויזאַמער, גלייך ווי אַ ווילדע חיה, וואָס האָט זיך פון אַ קייט אָפּגעריסן. און באַלד האָט זיך דער שוואַרצער קנויל פאַנאַנדערגעוויקלט און ס׳איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיק מאוימדיקער כמאַרע. די ריזיקע שיף האָט זיך גענומען שטאַרק הויבן אַרויף און אַראָפּ. אָט פאַלט זי אַריין אין אַ טאָל, און אָט קריכט זי אַרויף אויף אַ וואַסער־באַרג־שפּיץ. עס האָט אויסגעזען, ווי הימל און וואַסער האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין פינצטערער מאַסע, אין איין מוראדיקער חשכות. ס׳האָבן צאָרנדיק די קוימענס גענומען הודען, אַרויסשפּייענדיק געדיכטע קנוילן רויך; ס׳האָבן די סירענעס בייז־בשורהדיק געפייפט; ס׳האָב די מאַרינער וואָרנענדיק פון טרומייטן געשאַלט, און פאַראָרדנט אָנצוטאָן די רעטונגסגאַרטלען. די פּאַסאַזשירן — סיי די רייכע און סיי די אָרעמע — מיט זייערע ווייב און קינדער, האַלב־נאַקעטע, צעשראָקענע האָבן מיטאַמאָל גענומען לויפן פון אַלע צימערן און פון אַלע פאַרוואָרפענע ווינקלען אויף די אויבערשטע דעקן.

אַ שאַרפער בליץ האָט דורכגעשניטן די שוואַרצע כמאַרע, ווי מיט אַ מוראַדיקן בלאַנקן שווערד, און גלייך נאָך אים האָט זיך דערהערט אַ ווייטער דונער; און באַלד אַלץ אָפטער און שטאַרקער. און אָט האָט פון ערגעץ גאָר נאָענט אויסגעבראָכן אַ משונהדיק־פאַרטויבנדיקער קנאַל, גלייך ווי מען זאָל אויסשיסן פון טויזנט האַרמאַטן. און מיטאַמאָל האָט דער הינטערשטער טייל פון דער ריזיקער שיף גענומען ברענען. אַ סך העלרויטע צונגען פייער האָבן זיך גענומען קרייזלען. די צונגען האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין זיילן. איין זייל פייער האָט זיך געאַמפּערט מיטן צווייטן, געוואָלט איינער דעם אַנדערן אַריבערשטייגן, פאַרצוקן. פּלוצים האָבן זיך אַלע פלאַמען צוזאַמענגענומען, זיך צוזאַמענגעפלאָכטן, און גענומען טאַנצן אַ משוגענעם פייער־טאַנץ. און די בערגיקע כוואַליעס אַרום האָבן

אויפגעכאַפּט דעם בליאַסק פונעם העלישן פייער און אַט געפלאַסן און אַט געשפּרונגען, ווי אַ פלאַמענדיקע לאַווע פון אַ וואולקאַן.

און אַרום און אַרום האָט דער ים געברויזט, געפינקלט מיט טויזנטער פייערן, איבערגעגאָסן זיך פון גינגאָלד־העל ביז בלוטיק־רויט. פלאַמענדיקע שדים, פאַרשיידענע רויב־פיש, ים־חיות, ווילדע בימפען, שלאַנגען, עקדישן און סתם שרצים זיינען אַרויס פונעם שוואַרצן אָפּגרונט, זיך געהוידעט, געשפּרונגען, געטאַנצט ווי אויף אַ פייערדיקער גיהנום־וואַקכאַנאַליע.

דערווייל האָט זיך דער פייער אַלץ מער און מער פאַרשפּרייט. די פלאַמענדיקע צונגען האָבן גאַנצע טיילן פון דער שיף איינגעשלונגען, און געשפּיִען אין שוואַרצן הימל מיט דיקע וואָלקנס רויך.

די פּאַסאַזשירן פון אַלע קלאַסן — האַלב־נאַקעטע, ווער בלויז אין הויזן אָדער אין אַן אונטערקליידל, ווער אין בלויזע אונטערוועש, אַ צאָל מיט קינדער אויף די אָרעמס; ווער מיט שיך אין די הענט, ווער מיט אַ ווערטפולן פּעקל אויף אַן אַקסל, ווער מיט אַ ביבל אָדער קאָראַן, און ווער מיט אַ טלית־און־תפילין אונטערן אָרעם, — זיינען אַרומגעלאָפן אין טויט־שרעק, געשריִען, געוויינט און געזוכט רעטונג. און יעדעס מאָל, ווען דער גרויזאַמער שטורעם־ווינט האָט אַריבערגעשמיסן אַ כוואַליע קאַלטע וואַסער איבער דער שיף און אַלעמען אָפּגעגאָסן, איז די פּאַניק און געוויין פאַרגרעסערט געוואָרן.

אָבער מער פון אַלעמען האָבן געיאָמערט און געגוואַלדעוועט די פּריווילעגירטע פּאַסאַזשירן פונעם ערשטן און צווייטן קלאַס. זייערע יללות און וואַנזיניקע געשרייען האָבן פּשוט דעם הימל געשפּאָלטן. זיי זיינען אַרומגעלאָפן ווי ווילדע חיות אין זייערע קאָלירטע אונטערוועש, מיט קאָסטבאַרע שטיקער פוטערוואַרג אויף די נאַקעטע פּלייצעס, מיט שנירלעך פּערל און גאָלד־צירונג אין די הענט, און מיט רעטונגס־גאַרטלען אויף די היפטן; זייערע אויגן זיינען געווען אויסגעקוילערט, די מיילער צעקרימט, די געפאַרבטע האָר צעפּלאָשעט, די דיקע שמינק אויף די פרויען־פּנימער איז געווען צעפלאָסן אין פאַרשיידנפאַרביקע ריטשקעלעך, און זיי, אַט די פרויען, האָבן געהאַט דעם אָנבליק — אייניקע פון וואַנזיניקע מכשפות, און אייניקע פון טראַגי־קאָמיקער אין אַ צירק. זיי, די פּריווילעגירטע, האָבן מיט זייערע שטייפע עלנבויגנס געשטויסן יעדן איינעם, וואָס איז זיי געווען אין וועג; געטראָטן אויף די אומגעפאַלענע

מענטשן, און מיט גוואַלד געפּרובירט זיך אַריינשטופּן אין די רעטונגס־שיפלעך. אייניקע פון זיי האָבן געשפּאַרט די מאַרינער צירונג, דימענטן, געוואָלט מען זאָל זיי אַריינעמען פון די ערשטע, געוואָלט אַלץ נאָך זיין פון די אויסדערוויילטע, פון די מיוחסים. אָבער איצט האָט דאָס גאָלד זייערס ניט געהאָלפן, ווייל איצט האָבן די פּריוויליטעס־קעמפער און די אַרבעטער געהאַט די דעה, און ניט דער קאַפּיטאַן פון דער שיף; און זיי, די אַרבעטער, האָבן אַריינגענומען פּאַסאַזשירן אין די רעטוגס־שיפלעך לויט זייער פאַרשטאַנד — די שוואַכערע און קינדער צוערשט און די געזינטערע אויף צום לעצט. הכלל, די אַרבעטער־מאַסע אויף דער שיף האָט זיך אין דער קאַטאַסטראָפאַלער נאַכט ניט פאַרלאָרן: זיי האָבן גע־האַלטן אָרדענונג, אויסגעטיילט אַלעמען גלייך רעטונגס־גאַרטלען, געגעבן אינסטרוקציעס און אָנגעגאַנגען פלאַנמעסיק מיט דער רעטונג...

און אָט זיינען שוין אַלע פּאַסאַזשירן, מענטשן פון פאַרשיידענע קלאַסן און פון פאַרשיידענע נאַציעס, געלעגן אין די שיפלעך צוזאַמענגעפּרעסטע, פאַרחלשטע, מיט צוזאַמענגעפלאָכטענע הענט און פיס, ווי איין שטיק פאַר־גליווערטע טייג.

די כוואַליעס בושעווען נאָך אַלץ, גיסן אָפּ די מענטשן מיט שטראָמען וואַסער. די פייערדיקע, העל־רויטע זיילן פון דער שיף וואַרפן אָן אַ שרעק, פונקט ווי דאָס גאַנצע גיהנום איז אָפן אַרום זיי. די שיפלעך וואַרפן זיך אַרויף און אַראָפּ. און אָט־אָט ווערן זיי פאַרשלונגען פון די ברויזנדיקע כוואַליעס. ביי די רודערס פון די שיפלעך זיינען געזעסן די פון־יאָרו־לאַנג־טרענירטע און פאַרהאַרטעוועטע מאַרינער; זיי האָבן פלינק מיט זייערע לעצטע כוחות דורכגעשניטן די כוואַליעס, געקערעוועט, מאַנעווירט, כדי צו האַלטן זיך אויף דער אויבערפלאַך. און ביי די ראַנדן פון די שיפלעך האָבן די מאַזאָליעדיקע האַרעפּאַשניקעס מיט שטיקער אייזן און דראַנגען זיך געראַנגלט מיט די פאַרשיידענע ים־חיות, רויב־פיש, שלאַנגען און עקדישן; און מיט די רעטונגס־גאַרטלען אַרויסגעפישט אַ גרויסע צאָל האַלב־טויטע, שווימענדיקע מענשן.

• • •

דער שטורעם האָט זיך ביסלעכווייז גענומען איינשטילן. די שוואַרצע וואָלקנס האָבן גענומען ווערן קלענער און דינער. די כוואַליעס זיינען גע־וואָרן רואיקער. די קופּערנע פּרעכע לבנה האָט זיך ווידער ווי אַ גנבטע

דורכגעריסן, און זיך געגליטשטביים ראַנד פון הימל. און באַלד האָט זיך דער הימל אין מזרח גענומען לייטערן. דאָ און דאָרט האָבן נאָך אַלץ אַרומגעבלאָנקעט קליינע, גרויע שטיקלעך וואָלקנס, און אָט האָט זיך באַוויזן אַ גאָלדענע, פאַרשעמטע פרימאָרגן־זון. דער אויסגעלייטערטער, ליכטיקער הימל האָט גענומען שמייכלען ווי אַ פאַרשולדיקטע בתולה. די מילדע, ווייכע זון־שטראַלן האָבן באַפאַרבט דעם מזרח־האָריזאָנט מיט פאַנטאַסטישע, בלוילעך־גאָלדענע קאָלירן, און געמאַכט די בלאָנקענדיקע שטיקלעך וואָלקנס אויסזעזן ווי ווייסע נעבעכדיקע לעמעלעך. און אַז די זון האָט זיך גענומען הייבן, און אירע גאָלדענע שטראַלן האָבן גענומען מוטערלעך וואַרעמען, מונטערן און לאַשטשען, זיינען די לעצטע שטיקלעך וואָלקנס אין גאַנצן צערונען.

די מאַרינער און די שווערע אַרבעטער האָבן נאָך אַלץ מידע און דער־שעפטע, מיט זייערע לעצטע כחות, עקשנותדיק געפירט אַ גרויסע צאָל געראַטעוועטע שיפלעך צו אַ זיכערן, גרונטאָוון באָדן.

ענדלעך האָט די פאַרשמאַכטע, האַלב־טויטע מאַסע אין די שיפלעך דערזען ערד. אַ פרייד, ניט צו באַשרייבן, האָט אַלעמען מיטאַמאָל אַרומ־געכאַפּט און אַריינגעגעבן האָפענונג אויף אַ ניי לעבן.

די מענטשן — האַלב־נאַקעטע, נאַסע, פאַרקעלטערטע — האָבן גע־נומען אַרויסהויבן די קעפּ און זיך נאָכפרעגן ביי די מאַרינער, צי אַלע שיפלעך זיינען געראַטעוועט. אָבער, ליידער, האָבן זיי זיך שפּעטער דער־וואוסט, אַז אַ באַדייטנדיקע צאָל שיפלעך איז אין דער שוואַרצער, קאַטאַסטראָפאַלער נאַכט אומגעקומען צווישן די ברויזנדיקע כוואַליעס.

דערווייל האָט זיך די זון אַלץ העכער און העכער געהויבן, אָפּגעגאָסן די וועלט מיט ליכטיקייט און וואַרעמקייט. לייכטע, פרישע ווינטן האָבן מיט אַ דערקוויקנדיקער מונטערקייט געבלאָזן. די שיפלעך האָבן זיך איצט לייכט און פריידיק געגליטשט אויפן שטילן, גלאַנציקן פלאַך פון ים. ווייסע מעוועס זיינען געפלויגן פאַראויס די שיפלעך, און זינגענדיק אָנגעזאָגט פון אַ נייער וועלט, — אַ וועלט פון פרייהייט און גערעכטיקייט...

1943

# עס קומט דער יום־הדין

ס׳איז געווען אַ קאַלטער, האַרבסטיקער פאַרנאַכט. אַ גאָלדיק־בלוטיקע זון האָט געהאַלטן אין אונטערגיין אויפן מערב־ראַנד און אַרויס־געוויינט אירע לעצטע פייערדיקע פיילן. דער הימל איז געווען לויטער, העל־בלוי, קיין סימן פון קיין וואָלקנדל. די אַלטע, יונקערישע שטאָט מאַנהיים, מיט אירע ברייטע גאַסן און ברוינע, דריי־שטאָקיקע מויערן, האָט בין־השמשותדיק, געמיטלעך געדרעמלט, ווי אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. נאָר אויף דער זעקענהיימער שטראַסע האָט זיך אַביסל גערודערט, — מען האָט געפּיר׳ט פון קאָנצענטראַציע־לאַגער יידן און קאָמוניסטן...

אין דער האַלב־טויטער, פאַרפרוירענער, צוזאַמענגעקנוילטער מאַסע האָבן זיך געפונען: מאַנהיימער געבאָרענע יידן, אויסגעבראָקירטע אַרבע־טער פון דער לודוויגסהאַפענער פולווער־פאַבריק, און סתם אינטערנירטע יידן; אויך אַ צאָל רוסן־קאָמוניסטן. געווען דאָרט מענער און פרויען פון פאַרשיידענעם עלטער, אויך אַ צאָל קינדער. געווען דאָרט אַרבעטער און אינטעליגענטן, דאָקטוירים און וויסנשאַפטסלייט, סטודענטן און אַרטיסטן, אינטעלעקטואַלן און אויך אַ רייכסטאַג־דעפּוטאַט.

זיי זיינען געווען ווי איין קאָמפּאַקטע מאַסע, ווי איין שטיק שוואַרצער ליים. זיי האָבן זיך געטוליעט, געדריקט איינער צום צווייטן, ווי אַ סטאַדע שעפּסעלעך, ווען זיי דערפילן דעם אָנקום פון בייזע, הונגעריקע וועלף.

זיי זיינען אַלע געווען אויסגעהונגערט, אויסגעמאַטערט, פאַרלייזיקט און פאַרקריפּלט. די עלטערע מענער — מיט אונטערגעשלאָגענע זייטן און מיט אויסגעפּליקטע בערד; די אַרבעטער—צעממיתט און צעקאַטעוועט; אייניקע מיט אַרויסגעזעצטע אויגן, און די יינגערע פרויען — געשענדעטע.

די גאַנצע מאַסע — מיט פאַרטעמפּטע געדאַנקען, מיט אַ פאַרגליווערטן, איבערגעבראָכענעם צאָרן, רעזיגנירטע, מיט אויסגעלאָשענע, אַפּאַטישע בליקן, — האָט זיך קוים געשלעפּט און זיך געקאָרטשעט פון קעלט.

די גאָלדיק־בלוטיקע זון איז פאַמעלעך אָן אויסגעבלאַסטע, אַ פאַר־וויינטע אונטערגעגאַנגען. דער לויטערער הימל האָט גענומען זיך טונקלען,

אַריינגעפאַלן אין אַ סאַמעט־בלויער דעמערונג. אויפן האָריזאָנט האָבן געגומען שימערירן, ווי ליכטלעך — שטערנדלעך. און באַלד איז אַרויס־געשוואומען אַ חוצפּהדיקע, פּרעכע האַלבע לבנה — אַ העלע, אַ שאַרפע ווי אַ שטיק ווייסער פייער.

די יעניקע אין דער מאַסע, וועלכע האָבן נאָך ניט פאַרלאָרן זייער מענטשלעכן געדאַנקען־גאַנג, האָבן פאַרריסן זייערע קעפּ צום הימל, גע־וואָלט צום לצטן מאָל זיך אָנקוקן מיט גאָטס וועלטל און דערביי געטראַכט: מיר גייען צום טויט, מיר מאַכן אונדזערע לעצטע טריט אויף דער ווייסער וועלט, און די לבנה און די שטערן האָבן, ווי אויף צו־להכעיס, היינט, דווקא היינט, זיך אַזוי פאַרפירעריש פאַנאַנדערגעלויכטן!... מילא, דער מלחמה־גאָט מאַרס האָט זיך פאַנאַנדערגעהוליעט, טאַנצט זיין בלוטיקן טאַנץ! אָבער דו, גאָט פון אברהם, יצחק ויעקב, דו אויך האָסט אונדז פאַרלאָזן?!... וואָרום פאַרפלייצסט דו ניט די וועלט מיט אַ מבול, ווי דו האָסט דאָס געטאָן אין נחס צייטן? אָדער, וויניקסטנס, וואָרום שיקסטו ניט אַ שוואַרצע כמאַרע, פינצטערע וואָלקנס, כדי צו פאַרגראָבן דאָס חוצפּהדיק, לאַכנדיק געזיכט פון דער לבנה?... האָסטו אויך, דער אל רחום וחנון, אונדז פאַרראַטן?... איבגאַנצן פאַרגעסן אָן פאָלק ישראל?!...

אין דער האַלב־טויטער מאַסע האָבן זיך אויסגעשיילט צוויי געשטאַלטן. איינער — מאיר באַרזילאָוו, און דער צווייטער — אַ פּוילישער רב.ביידע זיינען זיי געווען הויכע, געוויקסיקע. קאָנטיק, ערשט ניט לאַנג געווען ריזן, אָבער אין די זעקס חדשים הונגערן און אוממענטשלעכע אַרבעט אויף דער פּולווער־פאַבריק האָבן זיי פאַרלאָרן זייער מראה, און זיינען בלויז הויט און ביינער. דער פּוילישער רב, וועלכער האָט געשטאַמט פון די אַלטע וואורקער חסידים פון קוטנע, האָט נאָך געטראָגן זיינע רבנישע קליידער און אונטערן אָרעם אַ טלית־און־תפילין. זיי ביידע האָבן שטאָלץ און מוטיק, מיט פאַרריסענע קעפּ געשפּרייזט, גרייט אויף אַלץ. דער רב האָט די גאַנצע צייט מיט גלעזערנע, אויפגעריסענע אויגן געקוקט ווי אין אַ חלל און איבערגעחזרט: — יידן, פאַרלירט ניט דעם בטחון אין גאָט!... יידן, זייט זיך ניט מייאש!... די פמליא־של־מעלה וועט אונדז אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס!... יידן, איך הער שוין דעם שופר־של־משיח!...

און אין דער זעלבער צייט האָט דער בראַווער מאיר באַרזילאָוו גע־טראַכט: — איר בלוטיקע הענקער, איר פאַשיסטישע קאַניבאַלן! — ניט לאַנג נאָך וועט איר זיך איזדעקעווען איבער הילפלאָזע מענטשן! עס וועט

קומען אין גיכן אויף אייך דער יום־הדין, דער טאָג, ווען איר וועט דאַרפן אָפּגעבן דין־וחשבון פאַר אַלע אייערע גרוילטאַטן...

די האַלב־טויטע מאַסע האָט זיך שלאַבערדיק, אַפּאַטיש געשלעפּט מיט אָפּגעטויטע חושים. ס'איז זיי שוין אַלץ איינס, אַבי ס'זאָל נעמען אַ סוף צו די פּיינען פון פּחד. און ביי די זייטן פון דער אומ־געהויערער מאַסע איז געגאַנגען אַ צאָל פּעט־לייביקע, באַוואָפנטע פון־קאָפּ־ביז־די־פּיס, נאַצי־וועכטער, און פלינק געוואָרפן אין אַלע זייטן זייערע גרויע אייגעלעך, אָנגעפּילטע מיט גזלנישער רציחה. די נאַצי־וועכטער האָבן אויך געהאַט לעדער־געפלאָכטענע בייטשן אין די הענט, און זיי האָבן מיט אַ סאַדיסטישער בלוטדורשטיקייט געפּאַסעוועט איבער די אויס־געדאַרטע, קראַנקע קערפּערס, אונטערגעטריבן און געגוואַלדעוועט: — שנעלער גיין, קרעציקע יודן!... פאַרפלוכטע קאָמוניסטן!... — פאַראויס זיינען געגאַנגען דריי בייכיקע געשטאַפּאָ־אָפיצערן מיט פאַרשיכורטע, רויטע פּנימער, מיט אָנגעשפּיצטע, בלאָנדע וואָנצעס, אין געפּאַסטע וואַרעמע מונדירן, אין שטאָלענע, בליאַסקענדיקע העלמס און מיט אָנ־געלאָדענע רעוואָלווערן ביי די זייטן.

מען האָט די אינטערנירטע געפירט אין מיטן גאַס, ווי מען פירט אַ קרעציקע סטאַיע הינט. קליינע, גוט־געקליידטע קינדער, מיט בלאָנדע לאָקנס, זיינען נאָכגעלאָפן דעם עטאַפּ און געקוויטשעט: — פאַרפלוכטע יודן!... לייזיקע יודן!... — אַ ראָטע איז צופעליק פאַרבייגעגאַנגען, האָט זי איר קאָמאַנדיר אָפּגעשטעלט און אַלע זעלנער האָבן שטייף און צערע־מאָניאַל, ווי איין מענטש, אַרויסגעשריען: — נידער מיט די קאָמוניסטן! נידער מיט די יודן!...

בלויז געציילטע עלטערע דייטשן, ווען זיי האָבן נאָך פון וווייטן באַ־מערקט דעם בלוטיקן מאַרש, האָבן זיי זיך אָפּגעקערט אין אַ זייטיקער גאַס, — זיך געשעמט מיט זייער דעגענערירטן, פאַרבלוטיקטן נאַצי־פאָטערלאַנד.

די גרעסטע טייל פון דער גראָער, פאַרפּייניקטער האַלב־טויטער מאַסע זיינען געווען געבאָרענע מאַנהיימער, און האָבן גוט געקענט יעדע גאַס, יעדן סקווער און יעדע געביידע. אָט גייען זיי פאַרביי די שטאָטישע שולן, וואו זיי האָבן געלערנט אין זייערע קינדער־יאָרן; אָט גייען זיי פאַרביי די ציכטיקע, רונדע, אויסגעפלאַסטערטע בולוואַרן, וואו זיי האָבן ערשט ניט לאַנג מיט זייערע געליבטע אַרומגעשפּאַצירט; אָט זיינען זיי שוין ביי דער אָפּערע־הויז; אָט איז די באַרימטע מאַנהיימער אינזשענער־שול;

און אַט גייען זיי פאַרביי דעם אַמאָליקן „היינע־סקווער״ וואו די הײדל־בערגער סטודענטן פלעגן אַרומשפּאַצירן, דעבאַטירן, געהאַט פּאָליטישע חלוקי־דעות. איצט הייסט עס „היטלער־טריאומפאַלער־פּאַרק״. ביי דער אומגעלומפּערטער גרויסער היטלער־סטאַטוע האָט מען די צוזאַמענגעקנוילטע, אויסגעמאַטערטע מאַסע אָפּגעשטעלט, פאַראָרדנט צו קניען פאַרן אַלמעכטיקן פירער, און די וואָס האָבן דאָס ניט אַזוי גיך געטאָן, האָט מען געקאַטעוועט מיט די לעדערנע בייטשן...

די קראַנקע מאַסע שלעפּט זיך ווידער שלאַבערדיק, לעבנסלאָז. איין בכבודיקער זקן אין אַ צעשמיסענער קאַפּאָטע, מיט אַן אויסגעפליקטער באָרד, און ביי זיין זייט זיין אַלטיטשקע — אַן איינגעהאָרבעטע, פאַרחלשטע, גרייז־גרויע פרוי, — האָבן מער ניט געקאָנט אָנהאַלטן דעם מאַרש. זיי האָבן זיך אַ לאַנגע צייט געוואַקלט, נאָכגעשפּרונגען ווי קראַנקע קאַטשקעס, און ענדלעך זיינען זיי אַנידערגעפאַלן. אַ ריזיקער, פעטט־געבויטער געשטאַפּאָ־וועכטער איז צוגעלאָפן, געקריצט רציחהדיק מיט די ציין, און גענומען דאָס אַלטע פּאָר־פאָלק בריקען מיט זיינע אייזן־געצאַמטע שטיוול. און ווען די זקנים האָבן זיך דאָך פון דר׳ערד ניט אויפגעהויבן, האָט דער געשטאַפּאָ־קאַניבאַל אַרויסגעכאַפּט זיין בליאַסקענדיקע שווערד און ווילד און מיט זיין גאַנצער קראַפט געשניטן איבער די פּנימער און איבער די לייבער פון דעם אַלטן פּאָר־פאָלק, און האָט זיי איבערגעלאָזט אין אַ טייך בלוט...

• • •

אייגנטלעך, האָט די האַלב־טויטע מאַסע ניט געוואוסט פאַרוואָס גראָד היינט פירט מען זיי אויסצומאָרדן. און פון וואַנען האָבן זיי געזאָלט וויסן? — קיין צייטונגען און קיין ראַדיאָס האָבן זיי שוין אַ לאַנגע צייט ניט אָנגעקוקט; שטיין צוזאַמען גרופּעסווייז איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. אָבער מאיר באַרזילאָוו האָט יאָ געוואוסט די אורזאַך. ווייל, כאָטש אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, דאָך האָט ער פון אומלעגאַלע קוואַלן געקראָגן באַריכטן, אַז היטלערס פלענער פאַרן יאָר 1941 זיינען אַ פולקאָמענער דורכפאַל; אַז אויפן סאָוועטישן פראָנט כאַפּן די נאַציס אַ גרויסע מפּלה, און אַז אין פראַנקרייך און נאָך לענדער רייסט זיך דאָס יונגוואַרג צו קעמפן קעגן היטלערן. נו, ווילן די פאַשיסטישע קאַניבאַלן אויסלאָזן זייער גאַנצן צאָרן צו די הילפלאָזע יידן און קאָמוניסטן...

ענדלעך, האָט זיך דער עטאַפּ דערשלעפּט ביז היגטערן שטאָט און

געבליבן שטיין אויף אַ פלאַכן פעלד ניט ווייט פון ברעג טייך. עס איז שוין געווען אַ שטיק אין אָוונט, אָבער אַלץ אַרום איז געווען באַדעקט מיט אַ ווייס־מאַטאָווער ליכטיקייט, וואָס האָט זיך געגאָסן פון דער חוצפּהדיק־פייערדיקער האַלבער לבנה. די שטערן אין לויטערן הימל האָבן געלויכטן, ווי אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. אויף דער אַנדערער זייט טייך האָבן די קוימענס פון די לודוויגסהאַפענער פולווער־פאַבריקן מיט פולער קראַפט אַרויסגעשפּיגן מיט רויך און קוילן־פונקען. אַ קאַלטער, טרוקענער האַרבסטיקער ווינט רייסט זיך אַריין אין די צעפליקטע, אָפּגעבליאַקעוועטע מלבושים און שטעכט ווי מיט נעדעלעך די פאַרמאַרעטע, אויסגעדאַרטע גלידער. די האַלב־טויטע מאַסע שטייט קוים איין אויף די פיס. ס׳איז איר שוין אַלץ איינס, אַבי סזאָל שוין נעמען אַ סוף צו די פייניקונגען...

די היטלערישע סאַטראַפּן האָבן מיט דייטשער פּינקטלעכקייט אָפּ־געקליבן צען מענער און זעקס פרויען, זיי אַרויסגעפירט פאָראויס און אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ שערענגע, און גענומען פון זיי אַרונטעררייסן די שמאַטעוואַטע, ברודנע קליידער. די פרויען האָבן זיך מיט זייערע לעצטע כוחות געווערט, ביטער געוויינט און מיט די מאָגערע, בלוטלאָזע הענט די דעליקאַטע טיילן פון קערפּער פאַרדעקט.

ערשט איצט, ווען די זעכצן מענער און פרויען זיינען געווען מוטער־נאַקעט, האָט מען געקאָנט זען, וואָס די פאַשיסטישע הענקער האָבן אָפּ־געטאָן צו די אומגליקלעכע, הימלאָזע מענטשן! — אויף זייערע בלויע לייבער, וואו יעדער ריפּ האָט אַרויסגעשטאַרצט, זיינען געלעגן שוואַרצע פאַסן, — סימנים פון לעדערנע בייטשן; איין פרוי — מיט אַן אָפּ־געשניטענער ברוסט; איין פרוי, נאָך גאָר אַ יונגע — באַדעקט מיט שוואַרצע רינגען, — לעבעדיקע עדות־וואונדן פון סאַדיסטישע ברענענדיקע ציגאַרן; אַ מאַן מיט אַן אָפּגעשניטענער ערוה, און אַ צאָל מיט טיפוס־פלעקן.

דער קאַלטער, טרוקענער ווינט האָט דורכגענומען די פאַרמאַרעטע, נאַקעטע קערפּערס. די אומגליקלעכע קרבנות האָבן געציטערט פון קעלט, האָבן זיי זיך, צוזאַמענגעקנוילטע ווי יאָזשיקעס, געוואָרפן צו דער ערד, אָבער די בלוטדורשטיקע, באַזויפענע נאַצי־קאַניבאַלן האָבן זיי געשלאָגן מיט די האַרטע הענטלעך פון די בייטשן ,געמאַכט זיי אויפצושטיין און אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי...

די איבערגעבליבענע פון דער מאַסע האָבן מער ניט געקאָנט צוקוקן

די רציחות און האָבן פאַרריסן זייערע הענט צום אויסגעשטערנטן הימל און געיאָמערט. איניקע האָבן געשריען: אָ, גאָט, העלף אונדז!... אייניקע — שמע ישראל, יי אלהינו, יי אחד!.. אייניקע — יתגדל ויתקדש שמיה רבא!... און דער פוילישער רב, אָט דער, וועלכער האָט געשטאַמט פון די אַלטע וואורקער חסידים פון קוטנע, האָט זיך איינגעוויקלט אין זיין טלית, אויסגעשפרייט זיינע לאַנגע אָרעמס איבער דער געמיינדע און מיט אַ רואיקער פאַרכטיקייט אַרויסגעשאַלט: יידן, פאַרלירט ניט דעם בטחון אין גאָט!... יידן, די גמרא זאָגט: „אפילו חרב חדה מונחת על צוארך אל תתיאש מן הרחמים!״ — אַפילו ווען אַ שאַרפע שווערד ליגט אויף דיין האַלדז, זאָלסטו זיך ניט מייאש זיין פון גאָטס רחמנות!... יידן, געדענקט — אין תורת משה שטייט: „וינקם נקמת דם עבדיו השפוך!״ — און גאָט וועט נעמען נקמה פאַר דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון זיינע קנעכט!... יידן, זייט גרייט — די פמליא־של־מעלה וועט אונדז אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס!... לאָמיר זאָגן ווידוי!...

אַ פעט־לייביקער נאַצי־הענקער איז צו צום פוילישן רב און גענומען שרייען מיט רציחה: — שווייג, דו פאַרפלוכטער יודע! דו שוויין!...

אָבער דער פוילישער רב, אַרומגעוויקלט אין זיין טלית, איז אָנגעגאַנגען מיט אַ רואיקן, שטאַלצן געמיט מיט זיינע תפילות: „מן המצר קראתי יה...״

דער נאַצי־הענקער האָט אַריינגעשאָסן אַ קויל דעם רב גלייך אין קאָפּ אַריין, און דער רב, נאָך מיט די תפילות אויף די ליפּן, איז אומגעפאַלן...

אין דער זעלבער צייט זיינען די דריי בייכיקע געשטאַפּאָ־אָפיצערן, מיט די רויטע פאַרשיכורטע פּנימער, געשטאַנען אָן אַ זייט, געטרונקען פון פלעשער אָנגערויבטן קאָניאַק און מיט עראָטיש־שמוציקע באַמערקונגען אָנגעוויזן אויף די נאַקעטע פרויען.

פיר הויכע, בלאָנדע, באַזויפענע נאַצי־קאַניבאַלן זיינען געשטאַנען אויסגעצויגענע, שטייפע, מיט אָנגעצילעוועטע ביקסן און געוואַרט אויפן באַפעל פון די אָפיצערן.

און מיטאַמאָל האָט דער עלטסטער אָפיצער, אַ רויט־האָריקער, אַ שמאַלציקער, מיט גרויע אייגעלעך, אָנגעפילטע מיט זיסלעך־צופרידענעם סם, אויסגעשריען: — האַלט!

די פיר נאַצי־קאַניבאַלן האָבן גלייך אַרונטערגעלאָזט די ביקסן און

אָפּגעטראָטן אַן אַ זייט. דער רויט־האָריקער אָפּיצער האָט זיך געלאָזט גיין צו דעם הויכן, שטאָלצן, באַוואָקסענעם מאיר באַרזילאָוו, און גענומען מיט אים פאַרציען אַ כלומרשט־פריינטלעכן געשפּרעך:

— דו, יודע, קוקסט נאָך אויס צו זיין אַ קרעפּטיקער קערל! האָסטו אַמאָל געדינט אין דער אַרמיי?

— יאָוואָל, — האָט מאיר באַרזילאָוו געענטפערט מיט אַן איבער־געטריבענעם שטאָלץ, — געדינט נאָך אין קייזער ווילהעלמס צייטן.

— נו, גוט... וועסטו היינט קענען איין ביסכען פּראַקטיצירן: דו וועסט דיינע אייגענע גלויבנס־גענאָסן אַליין אויסשיסן. אָבער געדענק, יודע, שיס גוט!... פאַרשווענד ניכט קיין קוילן... דו זעסט? — מיר האָבען זיי אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי, איינעם הינטערן אַנדערן. מיט פיר קוילן דאַרפסטו אַלע זעכצן אויסשיסן! און אויב דו וועסט ווי געהעריק אויספירן דיין מיסיאָן, נעמען וויר דיך צוריק אין קאָנצענטראַציאָנס־לאַגער; אָדער, מעגלעך, מיר וועלן דיך גאָר פריי לאָזן...

— גוט, אייער עקסעלענץ, איך וועל פּרובירן טאָן דאָס מייסטע! — האָט באַרזילאָוו מיט אַ פעסטער און זיכערער שטימע געענטפערט.

— נו, — האָט דער רויט־האָריקער געשטאַפּאָ־אָפּיצער געזאָגט, — אָט האָסטו דיר אַ געלאָדענעם רעוואָלווער מיט אַכט קוילן. — און איז אַוועק אַ צופרידענער, פאַרטיק צוצוקוקן די בלוטיקע שפּיל.

מאיר באַרזילאָוו האָט גענומען דעם רעוואָלווער, עס געלאָזן באַטראַכט מיט אַן אויסדרוק, גלייך ווי אים זאָל זיך ניט גלויבן, אַז עס איז אַן אמתער רעוואָלווער. אַ זיסער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיין לענגלעך־דאַרן, באַוואָקסענעם פּנים, און ער האָט זיך מיט שטאַרע בליקן גוט אַרומגעקוקט, און אין געדאַנק ביי אים: איצט איז געקומען די צייט... זיינע מוסקולן זיינען געוואָרן שטייף און באַוועגלעך, זיין בלוט האָט זיך אָנגעצונדן מיט אַ שאַרפן נקמה־באַגער, זיינע שוואַרצע, טריבע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט פייער...

באַרזילאָוו האָט אויסגעשאָסן צוויי קוילן הויך איבער די קעפּ פון די זעכצן נאַקעטע, האַלב־טויטע מענטשן. צוויי הילכיקע עכאָס האָבן אָפּ־געקלונגען ווייט, ווייט...

די בגילופינדיקע דריי אָפּיצערן און עטלעכע בלוטדורשטיקע נאַצי־וועכטער האָבן זיך געלאָזט לויפן מיט אַ ווילדער רציחה צו באַרזילאָוון און מיט הייזעריקע שטימען געשריען: — פאַרשווענדע ניכט אונדזערע קוילן,

פאַרפּלוכטער קאָמוניסט !...

מאיר באַרזילאָוו, מיט אָנגעצויגענע, שטייפע גלידער און מיט אַלע חושים אויף דער וואַך, — יעדער קליינער טעות פונעם אויג קאָן אַלץ איבערפירן, — און ער האָט שאַרף געצילעוועט...

פיר קוילן האָט ער אַריינגעשאָסן אין די שמאַלציקע בייכער פון די דריי אָפיצערן, איין קויל האָט געטראָפן אין קאָפּ דעם ריזיקן געשטאַפּאָ־וועכטער, אָט דעם יעניקן, וועלכער האָט אַזוי אכזריותדיק דערמאָרדעט דאָס אַלטע פּאָר־פאָלק. דער ריזיקער וועכטער האָט זיך דער ערשטער אַ וואַקל געטאָן און האָט זיך אויסגעצויגן אַהינטערצו מיט אַ דומפּן טראַך, ווי אַן אָנגעפּילטער לעדערנער זאַק. די דריי בייכיקע אָפיצערן האָבן זיך אַביסל געוואַקלט ווי אונטערגעהאַקטעביימער, און זיינען אויף אַנידער־געפאַלן. זיי האָבן זיך געוואָרפן, געדריגעט מיט די פיס; פון זייערע העלדזער האָבן זיך געטראָגן וואַנזיניקע, כאָרכלענדיקע ווייי־געשרייען; זייערע גרויע אייגעלעך זיינען אַרויסגעקראָכן, געוואָרן משונהדיק־גרויס און ווילד; פון זייערע געפאַסטע, וואַרעמע מונדירן האָבן זיך זאַפּטיקע שנירלעך בלוט געצויגן, און זייערע בליאַסקענדיקע העלמס און רעוואָל־ווערן האָבן זיך אַרום זיי געוואַלגערט.

די נאַצי־סאַטראַפּן האָבן זיך אויף אַ ווײַלע פאַרלאָרן; צעשראָקענע און צעטומלטע זיינען זיי געבליבן שטיין אויף זייערע פּלעצער...

באַלד האָט זיך דערהערט נאָך אַ שאָס, — דאָס האָט דער בראַווער קעמפער, מאיר באַרזילאָוו, זיך אַליין זיין לעצטע קויל אַריינגעשאָסן. און ווען ער איז שוין געלעגן טויט, האָט נאָך אַלץ אויף זיינע פאַרטריקנטע, בלויע ליפּן געשוועבט אַ צופרידענער נקמה־שמייכל...

די חוצפּהדיק־פייערדיקע האַלבע לבנה האָט נאָך אַלץ געגאָסן מיט ווייס־מאַטאָווער ליכטיקייט. די שטערן אין לויטערן הימל האָבן געפינקלט, ווי אין אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר. פון דער אַנדערער זייט טייך האָבן נאָך אַלץ די קוימענס פון די פּולווער־פאַבריקן מיט רויך און פייערדיקע פונקען געשפּיגן. און אין די מאַנהיימער קאַפעס האָבן נאָך אַלץ די הערן־בירגער געטרונקען „האָך" צו זייער דעמאָן — היטלער.

אָבער ערגעץ גאָר ניט ווייט האָבן קאַנאָנען און האַרמאַטן זיכער און האַסטיק געפּלאַפּלט מיט רויטן פייער און אַרויסגעדונערט: — פאַשיסטישע הענקער! עס קומט אויף אייך דער יום־הדין!... עס קומט!...

1942

# דער שטילער העלד

ס׳איז געקומען צו אונדז צוגאַסט אַ סאָוועטישער מאַטראָס פון אָדעס, און האָט אונדז געבראַכט אַ לעבעדיקן גרוס פון דעם פעטער מענדל. דער מאַטראָס — אַ מיטליאָריקער, הויך־געוויקסיקער, דאַרער מאַן, מיט אַ צע־קאַרבטן, פאַרווינטיקט־צעשמיסענעם פּנים, מיט דיקע, גרוילעכע וואָנצעס, אין אַ ווייסער אָפיצערן־אוניפאָרם, האָט מיט אונדז פאַרבראַכט אַ גאַנצן אָוונט. ער האָט דערציילט אַ סך שטוינענדיקע מעשיות, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. איין מעשה וועל איך אייך דאָ פּרובירן איבערגעבן.

. . . מיין געבורטס־שטעטעלע געפינט זיך אין ווייסרוסלאַנד, ביים דניעפּער. מען האָט עס פון יאָרן און יאָרן לאַנג גערופן בעלצי.

געוועזן ביי אונדז אין שטעטעלע אַ בעדער, אַ האַלבער קריסט און אַ האַלבער ייד, וועלכער האָט געהייסן איוואַן סערדצע. עלטערע מענטשן דערציילן, אַז אַלס עופהלע פון אַ האַלב יאָר האָט מען אים, איוואַנען הייסט עס, אונטערגעוואָרפן אין פאַליש פונעם יידישן בית־מדרש. אַזוי ווי דאָס קינד איז געווען ביט קיין געמל׳טס, האָט קהל באַשלאָסן אים אָוועקצוגעבן צו מיקיטאַ דעם בעדער אויף האָדעוואַניע. און מען האָט מיקיטאַס ווייב פון קהל געצאָלט דריי רובל אַ חודש.

צו זיבן יאָר איז שוין איוואַן געווען ביים אַלטן מיקיטאַ דעם בעדער אַן אַרויסהעלפער. און אַזוי איז ער פאַרבליבן ביז מען האָט אים אָפּגעגעבן אויף „סלוזשבע״.

אַז איוואַן האָט אָפּגעדינט די פיר יאָר, איז ער געקומען צוריק אין מיין שטעטעלע בעלצי, און געטראָפן די באָד אָן אַ בעדער, ווייל דער אַלטער מיקיטאַ איז שוין געווען טויט, און די באָד האָט קוים מיט מאַטער־ניש באַהייצט זיין דאַרע, קרענקלעכע טאָכטער. איוואַן האָט געהייראַט מיט מיקיטאַס טאָכטער און איז פאַרבליבן אויף זיין גאַנץ לעבן דער בעדער פון שטעטל.

די איינוואוינער פון בעלצי, סיי די יידן און סיי די קריסטן, האָבן איוואַנען זייער ליב געהאַט, ווייל ער איז געווען באמת אַ גוטהאַרציקער און ערלעכער מענטש. יעדן איינעם האָט ער אַרויסגעהאָלפן, געגאַנגען אין אַ שליחות, אַכטונג געגעבן אויפן בית־מדרש אַזוי גוט ווי אויף דער צערקווע, פאַרריכט ביי אָרעמע באַלעבאַטים די פּאַרקאַנעס און די דעכער, געהאַקט האָלץ פאַר דער אלמנה — נעכע די בעקערקע, און וויפיל מען האָט אים באַצאָלט, האָט ער אָפּגעדאַנקט און גוטמוטיק צוגעשמייכלט.

געווען איז איוואַן אַ לאַנגער, אַ הויכער, איינגאַנצן אויסגעפּלאָכטן פון גראָבע, פעסטע אָדערן, באַוואָקסן מיט פלאַקסענע האָר, און מיט גרויסע, גוטמוטיקע אויגן.

סיי ווינטער און סיי זומער האָט ער געטראָגן אַ לעדערנע קורטקע, אַ וואַרעמע קוטשמע און אָפּגעריבענע, ברוינע שטיוול. און האָט מען צו אים גערעדט אין יידיש, האָט ער געענטפערט מיט אַ גוטן יידיש. און האָט מען צו אים גערעדט רוסיש, האָט ער געענטפערט מיט אַ כאָכלישן רוסיש.

פאַר זיין גוטמוטיקייט און ערלעכקייט האָט מען אים גערופן ניט איוואַן דער בעדער, נאָר איוואַן סערדצע.

דאָך האָבן די שטעטלדיקע מענטשן געהאַלטן איוואַנען פאַר אַ תם, ווייל ער האָט זיך שטענדיק געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, אַלעמאָל געשוויגן, האָט ליב געהאַט זיך צו פאַררוקן אין טונקעלע ווינקלען; און האָט מען צו אים גערעדט, האָט ער געדולדיק אויסגעהערט, גוטמוטיק זיך אַריינגעשמייכלט אין זיינע דיקע, פלאַקסענע וואַנצעס און געשוויגן.

און שפּעטער, ווען זיין פרוי איז געשטאָרבן אַ קינדערלאָזע, האָט ער ניט נאָר אויפגעהערט צו שמייכלען, נאָר קוים געענטפערט אויף אַ באַגריסונג.

ווען ס׳איז אָנגעקומען די גרויסע איבערקערעניש אין 1917, איז איוואַן סערדצע צו אַלע געשעענישן געווען פּאַסיוו, גלייך ווי מיט אים קערט זיך די זאַך ניט אָן.

ווען די סאָוועטישע מאַכט האָט אים געוואָלט איבערקאָוועץ, אויסבילדן, האָט ער זיך ניט געלאָזט. ער פלעגט גראָד יאָ קומען אין שקאָלע, זיצן און רויכערן אַ ליולקע, זיך צוהערן ערנסט און שווייגן. און די אָנפירנדיקע חברים פון בעלצי האָבן ניט געוואוסט, צי איוואַן סערדצע איז גאָר תופס דעם גאַנצן ענין פון דער נייער צייט; און צי ער האַלט מיט די סאָוועטן, האָט אויך קיינער ניט געוואוסט. אָבער מען האָט אים געלאָזט צורו, ווייל

וואָס די נייע מאַכט האָט אים געבעטן טאָן, האָט ער עס געטאָן מיט פלייס און געטריישאַפט.

נייע צייטן, אַ נייע אָרדענונג, נייע באַגריפן און נייע אויפטואונגען; און איוואַן סערדצע האָט נאָך אַלץ געטראָגן סיי ווינטער און סיי זומער זיין לעדערנע קורטקע און די ברוינע, אָפּגעריבענע שטיוול, און איז ווי אין די פריערדיקע יאָרן פאַרבליבן דער אָפיציעלער בעדער פון בעלצי...

אָבער פּלוצים, ווי אַן אורגאַן, האָבן די נאַציישע האָרדעס גענומען זיך אַריינרייסן אין רוסלאַנד. און אָט זיינען שוין די דייטשע ווילדע חיות ביי בעלצי.

דאָס גאַנצע יונגוואַרג פון שטעטל איז שוין געווען מיט דער רויטער אַרמיי אויף די פראָנטן. די יידן פונעם שטעטל זיינען אַנטלאָפן אין טיף־רוסלאַנד — צום אוראַל און סיביר. יענע יידן, וועלכע האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן, האָבן די נאַציס ליקווידירט; אויך די אַנ־פירנדיקע קאָמוניסטן מיט זייערע פאַמיליעס, און אַפילו דעם גלח פון בעלצי האָבן די ווילדע דייטשן דערמאָרדעט...

און ווען די נאַציס האָבן שוין געהאַט איינגעשטעלט אָרדענונג אין בעלצי, האָט פּאַסירט, אַז זייערער אַ צורר איז אין אַ פינצטערער נאַכט דערשטאָכן געוואָרן אויף טויט.

די נאַציס האָבן גלייך אויף מאָרגן אַרעסטירט 25 פון די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים, און האָבן פאַראָרדנט, אַז אויב אין משך פון צען טעג וועט דאָס שטעטל ניט אָפּזוכן דעם מערדער, וועלן די 25 אַרעסטירטע הענגען אין מיטן מאַרק־פּלאַץ.

די טעראָריזירטע, פאַרפייניקטע שטעטלדיקע מענטשן פון בעלצי האָבן גערופן פאַרזאַמלונגען, אָפּעלירט צום געוויסן פון די איינוואוינער, אַז יענער, וואָס האָט עס געטאָן, זאָל זיך אָפּרופן, כדי צו ראַטעווען 25 אומשולדיקע לעבנס.

אָבער קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן...

פּונקט צום צענטן טאָג האָט זיך איוואַן סערדצע געיאַוועט אין דער קאָמאַנדאַטור פון די נאַציס און זיך דערקלערט אַלס דער געזוכטער מערדער.

די דייטשע פּאָליציי האָט געמאַכט ביי איוואַנען אין באָד־הויז אַן אונטערזוכונג, און האָט דאָרט געפונען בלוט־פלעקן. אויך האָבן זיי גע־פונען שניט־צייכנס אויף זיינע האַרטע, מאָזאָליעדיקע הענט... די נאַציס

האָבן איוואַנען אויפגעהאַנגען אין מיטן מאַרק־פּלאַץ. גאַנצע דריי טעג איז געהאַנגען זיין קערפּער... און די 25 באַלעבאַטים האָבן די נאַציס באַפרייט. די דערשלאָגענע, אונטערדריקטע באַפעלקערונג פון בעלצי האָט זיך אָבער געוואונדערט: איוואַן סערדצע, אַזאַ שטילער, ערלעכער מענטש, זאָל גאָר ווערן אַ נקמה־נעמער!... ווי קומט עס גאָר צו אים?!...

ס׳האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פריילעכע נייעס פאַר די סאָוועטישע בירגער. די דייטשן האָבן גענומען אָפּטרעטן. און אַז מען האָט צוריק אָפּגענומען בעלצי, האָט מען זיך דערוואוסט, אַז דערמאָרדעט דעם נאַצי האָט גאָר אַ יונגער פּאַרטיזאַן, וואָס האָט זיך גלייך אָפּגעטראָגן אין די אַרומיקע געדיכטע וועלדער, אויף דער אַנדערער זייט דניעפּער.

נו, איז פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז דער שטילער איוואַן, דער וויסטער שווייגער, און דער גוטמוטיקער, האָרעפּאַשנער, איינזאַמער מענטש, האָט ביי זיך באַשלאָסן, ניט באַראַטנדיק זיך מיט קיינעם, צו זיין אַ קרבן און ראַטעווען 25 אָנגעזעענע טאַטעס פון גאַנצע פאַמיליעס.

אין מיטן מאַרק־־פּלאַץ, אויף דעם זעלבן אָרט, וואו די פאַרפלוכטע נאַציס האָבן איוואַנען אויפגעהאַנגען, האָבן די סאָוועטישע בירגער אויפ־געשטעלט אַ פּראַכטפולן דענקמאָל אין זיין נאָמען. און דאָס שטעטל הייסט שוין ניט מער בעלצי, נאָר איוואַן סערדצע.

1946

# נקמה

(עפיזאָד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה)

מיר זיינען געווען אויף אַ „פּאַרטי״, וואָס איז געווען איינגעאָרדנט לכבוד עטלעכע סאָוועטישע באַאַמטע. צווישן די באַאַמטע איז געווען איינער אַ באַשיידענער, נעט־געקליידטער, געוויקסיקער מיליציאָנער, מיט בלאָנדע, אונטערגעהאַקטע, דיקע וואָנצעס. דעם גאַנצן אָוונט האָט אָט דער סאָוועטישער מיליציאָנער געשוויגן. אָבער ווען ער האָט אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזלעך גוטן אַמעריקאַנעם שנאַפּס, איז ער געוואָרן באַרעדעוו־דיק. און אָט וואָס ער האָט דערציילט:

. . . אין יאָר 1919 האָט זיך אונדזער פאַמיליע געפונען אויף אַ גרויסן דאָרף אין דער שוואַרץ־ערדישער אוקראַינע. פון גאַליציע האָט אויף אונ־דזער ראַיאָן געשפּאַנט פּעטליורע; פון דאָן האָט געדראָט דעניקין; עס האָבן אַרום און אונדז שטאַרק געבושעוועט די באַנדעס פון מאַכנאָ, סאָקאָלאָווסקי, זעליאָני, גריגאָריעוו און נאָך אַ סך וועלף און ווערפּעלעך... איך געדענק שוין איצט ניט מער זייערע נעמען.

מיין פאָטער איז נאָך דאָן געווען אַ צוריקגעשטאַנענער, פאַנאַטיש־פרומער ערד־באַזיצער; כמעט אַ „קולאַק״. פאַרמאָגט צוואַנציק דעסיאַטין ערד, עטלעכע בהמות, פערד...

איך בין געווען דער יינגסטער אין דער משפחה. דאָן ערשט אַלט געווען אַ יאָר צען. כ'האָב געהאַט צוויי ברידער און איין שוועסטער. מיינע צוויי ברידער און מיין שוועסטער האָבן זיך גאָר אין די ערשטע טעג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אַנגעשלאָסן אָן די סאָוועטישע קעמפנדיקע קאַדרען.

מיין פאָטער — אַ ברייט־פּלייציקער, פעסטער מאַנסביל, וועמען אַלע אין דאָרף האָבן גערופן סטעפּאַן באַגאַטש — איז געווען פול מיט צאָרן אויף דער נייער רעגירונג, און אויף זיינע קינדער, דערפאַר וואָס מען האָט ביי אים צוגענומען צוויי בהמות און אַ פערד פאַר דער רויטער אַרמיי.

מיין עלטסטער ברודער, וואַסיאַ, האָט זיך דאָן געפונען אין די אַרומיקע געדיכטע וועלדער מיט די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנען. מיין צווייטער ברודער, וולאָס, און מיין פופצן־יאָריקע שוועסטער זיינען פאַרבליבן ביי אונדז אין דאָרף צו שפּיאָנירן אויף די ווייסע באַנדיטן. ביי טאָג פלעגן זיי זיך אויסבאַהאַלטן אין שטאָל צווישן די היי־סעלניקעס, און שפּעט אין אָוונט פלעגן זיי אַרומפּאַדען אַרום דאָרף און אויסקוקן די פּאָזיציעס פון די ווייס־גוואַרדייער. איך, זייענדיק נאָך גאָר אַ „מאַלאָקאָסאָס", פלעג זיי שוין אַרויסהעלפן — טראָגן בשתיקה עסן אונדזערע מענטשן, איבערגעבן קאָנספּיראַטיווע „זאַפּיסקעס"...

מיין פאָטער — דער קאָנסערוואַטיווער, פאַנאַטיש־פרומער קליינבירגער — האָט פון אונדזער אונטערערדישער אַרבעט געוואוסט. ער האָט עס ניט געקאָנט פאַרליידן, — איז ער דערפאַר שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ, אָפט געבורטשעט, געצאַרנט, און אַפילו אין דער שטיל געשאָלטן די סאָוועטישע רעגירונג. אָבער דערציילן פון דעם אַלעמען האָט ער ניט געוואָגט, ווייל זיינע קינדער האָט ער שטאַרק ליב געהאַט.

מיין מוטער אָבער — אַן איינפאַכע, האַרעפּאַשנע, דאַרע פויערטע — האָט גראָד געהאַלטן מיט אונדז, און אָפט אונדז אויסגעהיט פון בייזע אויגן.

מיין פאָטער, ווי איך האָב אייך שוין דערציילט, איז געווען זייער אַ רעליגיעזער מענטש. אַלע זונטיק געגאַנגען אין קירך, זיך געצלמט פאַרן עסן, פאַרן שלאָפן געקניט פאַר דער „לאַמפּאַדע" און זיך לאַנג „געמאָליעט". ער פלעגט שטיצן מיט אַ ברייטער האַנט אונדזער דאָרפישן פּוזאַטן גלח, זיך אָפט מיט אים באַראַטן, און פון צייט צו צייט פאַר אים זיך מתוודה געווען.

אין אָט דער מאַוימדיקער, ביטערער צייט איז מיין פאָטער אַ דערשלאָגענער אַוועק צו אונדזער דאָרפישן גלח. דער כיטרער אַלטער גלח האָט גלייך באַמערקט מיין פאָטערס אומרואיקן צושטאַנד, און ער האָט אים אויפגענומען מיט אַן איבערגעטריבענער פריינטשאַפט, געקלאַפּט אים גוטברודעריש אין פּלייצע און געזאָגט: — רעד זיך, גאָטספאַרכטיקער סטעפּאַן, אַראָפּ פון האַרצן, וועט דיר לייכטער ווערן!...

— אָבער דאָס אַלץ, וואָס איך וועל דיר דערציילן, דאַרף פאַרבלייבן אַ סוד. קיינער טאָר פון דעם ניט וויסן, — האָט מיין פאָטער מיט אַ געבראָכענעם געמיט אַרויסגערעדט.

— געוויס אַ סוד, — האָט אים דער גלח פאַרזיכערט. — דאָס וועט

נאָר פאַרבלייבן צווישן מיר און דעם אַלמעכטיקן גאָט אין הימל... דו קענסט מיך שוין יאָרן לאַנג, מיין וואָרט איז הייליק. — און ער האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעצלמט.

מיין פאָטער האָט אים דאָן דערציילט וועגן די צרות, וואָס ער האָט פון זיינע קינדער, און אַז זיי העלפן אַרויס און „דאַקלאַדעווען" אַלץ די קאָמוניסטן, און אַז צוויי פון זיינע קינדער באַהאַלטן זיך אויס ביי אים אין שטאַל... און צום סוף האָט אים מיין פאָטער געבעטן פאַרגעבונג פאַר זיינע זינד און פאַר זיינע קינדערס זינד, און איבערגעלאָזן דעם גלח אַ שיינע מתנה...

אויף מאָרגן זיינען געקומען מאַכנאָס באַוואָפנטע באַנדיטן, גלייך אַוועק צום שטאַל, אַרויסגעשלעפּט מיין אַכצן־יאָריקן ברודער וולאָסן און מיין פופצן־יאָריק שוועסטערל פון אונטער די היי, אַוועקגעפירט זיי אַן צערע־מאָניעס און אַן אַ משפט הינטערן דאָרף, און זיי דערשאָסן.

מיין מוטער איז פון ערגערניש אין דעם זעלבן טאָג געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג. מיין פאָטער האָט פאַרלאָרן זיין מראה, געוואָרן שוואַרץ ווי די ערד, גאָרניט גענומען אין מויל, און זיך טעג און נעכט געקאָרטשעט אויף דער נאַקעטער פּאָדלאָגע און געוואָיעט ווי אַ ווילדע חיה. דאָרפסלייט זיינען געקומען אים טרייסטן, אָבער דער פּוזאַטער גלח האָט זיך אַפילו אויף דער שוועל ניט באַוויזן.

אין עטלעכע טעג נאָכן שוידערלעכן מאָרד, אין אַ פינצטערער, וויג־טערדיקער נאַכט, האָט זיך מיין עלטסטער ברודער, וואַסיאַ, אַ רויטער פּאַרטיזאַן, אומבאַמערקטערהייד אַריינגעשלייכט.

מיין פאָטער האָט זיך אויפגעזעצט פון דער פּאָדלאָגע, גענומען יאָמערן און קלאַפּן זיך מיט זיינע קולאַקעס אין זיין ברייטער ברוסט, און דערביי אַרויסגעברומט: — גוט וואָס דו ביסט געקומען, וואַסיאַ!... זייער גוט... גאָט אַליין האָט דיך היינט צוגעשיקט!...

מיין ברודער, אַ הויכער, אַ שטייפער, אין אַ זעלנערישן מאַנטל, איז געשטאַנען אַ פאַרגליווערטער אין אַ שטיינערנער אומבאַוועגלעכקייט און ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. לאַנג האָט ער געקוקט מיט אַ האַרטן, אַנט־שלאָסענעם בליק מיין פאָטער גלייך אין די אויגן.

דאָס מאָל האָט מיין פאָטער אָן ווערטער פאַרשטאַנען מיין ברודער, אויפגעהערט וויינען, זיך גענומען אָנטאָן, אַריינגערוקט זיין בעסטע שאַרפע

האַק און שטריק אונטערן פּעלצעל, און באַלד האָבן זיך ביידע אַרויס־געלאָזט אין פינצטערן דרויסן...

ס'האָט ניט גענומען לאַנג, און זיי זיינען געווען אין גלחס הויף. מיין ברודער האָט פּלינק און שטיל אויפגעריסן די הינטער־טיר...

דער גלח איז געווען אַ קינדערלאָזער, און זיין אַלטע איז גראָד יענע נאַכט אין דערהיים ניט געווען. זיי האָבן דעם גלח געבונדן הענט און פיס און פאַרשטאָפּט אים דאָס מויל מיט שמאַטעס.

— ניט שיסן! — האָט מיין פאָטער אַרויסגעברומט מיט אַ ווילדן צאָרן, ווען ער האָט דערזען ווי מיין ברודער צילעוועט זיך מיט זיין רע־וואָלווער אויפן גלח. — לאָז עס צו מיר. און ער האָט אַ צעפּלאַמטער, מיט אַן אינערלעכער צופרידנקייט, זיך געווענדט צום גלח:

— נו, גוטינקער פאָטערל טימאָפיי, זאָג וידוי און זעגן זיך אָפּ מיט דער וועלט... באַלד וועלן דיינע גנבישע אויגן מער ניט זען, און דיין בייזע, טערפּקע צונג מער ניט קאָנען מסרן. דו פאַרפלוכטער הונט!... דו דאָנאָסשטשיק!... דו נידערטרעכטיקע בעסטיע!... דיין הייליק וואָרט האָסטו געלעסטערט!... דו האָסט ניט נאָר מיך אָפּגענאַרט, נאָר אונדזער הייליקן גאָט אין הימל באַטריגט!... מיר וועלן דיך ניט שיסן, אַ ניין, פאָטערל טימאָפיי, דאָס וואָלט געווען אַ צו שיינער טויט פאַר דיר. איך וועל דיך אָפּריער פייניקן...

ביים גלח זיינען פון שרעק די אויגן אַרויסגעקראָכן פון אונטער די באַוואָקסענע גרויע לעפּלעך און פאַרלאָפן מיט בלוט. זיין קערפּער האָט זיך געוואָרפן ווי אין קאָנוואולסיעס. ער האָט געפּרובירט שרייען, בעטן רחמים, אָבער געהערט האָט מען נאָר אַ הילפלאָזן, גוססן זשיפּען.

מיין פאָטער האָט אַרויסגענומען זיין פאַרשטעקטע האַק, האָט דאָס שאַרף, גלאַנציק קלינגל אָנגערירט עטלעכע מאָל אָן גלחס צעהיצטן פנים. דאָס קאַלט, גלאַטיק שטאָל האָט דעם גלח געבריט ווי מיט אָקרעפּ.

מיין ברודער איז געשטאַנען אין אַ שטייפער מיליטערישער פּאָזע, אָנגעקוקט מיט אַ באַהאַלטענער צופרידנקייט און ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט.

— נו, ווי פילסטו, באַטיושקאָ? — איז מיין פאָטער אָנגעגאַנגען מיט זיין פייניקונג. — וואָס?... קאַלט אין די קישקעס?... עס פרירט דאָרט ביי דיר?.. דאָס באַצאָל איך דיר פאַר זיין אַ מסור!... דו פאַסקודנע

בעסטיע, דו האָסט אומגעבראַכט מיינע יונגע צוויי קינדער!... דו האָסט אויסגענוצט מיין גלויבן אין דיר!... דו לויזיקער הונט...

— נו, גענוג שוין אויסצוטענהען זיך מיט אים, — האָט מיין ברודער זיך אַריינגעמישט, און געוואָלט אַוועקנעמען ביי מיין פאָטער די האַק.

— ניין, זון מיינער, איך וועל עס אַליין טאָן... מיינע הענט זיינען נאָך גענוג קרעפטיק... איך וויל האָבן דעם פאַרגעניגן אים צו באַצאָלן וואָס אים קומט...

מיין פאָטער האָט אַראָפּגענומען זיין קוטשמע און זיך רואיק גענומען צלמען, גלייך ווי ער וואָלט זיך גרייטן צו טאָן אַ גאָטספאָרכטיקע זאַך. און ער האָט אויפגעהויבן מיט זיינע ביידע קרעפטיקע הענט הויך די האַק און מיט זיין גאַנצער קראַפט אַראָפּגעלאָזט די טעמפּע זייט איבערן גלחס קאָפּ.

דער גלח האָט בלויז אַרויסגעלאָזט איין קוויטש...

נאָך אין דער זעלבער נאַכט האָבן מיר פאַרנומען אונדזערע עטלעכע בהמות און פערד, און זיך אַריבערגעגנבעט אויף דער צווייטער זייט וואַלד — צו די רויטע פּאַרטיזאַנער.

מיין פאָטער איז אין אַ קורצער צייט אַרום געוואָרן אַן אָנפירער פון אַ פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג, און מיין ברודער, וואַסיאַ, איז נאָך עד־היום אַ קאָמאַנדיר פון דער רויטער אַרמיי.

1944

# אויף דער בויערי

(אײנאַקטער)

אָ נ ט י י ל נ ע מ ע ר :

| | |
|---|---|
| העלען | בויערי־פרוי |
| פרעד | אַ הענדלערקע מיט פּרעצלס |
| מאַיק | סאַלוויישאָן־אַרמי־מיידל |
| דזשאָ | טרעמפּס |
| מוני | אַרבעטסלאָזע |

באָס

אַ רו־צימער אין אַ לאַדזשינג־הויז אויף דער בויערי. אין דעם הויז האַלטן זיך אויף טרעמפּס, בעטלער און עטלעכע אַרבעטסלאָזע. געלע, שמוציקע ווענט. ביי די ווענט — הילצערנע בענק. אויף איינער פון די בענק דרעמלט אַ טרעמפּ. אין אַ ווינקל קלייעט זיך אַ גרויסער אייזערנער אויוון. לעבן אויוון זיינען אָנגעוואָרפן שטיקלעך האָלץ און קוילן. אינ־מיטן צימער — אַ לאַנגער טיש, אויף וועלכן עס וואַלגערן זיך עטלעכע צייטונגען. אין די ליידיקע ווינקלען פונעם צימער שטייען שפּיי־קעסטלעך. עס איז פיר נאָכמיטאָג, ווינטער 1930־1931. פון צייט צו צייט הערט זיך דאָס געקליפּער פונעם עלעווייטעד. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, געפינט זיך אויף דער בינע העלען. זי איז אַ הויכע, דאַרע, באַוועגלעכע פרוי פון אַ יאָר דרייסיק. אירע האָר זיינען שטייף פאַרצויגן מיט אַ שוואַרץ הייבל. איר בלאַסער פּנים איז אויסגעמורזשעט. זי פאַרמאָגט אַ פּאָר ליכטיקע ברוינע אויגן. אָנגעטאָן איז זי אין אַ שוואַרצן, פאַרשטויבטן כאַלאַט. אַרום איר דינער טאַליע איז פעסט פאַרבונדן אַ געקעסטלטער פאַרטוך; די עקן פון פאַרטוך זיינען פאַרשטעקט אין גאַרטל און דאָרט געפינט זיך זעגעכץ. זי וואַרפט פאַנאַנדער די זעגעכץ אויף דער פּאָדלאָגע,

און נאָכדעם קערט זי מיט אַ בעזעם און זינגט אַ פּאָפּולער גאַסן־לידל. פרעד, דער „ווינדע־קלינער", קומט אָן. פרעד איז אַ מיטליאָריקער, פאַר־חושכטער מאַן. ער טראָגט אַן אויסגעריבענעם, קורצן לעדער־מאַנטל און אַ וואַרעם טוכן היטל. ער בלייבט שטיין ביי דער טיר אומבאַמערקט מיט זיין עמער און וואַש־געצייג אין די הענט. ער הערט זיך צו מיט פרייד ווי העלען זינגט. אַביסל שפּעטער שטעלט ער אַוועק זיין עמער אָן אַ זייט און גייט זיך וואַרעמען ביים אויוון. העלען בלייבט שטיל.

פרעד: עס איז דאָ גוט קאַלט.

העלען: טאָ זיי זיך מטריח און וואַרף צו קוילן. (פרעד וואַרפט אַריין קוילן. דער אויוון צעברענט זיך.)

פרעד: דו, העלען, אַרבעטסט אַלעמאָל אַזוי שווער און פונדעסטוועגן זינגסטו!

העלען: און אַז איך וועל וויינען, וועט מיר עמעצער העלפן?

פרעד: יאָ, אַז מען איז יונג און געזונט, פעלט גאָרנישט, במילא זינגט זיך שוין.

העלען: האָסט מיר ניט, פרעד, וואָס מקנא צו זיין. איך קריג טאָקע 17 דאָלער אַ וואָך, אָבער איך אַרבעט פאַר דרייען. איך רוים אויףביידע הייזער. אין יעדן הויז נעכטיקן ביי אַ 100 מענער. 200 בעטן מאַכן יעדן טאָג, איז ניט קיין קלייניקייט. דו ווייסט דאָך וויפל זיי שפּייען און שמוצן אָן. פון אַכט פרי ביז זיבן נאַכט זעץ איך מיך ניט צו.

פרעד: פיליפּ העלפט דאָך דיר אַרויס.

העלען: ווען ניט פיליפּ, וואָלט איך אַנידערגעפאַלן. (זי קוקט זיך אַרום). און דאָך, אַז דער געלער הונט קומט אַרויף, געפינט ער אַלע מאָל עפּעס וואָס אויסצוזעצן.

פרעד: אַ פּאַסקודנע בריאה דיין באָס, אַ געלע זשאַבע. אַז ער לאָזט מיר אַמאָל די ווענט אָפּצוואַשן, מיינט ער, אַז ער מאַכט מיך גליקלעך... ער קוקט אויף אונדז ווי אויף חיות, — מ'קאָן צו אים קיין וואָרט ניט אויסרעדן. געדענקסט לעצטן ווינטער, — ניט געווען קיין קוילן צוויי וואָכן; איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט צו אים, אַז מיר פרירן דאָ אַלע, אַז מיר זיינען דאָך מענטשן, ניט קיין בהמות... נו, נו — האָט ער זיך דאָס אויף מיר צעשריען! געמיינט, אַז אָט דערהרגעט ער מיך!...

העלען (קוקט זיך אַרום): ער האַלט אין איין שרייען, אַז מיר טוען

ניט גענוג, אַז מיר זייַנען פּויליאַקעס... ווען אים וואָלטן אַזוי געבראַכן זייַנע ביינער, ווי מיר, נאָך אַ טאָג אַרבעט, וואָלט ער מער אַזוי ניט גערעדט. און פיליפּן באַהאַנדלט ער ווי אַ הונט.

פּרעד: עס איז מיר אַ וואונדער, ווי פיליפּ קאָן פון אים אויסהאַלטן.

העלען: וואָס זאָל ער טאָן? ער איז דאָך אַ פאַמיליע־מאַן. מיינסט ס׳איז עפּעס לייכט היינטיקן צייטן צו קריגן אַרבעט פאַר 22 דאָלער אַ וואָך?...

פּרעד: וואו איז פיליפּ?

העלען: ער איז אַוועק צו אַ דאָקטער. עס האָט אים אָנגעהייבן שטעכן אין דער רעכטער זייט. מסתם דער אַפּעדניקס... מער ווערט אים ניט פעלן, אַז דער געלער הונט וועט קומען און אים דאָ ניט טרעפן!... (זי נעמט זיך ווידער שנעל אַרבעטן און זינגט זיך צו.)

פּרעד: סעי, קיד, וואָס טוסטו היינט אָוונט?

העלען: דאָס זעלבע וואָס יעדן אָוונט.

פּרעד: פיליכט וואָלסטו מיט מיר ערגעץ געגאַנגען?

העלען: דו האָסט דען געלט?

פּרעד: אויף אַ מואווינג־פּיקטשור אין „קאָמעט" וועט זיך נאָך געפינען. (ער גייט צו, פּרובירט זי אַ קיצל טאָן, זי לאָזט זיך ניט.)

העלען: לאָז צורו.

פּרעד: דו ווייסט, „גוד־לוקינג"? — איך האָב דיך ליב.

העלען: טאַקע?...

פּרעד: איך זאָל אַזוי געזונט זיין. דו ביסט דאָך אַ שיינהייט, אַ גוטע באַלעבאָסטע, אַ מויד מיט אַלע מעלות. אַ מאַן וועט פאַר דיר לעבן גליקלעך... ווען דו ווילסט נאָר, גיי איך מיט דיר חתונה האָבן.

העלען: אַזוי!... טאַקע? אַפילו חתונה האָבן?

פּרעד: כאָטש היינטיקן טאָג וואָלט איך מיט דיר חתונה געהאַט.

העלען: גיי, פּרעד, — דו מאַכסט שפּאַס.

פּרעד: זאָל איך קראַפּירן דאָ אויפן אָרט, אויב איך מאַך שפּאַס.

העלען (לאַכט זיך שטאַרק פאַנאַנדער): אַ גליק וועט מיך טרעפן! אַזעלכע חתנים ווי דו, האָב איך שוין געקאָנט האָבן אַ טויזנט... גרויסער פאַרדינער וואָס דו ביסט!...

פּרעד: אַלע זייט איר ווי פון איין שטיק, — איר זוכט נאָר רייכע מענער. ביי אייך, פרויען, איז חתונה אַ ביזנעס.

**העלען:** **רוף דאָס, ווי דו ווילסט, נאָר אַז איך זאָל חתונה האָבן מיט אַזאַ פאַרשוין, ווי דו, — וועל איך נאָך דאַרפן דיר געבן עסן. אַ שיין עסק!**
(זי קערט אַריין אין די אינעווייניקסטע צימערן. עס הערט זיך נאָך לאַנג איר געזאַנג. פרעד נעמט פאַנאַנדער זיינע לעדערנע שמאַטעס און צעהענגט זיי אויף אַ בענקל ביים אויוון. עס הערן זיך שווערע הילצערנע טריט. **מאַיק** דער קריפּל קומט אַן. מאַיק איז אַ ברייט־ביינעקער, הויכער, רויטער מאַן. עס פעלט ביי אים די לינקע פוס. ער גייט אויף קוליעס. ער איז אָנ־געפּעלצט אין שמאַטעס, כדי ער זאָל מאַכן אַ מער טראַגישן איינדרוק. ער הענגט אָן אויף זיך אַ זעקעלע מיט בלייפעדערס.)

**פרעד:** **וואוהין גייסטו אַזוי שפּעט, מאַיק?**

**מאַיק:** גערעדענקט שוין היינט ניט גיין מער... (מיט כעס) „גאָדעמעט״, **דער טייוול זאָל זיי כאַפּן! — געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אויף דער 23טער סטריט, ביי דער סאָבוויי, דורכגעפּראָרן אַלע ביינער און געמאַכט בלויז 45 פּעניס. זיי גיבן ניט, די „בעסטערדס״! דאַכט זיך, אַן אמתער קאַליקע, אַ מענטש מיט איין פוס — דאַרף מען בעסער? און מען גיט ניט. אַ בראָך צו זייערע ביינער!... גייען פאַרביי טויזנטער מענטשן, — און קוים איינער וואַרפט אַריין אַ פּעני, און ווידער אַ פּעני. צוויי בלאָסע אָפּיס־מיידלעך האָבן אַריינגעוואָרפן צו ניקלס, — און ווייטער — אַלץ פּעניס. דער טייוול זאָל זיי בעמען!...**

**פרעד:** **שלעכטע צייטן אין אַמעריקע, איז אויך שלעכט פאַר בעט־לער... וואוהין גייסטו איצט, מאַיק?**

**מאַיק:** **איך גיי צו דער פופציקסטער סטריט. אַרום אַכט אַזייגער הייבט מען אָן גיין אין די טעאַטערס. דאָרט קאָן מען עפּעס מאַכן. ס׳גייען די רייכע מיט די מוידן, — ווילן זיי זיך אויסבאַווייזן, — וואַרפן זיי אַריין ניקלס, אַמאָל דאַימס... נו, איך גיי שוין. זאָג פיליפן — ער זאָל ניט פאַרשליסן... איך וועל קומען אַרום איינס אַזייגער.**

**פרעד:** **גוט, איכ׳ל אים זאָגן.**

(מאַיק גייט אָפּ. פרעד שטופּט אָן טאַבאַק אין זיין קאָרענער ליולקע און פאַררויכערט. עס קומט אָן **דזשאַ** און גייט גלייך צום אויוון. דזשאַ איז אַן אָפּגעריסענער, גרויס־גופיקער, אַלטער טרעמפּ, מיט צעשויבערטע גרויע האָר, מיט אַ פאַרשיכורטן פּנים.)

**דזשאַ:** **גאָר קיינער ניטאָ?**

**פרעד:** **עס איז נאָך פרי.. האָסט עפּעס היינט גוט אויסגעמאַכט?**

**דזשאַ:** אַ גוטן טאָג געהאַט. אַרומגעהאַנגען לעבן וואַנאַמייקערס. האָב זיך אָנגעטשעפּעט אָן אַן אַלטער דאַמע — האָט זי מיר צוגעוואָרפן אַ האַלבן „באַק". דורכן טאָג צוזאַמענגעשנאָרט אַ דאָלער מיט 40. געגעסן אַ רייכן מאָלצייט אין דער „וואַי", געכאַפּט אַ שנאַפּס אין מעקרידיס, געקויפט טאַבאַק...

**פרעד:** דו, דזשאַ, ביסט אַ גליקלעכער „גאַי". אַלע טאָג שנאָרסטו צוזאַמען מער ווי אַ דאָלער; די אַנדערע — קומען צוריק מיט אַ 40־50 סענט, און אייניקע מיט נאָך ווייניקער.

**דזשאַ:** ווייל זיי זיינען גאָרנישטן, טויגעניכטסן, און איך בין אַ „פּראָפּעס". דעמעט, מען דאַרף זיין אַ פּסיכאָלאָג, אַ מענטשן־קענער, אויב מען וויל ביי יענעם אַרויסשלעפּן אַ פּאָר קלינגערס... ווען איך טרעף אָן אַ דזשענטלמען מיט אַ ליידי, אָדער צוזאַמען עטלעכע סאָסייעטי־פּרויען, וועל איך שוין ניט אַוועקגיין מיט ליידיקס. נאָ, סערי! זיי וועלן זיך שוין פון מיר ניט אָפּטשעפּען...

(מוני קומט אָן. מוני איז אַ קרעפּטיקער, געוויקסיקער יונגער אַרבעטער מיט אַ שוואַרצן קאָפּ געקרייזלטע האָר, מיט אַן איינדרוקספולן, קלוגן פּנים. ער איז אָרעם, אָבער ריין געקליידט. ער טראָגט אַ קליין פּעקל. העלען לויפט אַריין, קוקט אים אָן אַ ביסל פאַרוואונדערט.)

**העלען:** וואָס ווילסטו, ברודער?

**מוני:** קען מען דאָ איבערנעכטיקן?

**העלען** (קוקט אים אָן צופרידן): **געוויס... אויב דו האָסט אַ קוואָדער — קאָנסטו קריגן אַ רום, און אויב 15 סענט — דאַרפסטו גיין „אָפּסטעירז" אין דער „דאָרמיטאָרי".**

**מוני:** **נו, אַזוי פיל געלט האָב איך נאָך.**

**העלען:** **זעץ זיך, מאַך זיך באַקוועם.** (מוני לייגט אַוועק זיין פּעקל, זעצט זיך, קוקט זיך אַרום. העלען באַמערקט פרעדס שמאַטעס פאַנאַנדערגעהאַנגען). **דו, פרעד, וואָס האָסטו זיך אַזוי צעלייגט מיט דיינע נאַסע שמאַטעס? — דער געלער קאָן נאָך באַלד אָנקומען.**

(העלען לויפט אַוועק. פרעד נעמט צוזאַמען זיינע שמאַטעס. מוני נעמט עטלעכע בלעטער פון „קריסטשען מאָניטאָר", קוקט אַריין און וואַרפט עס באַלד אַוועק. ער שלעפּט אַרויס פון קעשענע אַן אַרבעטער־צייטונג און לייענט.)

**דזשאַ:** **דו ביסט, באָדי, אַפּנים ניט קיין היגער? נאָך דיך קיינמאָל**

אויף דער בויערי ניט געזען. (ער נעמט אַרויס קליינגעלט און ציילט.)

מוני: איך קום פון קליװלאַנד. צוויי וואָכן זיך געשלעפּט. געקומען זוכן אַרבעט.

פּרעד: האָסט געטראָפן די ריכטיקע צייט צו קומען זוכן אַרבעט. אונדזערע ניו־יאָרקער גייען אַרום אין די צענדליקער טויזנטער שוין מאָנאַטן לאַנג אָן אַרבעט... דו האָסט געזען די ברויט־ליינס אַרום די מיסיאָן־הייזער?

מוני: געזען.

פּרעד: און וואָס עס טוט זיך לעבן די „עמפּלאָימענט אָפיסעס" האָסטו געזען? און די יעניקע, וועלכע שרייען: „העלפט די אַרבעטס־לאָזע! קויפט עפּל! קויפט קענדי!" — האָסטו געזען?

מוני: נאָך ווי געזען!...

דזשאָ (שלאָגט זיי איבער): גוטע צייטן, שלעכטע צייטן, — אָבער אַביסל „בוז" דאַרף מען גיין קויפן. (ער גייט אָפּ.)

פּרעד: וואָס איז דיין פאַך, יונגערמאַן?

מוני: איך בין אַ מעכאַניקער ביי אויטאָמאָבילס.

פּרעד: מ'זאָגט, אַז אין דיין טרייד איז אויך גרויסע צרות!

מוני: נאָך אַלץ הייסט צרות!... ניטאָ קיין אַרבעט, און די ביסל, וואָס אַרבעטן, זיינען געצוואונגען צו אַרבעטן פאַר אַ הונגער־לוין.

פּרעד: צייטן דערלעבט! — מענטשן מיט שטאַרקע הענט ווילן טאָן יעדע אַרבעט, און ניטאָ וואָס!... זעסטו, אָט פאַר די טרעמפּס און שיכורים, וואָס וואַלגערן זיך אַרום דאָ אויף דער בויערי, פאַר זיי אַרט מיר ניט. זיי זיינען פוילי־אַקעס, — אָבער ס'געפינען זיך דאָ איצט אויף דער בויערי אַרבעטער פאַכלייט אין די טויזנטער, אויף זיי איז אַ רחמנות... אָט נעם מיך, אַ מענטש מיט אַ טרייד — אַ „ווינדע־קלינער". איך האָב אַ קראַנקע טאָכטער אין אַ „האָום", שיק איך איר פיר דאָלער יעדע וואָך. לעצטע וואָך געמאַכט נאָר זיבן דאָלער...

מוני: באַלאַנגסט צו דער יוניע?

פּרעד: די סטאַרקיפּערס דאָ אַרום האָבן פיינט יוניע־לייט...

(דזשאָ קומט אָן מיט אַ פלאַש שנאַפּס.)

דזשאָ (צו פּרעדן): ווילסט אַביסל?

פּרעד: איז דאָס גוטער „בוז"?

דזשאָ: וואונדערבאַרער שטאָף. וואַרעמט פאַנאַנדער אַלע גלידער.

**פרעד:** **טאָ גיב אַהער.** (ער נעמט און טרינקט אַביסל, גיט עס צו־ריק). **פוי, ס׳אַראַ פּאַסקודסטווע!**

**דזשאַ** (צו מוני): **און דו, יונגערמאַן, ווילסט אַביסל?**

(מוני נעמט און שמעקט דעם שנאַפּס.)

**מוני:** **טרינק דאָס ניט — עס איז „הוטש". דו וועסט אויפקפייגערן פון אַזאַ שנאַפּס.**

**דזשאַ:** **וועל איך אויפקפייגערן, וועט זיין ווייניקער מיט איין שיכור.** (ער טרינקט פון פלאַש.)

**מוני:** **עס וועט דיר צעברענען דיינע קישקעס. טרינק דאָס ניט. עס איז „וואוד־אַלקאָהאָל".**

**דזשאַ:** **וואָס ווייסטו וואָס גוט איז, דו „סיסי"!... אויף מיר מבינים אויף „בוז"!...** (ער טרינקט און זינגט זיך פאַנאַנדער מיט אַ דיקער באַסאָווער שטימע.)

**נישטאָ אַזאַ לאַנד, וואָס איך האָב ניט געזען,**
**שוין איבערגעקרייצט אַלע ימ׳ען פון דער מאַפּ;**
**ביי אַנקל סעמען אויף קעסט שוין אויך געווען,**
**און אויסגעכאַפּטביים לעבן יעדן בעסטן קלאַפּ!...**

(עס קומען אַן איינציקוויז טרעמפּס, בעטלער און עטלעכע אַרבעטס־לאָזע. זיי גייען צום אויוון און וואַרעמען זיך, און נאָכדעם זעצן זיי זיך אוים אויף די בענקלעך. די מערסטע רויכערן; עטלעכע קוקן אַריין אין ציייטונגען; אייניקע דרעמלען; איינער פאַרריכט זיינע קליידער; איינער פעדלט מיט אַן אַלטן „סייפטי רייזאָר", אַ צווייטער — מיט אַ צעבראָכן שפּיגעלע. עס קומט אַן אַן אַלטע, אָפּגעריסענע, שיכורע בויערי־פרוי. זי איז אָנגעפּעלצט אין שמאַטעס. אירע גרויע האָר זיינען צעפּאַטלט. זי רויכערט אַ סיגאַרעט. אַמאָל בלאָזט זי אַריין דעם רויך אומישנע עמעצן אין פּנים אַריין. ווען זי רעדט, טשעפּעט זי זיך מיט די הענט, שפּייט מיטן כאַראַקטעריסטישן טרעמפּישן כראַק.)

**בויערי־פרוי:** **העי, „יוז גאַיס", קאָן איך דאָ נעכטיקן?**

**פרעד:** **פון מיינטוועגן קאָנסטו, — נאָר דאָס איז אַ הויז נאָר פאַר מענער.**

בויערי־פרוי: און אַז פאַר מענער, איז וואָס?.. טאָר איך דאָ ניט איבערנעכטיקן? (העלען קומט אַן.)

פרעד: פרעג איר.

בויערי־פרוי: „סעי, גוד־לוקינג“, קאָן איך דאָ נעכטיקן?

העלען: ניין, טייערינקע, דאָס איז אַ הויז בלויז פאַר מענער.

בויערי־פרוי: אַזוי! בלויז פאַר מענער... „העל“, אַלץ איז פאַר די מענער. די גאַנצע וועלט האָבן זיי פאַרכאַפּט, די בעסטערדס! וואו איך קום אַריין, זאָגט מען מיר — בלויז פאַר מענער...

העלען: נו, גיי שוין!

בויערי־פרוי: „אַל בעטשיו“, דו דענקסט, אַז איך האָב ניט קיין קלינגערס. זאָל איך אַזוי לעבן, „גוד־לוקינג“, ווי איך האָב צוואַנציק סענט. (זי זוכט אין די קעשענעס, געפינט צוויי דאַימס). זעסט? — איך האָב צוואַנציק סענט.

העלען: איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דער פּלאַץ איז נאָר פאַר מענער. גיי אויף ריווינגטאָן סטריט.

בויערי־פרוי: צום טייוול מיט אייך אַלעמען! — וואַשן שמוציקע וועש און סקראָבען פּאָדלאָגעס מעג מען איבעראַל, און איבערנעכטיקן לאָזט מען ניט.. פוי, פּאַסקודניאַקעס, הינט, בעסטיעס!... טו העל מיט וואומען סאַפרעדזש! טו העל מיט אייער ציוויליזאַציע!... ס׳געהערט? וואו מען קומט אַריין — בלויז פאַר מענער! מיוחסים, בעסטערדס!...

העלען: גיי בעסער, — באַלד וועט דער באָס אָנקומען. ער איז אַ בייזער, ער קאָן נאָך דיך פון די שטיגן אַרונטערוואַרפן.

בויערי־פרוי: איך האָב דיר אין דר׳ערד מיט דיין באָס צוזאַמען... (זי באַמערקט די שנאַפּס). גיב אַביסל, באַדי! נאָך היינט קיין טראָפּן אין מויל ניט געהאַט. (דזשאָ גיט איר די פלאַש; זי׳ כאַפּט זיך צו און טרינקט האַסטיק. זי איז אַ בעלן אויסצוטרינקען אינגאַנצן. דזשאָ רייסט ביי איר אַרויס די פלאַש, טרינקט אַליין און זינגט ווידער. ווען ער הויב׳ אָן זינגען, הויבט די בויערי־פרוי אָן צו שמייכלען און לאָזט זיך טאַנצן אַ פריילעכס. דזשאָ זינגט:)

אַ באָם פון קינדוויַיז אָן, איך וואַנדער אַלץ אַרום,
מיט גלייכגילט צו מיין ליידן הונגער, נויט.
אָ, זאָלן פיינע מענטשן קוקן אויף מיר קרום —
אַ באָם אַ לוסטיקער כ׳וועל בלייבן ביזן טויט.

(אַלע אַנוועזנדע אַמוזירן זיך, שרייען: „זינג נאָך, דזשאָ!“ דזשאָ זינגט ווידער און די פרוי מאַכט שטיק און טאַנצט.)

און טאַקע, צו וואָס זאָרגן היינט פאַרן מאָרגן?
צו וואָס האָרעווען — ווען ס'ווילט זיך לעבן פריי.
כ'וועל מאָרגן ווידער עפּעס באָרגן,
און אפשר וועט שוין אַלץ זיין פאַרביי...

(העלען, וועלכע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און זיך אַמוזירט, דערמאָנט זיך אָן אירע פליכטן, פאַנגט זיך אָן צו בעטן.)

**העלען:** נו, חברה, גענוג שוין! דער באָס קאָן נאָך אָנקומען! (צו דער בויערי־פרוי) און דו גיי שוין...

**בויערי־פרוי:** דו בעסער טרייב מיך ניט, — איך וועל אַליין גיין... געהערט אַזוינס! איך האָב צוואַנציק סענט, און זי טרייבט מיך. אָט האָט איר אייך ציוויליזאַציע!... וואומען־סאָפּרעדזש!... (עס לויפט אַריין מיט אַ געפּילדער אַן איינגעהויקערטע פרוי מיט אַ גרויסן קויש פּרעצלס; זי ווענדט זיך צו יעדן איינעם, שרייט.)

**פרוי:** קויפט פּרעצלס! צווי אַ ניקל, קויפט! האָט רחמנות! איך בין אַן אלמנה, איך האָב דריי קינדער צו דערנערן. קויפט פּרעצלס!

**בויערי־פרוי** (שטופט איר צען סענט): גיב צווי פּרעצלס, ביזנעס־פרוי. (די פרוי גיט איר צווי פּרעצלס, וויל איר געבן רעשטע). איך דאַרף ניט קיין רעשטע, איך האָב נאָך אַ גאַנצן דאַים צופּיל. (זי עסט די פּרעצלס און לאָזט זיך גיין. ביי דער טיר קערט זי זיך אום און פאַרנויגט זיך נידעריק). „סאָ לאָנג, גאַיס!...“ (זי גייט אָפּ. מוני קויפט אויך פּרעצלס. העלען גייט אָפּ.)

**מוני:** זאָג מיר, מיסעס, וויפל מאַכסטו אַ טאָג?

**פרוי:** ווי אַ טאָג. אַמאָל אַ דאָלער מיט אַ פערטל, אַמאָל אַ דאָלער מיט אַ האַלב, און אַז עס גייט מיר גוט, מאַך איך צווי דאָלער.

**מוני:** אַזוי ווינציק!

**פרוי:** ווי קאָן מען אויסמאַכן בעסער, אַז עס איז דאָ איצט מער פאַרקויפער ווי קונים?

**מוני:** ווי קומסטו אויס מיט אַזוי ווינציק?

**פרוי:** אַז מען דאַרף, ברודערקע, קומט מען שוין אויס... נו, איך מוז לויפן. איך האָב נאָך אַ פולן קויש מיט פּרעצלס. (זי גייט אָפּ איילנדיק.)

מוני: וואו נעמט זיך ביי די מענטשן אַזוי פיל געדולד? ווי קאָנען זיי אַריבערטראָגן אַזוי פיל צרות און ליידן?

פרעד: אַט דאָס רופסטו צרות?... אַט די אַלע, וואָס זיצן דאָ, האָבן אַ סך מער צרות אַריבערגעטראָגן אין זייער לעבן. אַט נעם מיך, צום ביי־שפּיל. מיינסט, ווייניק דורכגעמאַכט? — אַן אייגן ווינקל געהאַט און פאַרלאָרן; אַ געטרייע פרוי געהאַט און פאַרלאָרן. אַלץ, ברודערקע, פאַר־לאָרן...

מוני: ווי לאַנג, אַז דו וואַלגערסט זיך שוין אַרום אויף דער בויערי?

פרעד: שוין באַלד דריי יאָר.

מוני: עס איז דיין אייגענע שולד. דו ביסט אַ פּאַכמאַן — אַ „ווינדע־קלינער", האָסט באַדאַרפט באַלאַנגען צו דער יוניע, דאַרפסט זיין מער קלאַסן־באַוואוסטזיניק!... פאַרשטייסט, ברודער, מיר אַרבעטער דאַרפן זיין אָרגאַניזירט. מיר דאַרפן קעמפן, דאַן וועלן מיר דערגרייכן בעסערע לעבנס־באַדינגונגען.

פרעד: מעגלעך, אַז דו ביסט גערעכט, — די יוניע־לייט קריגן טאַקע אַ סך מער באַצאָלט פון מיר...

דזשאָ (מישט זיך אַריין): וויס איך וואָס! קעמפן? — באַנק! — קאָן מען דען קעמפן קעגן שיקזאַל? „העל", אַלץ אויף דער וועלט איז ניט מער ווי אַ צופאַל!...

מוני (צו דזשאָ): יאָ, ס'איז דאָ אַ געוויסער אמת אין דיינע רייד. אין דער היינטיקער סיסטעם איז עס אַזוי: ווערסטו געבאָרן ביי אַ רייכן — ביסטו דער הערשער, דער באָס; ווערסטו געבאָרן ביי אַן אַרבעטער — ליגסטו אין פראַנצן דעם גאַנצן לעבן. אָבער ניט אייביק וועט אַזוי זיין.

אַ טרעמפּ: עט, נאַרישקייטן! איר וועט די וועלט ניט איבערמאַכן. עס וועלן אַלע מאָל זיין אָרעמע און רייכע.

(עס קומט אַן אַ סאַלוויישאַן־אַרמי־מיידל, טיילט אויס אַלעמען דינע פּאַמפּלעטן.)

סאַלוויישאַן־אַרמי־מיידל: לייען דאָס, ברודער, און דיין לעבן וועט זיין געראַטעוועט! האַלעלויאַ!... דזשיזוס וועט דיין נשמה רייניקן, האַלע־לויאַ!... שטעל זיך אונטער דעם שוץ פון גאָט! ער וועט דיר דיינע זינד פאַרגעבן און דיין נשמה רייניקן! האַלעלויאַ!... (זי זינגט אַ תפילה און קלאַפּט צו מיטן פּייקעלע.)

אַרבעטסלאָזער (גיט איר דעם פּאַמפּלעט צוריק): איך האָב ניט

קיין זינד, — איז נישטאָ וואָס צו רייניקן!... גיט אונדז בעסער אַרבעט. מיט תּפֿילות קאָן מען דעם בויך ניט אָנזעטיקן.

מוני: ריכטיק! — מיר דאַרפֿן ניט קיין טשאַריטי, מיר ווילן אַרבעט!...

סאַלווייִשאַן־מיידל: מיר טיילן אויס יעדן טאָג פֿינף הונדערט קאָפּעס קאַווע מיט ברויט פֿריי.

אַרבעטסלאָזער: „טו העל" מיט אייער ברודנעם וואַסער און מיטן האַרטן ברויט! מיר ווילן ניט קיין טשאַריטי, מיר ווילן אַרבעט!...

(די סאַלווייִשאַן־מיידל טראָגט זיך אָפּ.)

מוני (נעמט אַרויס עטלעכע בראָשורן פֿון זיין קעשענע, גיט איינס צו פֿרעדן און איינס צום אַרבעטסלאָזן): אויב שוין לייענען — טאָ לייענט כאָטש עפּעס רעכטס.

דזשאָ (גייט צו צו פֿרעדן, שלעפּט ביי אים אַרויס פֿון האַנט די בראָשור און לייענט הויך): . . . די אַרבעטער־מאַסן קאָנען מאַכן אַ בעסערע און מער זיכערע וועלט. . . . אַרבעטער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך! . . . אַלץ, אַלץ דאַרף געהערן צו דעם יעניקן, וואָס פּראָדוצירט עס, צום אַרבעטער־קלאַס... (ער לייגט אַוועק די בראָשור. ווי נאָר איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם „גאַי", האָב איך גלייך געוואוסט, אַז ער איז אַ „וואָבלי" אָדער אַ „רעד"...

מוני (מיט כעס): און אַז אַ „רעד", איז וואָס?...

דזשאָ: „דעמעט", איך האָס די קאָמוניסטן!.. זיי זיינען אַלע „טראָבל־מייקערס" און היץ־קעפּ. (צו מונין) דו הערסט, יונגער שנעק, בעסער טראָג זיך אָפּ פֿון דאַנען וואָס־גיכער! — ווייל ווען דער באָס וועט קומען, וועט ער דיך פֿון אַלע שטיגן אַרונטערשליידערן.

מוני: הער נאָר דו, „אָלד־מען", שרעק מיך נאָר ניט אָן! — מיך וואַרפֿט מען ניט אַזוי לייכט, — איך האָב גוטע פֿויסטן.

פֿרעד: וואָס איז דער מער? — אַ מענטש טאָר גאָר ניט אַרויסזאָגן זיין אייגענע מיינונג!... נישקשה, מיר לעבן נאָך אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד!...

(דער באָס — אַ ברייט־ביייניקער, קורצער, בייכלדיקער, געלער מאַן — קומט אָן, רויכערנדיק אַ ציגאַר. בלייבט שטיין אומבאַמערקט.)

מוני: יאָ, איך בין אַ „רעד", אַ קעמפֿער — איז וואָס?... און פֿאַר וואָס איר, טרעמפּס, האָט מורא פֿאַר אמתער דעמאָקראַטיע און פֿרייהייט,

הויב איך ניט אָן צו פאַרשטיין! — אַלץ וואָס איר קאָנט פאַרלירן, איז אייערע לויזיקע שמאַטעס, און אייערע פאַרשטונקענע, וואַנציקע נאַרעס!...

באָס: שטיל זאָל זיין!... וואָס פאַר אַ נידערטרעכטיקע, מיאוסע „ספיטשעס" האָלט מען עס ביי מיר אין מיין האָטעל?!... (ער שרייט) פיליפ!... העלען!... (העלען לויפט אַריין אַ דערשראָקענע). וואו איז פיליפ?

העלען: ער איז אַוועק צו אַ דאָקטער — ער איז קראַנק.

באָס: אַזוי! — איבערגעלאָזט די הויז אויף הפקר און אַוועק. אַזאַ אומפאַראַנטוואָרטלעכער מענטש! שטאָפּ זיי נאָר אָן מיט גאָלד!.. (צו העלענען) און דו, פאַרמורזשעטע מאַמזעלקע, קאָנסט ניט זען, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג?... זעסט אַ „רויטן" חברה־מאַן — טרייב איך גלייך אַרויס!... (גייט צו צו מונין). דו, יונגער שנעק, גיי פון דאַנען! איך גלייך ניט קיין פאַרפלוכטע באָלשעוויקעס אין מיין האָטעל!

מוני (שטעלט זיך אויף, נעמט צוזאַמען זיינע זאַכן, רעדט צום באָס): דו פאַסקודנער פּעמפּיק, דו קליינער „סאָקער"! — און איך גלייך ניט דיין פאַרדריפּעטן פּנים, און איך גלייך ניט דיינע לויזיקע קאָנורעס... (ער לאָזט זיך גיין צו דער טיר.)

פרעד: העי, יונגערמאַן, וואַרט אַ ווײַלע! — לויף ניט!... איך גיי אויך מיט דיר. איך קאָן שוין מער אויף דער גאָלער זשאָבע, אויף דעם בלוטזויגער, ניט קוקן!... איר הערט, מענטשן, מאָרגן גיי איך מיר אָנשליסן אָן דער „ווינדע־קלינערס" יוניע. גוד־באַי, העלען! — גאָט זאָל דיר אין גיכן צושיקן אַ בעסערן און לייכטערן דזשאָב. גוד־באַי, באָדיס!...

(ער גייט אָפּ, עטלעכע אַרבעטסלאָזע נעמען זייערע ווינטער־רעקלעך און גייען אויך אָפּ... דער באָס שטייט אַ צעטומלטער און קוקט זיי אָן.)

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם)

1931

# אין אַ קעלער־שטוב

(אַ שפּאַס אין איין אַקט)

**אָנטײלנעמער:**

**בערל**, אַ קליין און דאַר באַוועקסן מענטשל, מיט אַ צעפּאַטלטער קאָפּ האָר, און אַ רעקל, מיט צעריסענע הויזן.

**שפּרינצע**, זיין פרוי, הויך און דיק, אָנגעטאָן אין אַ סך פאַרלאַטעטע קליידלעך.

**יאַנקאָ**, אַ הויכער, שלאַנקער מאַן אין די זעכציקער, געראַזירט, מיט לאַנגע גרויע וואָנצעס; פון אונטער זיין היטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק שטעקט אַרויס אַ גרויע טשופּרינע האָר; טראָגט אַלטע קליידער און שמוציקע שטיוול.

אַן אָרעמער קעלער אין דער ניו־יאָרקער געטאָ. רעכטס — צוויי פענצטער, פון וועלכע עס קומט אַריין אַביסל ליכט, און אַ טיר. לינקס — אַן אַלטע סאָפע. אין הינטערגרונט — אַן אַלמערל מיט געשיר, אויף וועלכן עס שטייען טעפּלעך און סלאָיקעלעך, עטלעכע ליידיקע קעסטלעך און פעסלעך פון פּרוכט. לינקס, אין ווינקל — אַ פאָרהאַנג. הינטערן פאָרהאַנג — אַ בעט. אין מיטן צימער — אַ קלייענער טיש, אויף וועלכן עס ליגן אַ פּאָר צייטונגען, אַ בוך אָן טאָוולען; אַלטע בענקלעך. אין אַ ווינקל אָנגעוואָרפן אַלטע זאַכן און שמאַטעס. אויף די ווענט—בילדער פון צייטונגען.

**שפּרינצע** (וואַרפט פון צייט צו צייט אַ טרויעריקן בליק אויף בערלען און קרעכצט. בערל זיצט לעבן טיש פאַרטראַכט): נו, זאָג אַליין, בערל, וואָס וועט זיין דער סוף? ביז וואַנען, לא־יוצלח מיינער, וועסטו דאָס זיצן ליידיק? דענקסט, איך האָב כח אַרומצושלעפּן זיך מיט די קאָשיקעס!... ביי לייטן זוכן מענער, גראָבן מיט דער נאָז און געפינען עפּעס וואָס צו טאָן, און דו זיצסט גאַנצענע טעג און גענעצסט. נישטאָ קיין דזשאָב —

ווערט מען אַ פּעדלער, האַנדלט מען מיט אַלטע זאַכן... נו, וואָס שווייגסטו, תכשיט מיינער? — די צונג האָט דיר אָפּגענומען!

בערל: האַ, וואָס זאָגסטו?

שפּרינצע: גולם, דו הערסט אַפילו ניט וואָס מ׳רעדט צו דיר.

בערל: זיך אַביסל פאַרטראַכט.

שפּרינצע: זיך פאַרטראַכט, גרויסער קאָפּ־מענטש מיינער, פילאָזאָף! — איך וועל זיך אַרומשלעפּן מיט אַ קויש פרוכט איבער די גאַסן און ער וועט זיצן און טראַכטן!... אוי, באַגראָבן זאָל איך דיך שוין, רבונו של עולם! ס׳אַראַ פינצטערע דאָליע מיינע...

בערל: שילט זיך ניט, שפּרינצע, — דו וועסט נאָך אַמאָל חרטה האָבן.

שפּרינצע: איך זאָל דיך אפשר בענטשן? אַ שיינע מערכה האָב איך ביי דיר. שוין צוועלף יאָר פאַרהייראַט און ניט קיין קינד און ניט קיין רינד, און ווען איך זאָל ניט אַרויסהעלפן, וואָלטן מיר געשטאָרבן פון הונגער. צו די אַלע מעלות דיינע האָסטו זיך נאָך אויסגעלערנט צו טרינקען. — דערפאַר האָב איך שוין דיין פריינטל יאַנקאָן צו פאַרדאַנקען... דו הערסט, אויב יאַנקאָ וועט קומען — לאָז איך אים אין שטוב ניט אַריין. איך דאַרף ניט קיין שיכורים אין מיין הויז. קיין דירה־געלט צאָלט ער סיי ווי סיי ניט. (זי פאַרקאָטשעט אַ האַלבן טוצן ציצענע קליידלעך, שטופּט אַריין אין אַ גרויסער קעשענע איר געלט־בייטעלע, טוט אָן אַן אַלטן אויבערמאַנטל, נעמט דעם קויש און גייט צו דער טיר. זי קערט זיך אום צוריק). יאָ, איך האָב גאָר פאַרגעסן... אָט דאָ אין דעם טעפּעלע (ווייזט אָן אויף איינעם פון די טעפּלעך) איז דאָ אַזאַ דזשעלע, דאָס איז „פּויזן“, סם פאַר די מייז. דו הערסט, זאָלסטו זיך צו דעם ניט צורירן, — דאָס איז געפערלעכע סם פאַר די מייז.

(שפּרינצע אָפּ. בערל קוקט אָן דאָס טעפּעלע, הויבט זיך אויף. מאַרשירט אַרום, זינגט טרויעריק, זעצט זיך ווידער ביים טיש. שפּאַרט אָן זיין קאָפּ אויף זיינע פויסטן און פאַרטראַכט זיך. יאַנקאָ קומט אָן מיט אַ שפּיל־קאַסטן אויף די פּלייצעס און מיט אַ גראָבן קורצן שטעקן. ער נעמט אַראָפּ פון זיך זיין שווערע לאַסט, זינגט אונטער אַ גאַסן־לידל, ניט באַמערקנדיק בערלען. ער שלעפּט אַרויס פון אַ הינטער־קעשענע אַ היפּשע פלאַש שנאַפּס און טרינקט. ער גייט צו צום טיש, דערזעט בערלען.)

יאַנקאָ: נו, וואָס זיצסטו, ברודערקע, ניט טויט, ניט לעבעדיק?

וואָס, שוין ווידער געכאַפּט אַ פּאַרציע פון דיין שפּרינצען?... דו, נאַרעלע, מאַך זיך ניט הערנדיק, — זאָל זיך דיר דוכטן, אַז זי האָט דיך געבענטשט.

בערל: שלעכט, ברודער, פּאַסקודנע! — איידער אַזאַ לעבן איז שוין בעסער דער טויט.

יאַנקאָ: דו הויבסט שוין אָן ווידער נודיען. ניט געזאָרגט, בער־טשיק, אָט האָסטו אַ פלאַש שנאַפּס... גיב גלעזלעך, וועלן מיר מאַכן אַ כוסה. (בערל רירט זיך ניט פון אָרט). נו, ווילסט ניט? דאַרף מען ניט. איך קאָן מיך באַגיין אָן אַ גלעזל. (יאַנקאָ טרינקט פון פלאַש). אַ טייער ביסל שנאַפּס! — וואַרעמט פאַנאַנדער די ביינער... נו, טרינק, בערטשיק! (ער שטעלט די פלאַש לעבן בערלען.)

בערל: איך וויל ניט.

יאַנקאָ: טרינק, אַז מען גיט דיר!

בערל: מיין שפּרינצע האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל ניט טרינקען.

יאַנקאָ: הער זי ווי דעם קאָטער. וואָס ווייס אַ יידענע וואָס גוט איז?... נעם אַביסל, בערעלע, וועט דיר באַלד פריילעך ווערן. (ער שטופּט אים די פלאַש. בערל קאָן מער דעם יצר־הרע ניט גובר זיין און טרינקט.) אָט אַזוי ביסטו אַ מאַן. (קליינע פויזע.)

בערל: אומגליקלעכע מענטשן זיינען מיר, טויגעניכטסן.

יאַנקאָ: ריכטיק, ריכטיק, איך בין אויך אַ טויגעניכטס.

בערל: דו פאַרשטייסט, יאַנקאָ, מיין לאַגע? — איך בין אַן אַרבעטס־לאָזער. די באָסעס דאַרפן ניט מיך, ניט מיינע הענט. קיינער קוקט זיך אויף מיר ניט אום. איך בין געגליכן צו שמוץ פון גאַס. אַן איבעריקער, נוצלאָזער מענטש בין איך — אַן אויסגעשפּיגענער.

יאַנקאָ: ריכטיק, ריכטיק. איך בין אויך אַן אויסגעשפּיגענער און אַן אויסגעשפּילטער... ביי מיר, בערטשיק, איז שוין נאָך אַלעמען, — נאָך אַלעמען... אַמאָל איז יאַנקאָ געווען אַ מענטש, אַ מענטש געווען. אַ סאָלדאַט געווען — אַ קאַוואַלעריסט. אַ קונצנמאַכער אין אַ צירק — אָט וואָס איך בין געווען. געסמאַליעט, געברענט אַ וועלט, ליבעס געפירט... איצט, אויף דער עלטער — אַ בעטלער, שלעפּ זיך אַרום מיט דער קאַטערינקע און בעטל נדבות, און אַז איך שנאָר צוזאַמען אַ דאָלער, קויף איך מיר אַ פלאַש משקה, מאַך לחיים און זינג מיר אַ לידל.

בערל: דו האָסט כאָטש אַמאָל געלעבט. האָסט גענאָסן פון לעבן אין דער יוגנט. איך בין אָבער אַלעמאָל אַן אומגליקלעכע באַשעפעניש

געווען. מיין טאַטע־מאַמע געדענק איך אַפילו ניט. דערצויגן געוואָרן בין איך אין אַ יתומים־אַנשטאַלט. אַרום פרעמדע טישן זיך געוואַלגערט. צו וואָס איך האָב מיך גענומען, איז מיר געגאַנגען מיטן פּוטער אַראָפּ... אָט זעסטו דאָך, — אַז איך האָב זיך שוין אויסגעלערנט אַזאַ טרייד ווי פלאָמבינג, איז געקומען דער קריזיס — בויט מען ניט קיין הייזער, איז קיין אַרבעט נישטאָ... און גיין מיטן קאַשעק איבער די הייזער פּעדלען, דאָס קאָן איך ניט. שוין בעסער דער טויט... שלעכט, ברודערקע, שלעכט.

יאַנקאָ: יאָ, אמת, עס איז דיר אויך נישטאָ וואָס צו מקנא זיין. אָבער קלאָגן, בערטשיק, דאַרף מען ניט. נאַ, טרינק בעסער! (בערל טרינקט ניט, יאַנקאָ טרינקט אַליין.)

בערל: הער נאָר, יאַנקאָ, איך האָב אַ פּלאַן, ווי אַזוי מיר קאָנען אויסגעלייזט ווערן פון אַלע אונדזערע צרות אין איינע פינף מינוט.

יאַנקאָ: ברודער בערטשיק, אויב נאָר אַ גוטער פּלאַן — נעמט יאַנקאָ אָן.

בערל: איך וויל מאַכן אַ סוף צו דעם אַלעמען. עס איז שוין מיר נמאס געוואָרן די גאַנצע נאַרישע שפּיל.

יאַנקאָ: אַזוי גאָר! אַנו, באַוויז דאָס קונצעניו!

בערל: גאָר איינפאַך, — איך וועל זיך נעמען דאָס לעבן און פּטור.

יאַנקאָ: האַ, וואָס זאָגסטו? זיך נעמען ס'לעבן? — שאַ, אפשר טאָקע... (פאַרטראַכט זיך אַביסל) וואָס אָנצואווערן? — כ'לעבן, בערטשיק, אַ גוטער איינפאַל!... (ער שטופּט בערלען מיט גוואַלד די פלאַש. בערל טרינקט.)

בערל: פוי, ס'אַראַ שטאַרקע שנאַפּס, — ברענט אַזש אין די קישקעס. עס הויבט זיך מיר אָן פאַרדרייען דער קאָפּ.

יאַנקאָ: הייסט עס, ברודער בערל, מיר נעמען זיך דאָס לעבן... פיין, אויסגעצייכנט! (פּאַטשט בערלען איבערן פּלייצע) אַ וואונדערבאַרער איינפאַל!... בראַוואָ, בערטשיק!... אַלזאָ, מאַכן מיר דאָס האָקוס פּאָקוס לאַמטאַדרידל און היידאַ גלייך אויף יענער וועלט... איך בין גרייט, בערטשיק, כאָטש די מינוט.

בערל: איך אויך.

יאַנקאָ: אָבער מיט וואָס מאַכן מיר דאָס, בערטשיק? — מיט אַ מעסער, כיק? (פירט מיט דער האַנט איבערן האַלדז.)

בערל: ניין, יאַנקאָ, מיט סם.

**יאַנקאַ:** מיט סם? וואו־זשע נעמט מען אַ גוט ביסעלע סם?

**בערל:** פּאַראַן, יאַנקאַ, פּאַראַן. (ער ברענגט דאָס טעפּעלע מיט דעם סם פאַר די מייז). אָט דאָס האָט מיין שפּרינצע פאַרמישט דזשעלי פאַר די מייז. פאַרשטייסט, געפּערלעכע „פּויזן" פאַר די מייז. לאָמיר נעמען צו לעפל און מירן ווערן פּאַרטיק.

**יאַנקאַ:** גוט, אויסגעצייכנט! לאָמיר זיך נעמען גלייך צו דער אַרבעט. צום ערשט — אויסטרינקען די פלאַש בראַנפן: מען קאָן דאָך ניט אַזאַ גוטן פריינט איבערלאָזן איינעם אַליין... אַנו, ברודערקע, צוויי גלעזלעך אַהער. (בערל ברענגט גלעזלעך, יאַנקאַ גיסט אָן). נו, לחיים, בערטשיק, לחיים! — מיר זאָלן דערלעבן זיך טרעפן אין אַ גוטער שעה אויף יענער וועלט... (זיי טרינקען. יאַנקאַ גיסט אָן דאָס לעצטע ביסל בראַנפן). טרינק דאָס לעצטע ביסל!... לחיים, וועלטעניו, צום לעצטן מאָל!... (זיי טרינקען ווידער). אַ יאָ, גוט? — עס ווערט וואַרעם, אַ מחיה! אַזש נאָר עס ווילט זיך טאַנצן... טאַקע, בערטשיק, לאָמיר טאַנצן אַ טויטן־טאַנץ. (ער שלעפּט בערלען מיט גוואַלד, קרייצט איבער אַ האַנט איבער אַ האַנט, ער זינגט אַ פריילעכס, זיי טאַנצן. יאַנקאַ טאַנצט מיט אַ ברען, בערל שלעפּט זיך נאָך. ווען זיי ענדיקן, זעצן זיי זיך ווידער אויס ביים טיש). נו, איצט בין איך פאַרטיק, — פאַרטיק צו באַגעגענען די מלאכי־חבלה פון יענער וועלט. אַהער צוויי לעפל, בערטשיק!

**בערל:** וואַרט נאָר אַ ווײַלע, אפשר זאָל איך איבערלאָזן אַ פּאָר ווערטער פאַר מיין שפּרינצן? ס׳איז דאָך אויף איר אויך אַ רחמנות.

**יאַנקאַ:** אַהאַ, דו קריגסט שוין קאַלטע פיס! דו האָסט שוין חרטה!... נאַרעלע, דיין שפּרינצע וועט גיין טאַנצן אַ פריילעכס, אַז זי וועט דיינער פטור ווערן. נו, דו נעמסט?

**בערל:** יאָ.

**יאַנקאַ:** אַהער צוויי גרויסע לעפל. (בערל ברענגט צוויי גרויסע לעפל. זיי נעמען אָן). אַ פולע לעפל, בערעלע, ניט געפּאַנפּעט! (ביי בערלען טרייסלט זיך די לעפל אין האַנט). ווער נעמט ערשט?

**בערל:** דו, יאַנקאַ, נעם צוערשט.

**יאַנקאַ:** אַהאַ, דו שרעקסט זיך פאַרן טייוול, דו פייגלינג איינער!

**בערל:** לאָמיר נעמען ביידע גלייך.

**יאַנקאַ:** גוט, אַליע האָפּ! (האַלטן אָפּ. קוקן זיך אָן פאַרדעכטיק). נו, איינס, צוויי, דריי. (ביידע עסן. בערל צו ביסלעך, מיט שרעק, מאַכט

זויערע גרימאַסן; יאַנקאָ שלינגט איין די גאַנצע לעפל). **באַר די גאַנצע לעפל, בערעלע!**

בערל: **אוי, ביטער! עס ברענט! פוי... פוי...**

יאַנקאָ: **יאָ, עס ברענט, ביטער! זיס!... בערעלע, נאָך צו לעפל. מען דאַרף עס מאַכן אויף זיכער. אַז שטאַרבן — זאָל זיין געשטאָרבן...** (יאַנקאָ נעמט אַן נאָך אַ פולע לעפל. בערל, אַ צעשראָקענער, קרימט זיך, בלאָזט פון זיך). **דו, בערל, אויך, — ניט קיין סלעקער.** (בערל נעמט אַן אַביסל. ביידע עסן. בערל קאָרטשעט זיך, שטעלט דאָס טעפעלע צוריק וואו ער האָט עס געפונען און גייט צו צו דער סאָפע.)

בערל: **אוי, עס ברענט ביי מיר! גאָטעניו, שיק מיר דעם טויט וואָס שנעלער!** (ער האַלט די הענט אויפן בויך און דרייט זיך אין קראַמפן.)

יאַנקאָ: **ביי מיר, בערל, ברענט שוין אויך אין האַלדז. גוד־באַי, בערל! גוד־באַי, קאַטערינקע! — סט'שוין באַגיין זיך אַן יאַנקאַן, אויס יאַנקאָ. געווען אַ יאַנקאָ און נישטאָ מער קיין יאַנקאָ. פוי, ביטער! זיס! פייער! לעשט!...** (ער האַלט די הענט אויפן בויך). **בערטשיק, טייערער, לאָמיר זיך צוקושן פאַרן טויט.** (ער גייט צו און קושט בערלען). **גוד־באַי, בערעלע, גוד־באַי! פאַרגיב מיר, וואָס איך האָב דיר קיין דירה־געלט ניט געצאָלט!**

בערל: **איך שטאַרב!... איך זע שוין די יענע וועלט!... אוי, איך פלי...** (בערל ציט זיך אויס אויף דער סאָפע.)

יאַנקאָ: **איך זע שוין דעם זיבעטן הימל. איך זע שוין ווי די מלאכים טאַנצן און זינגען...** (ער זינגט מיט אַ שיכורער הייזעריקער שטימע: „גלאָרי הללויה..." ער זעצט זיך אויפן דיל. **שפּרינצע** קומט אַן.)

שפּרינצע: **וואָס טוט זיך דאָ?...** (קוקט זיך אַרום). **אַהאַ, דער שיכור איז שוין ווידער דאָ! — מען האָט זיך שוין ווידער אָנגעטרונקען. אַרויס פון מיין שטוב, שיכורים, פוסטעפּאָסניקעס, ליידאַקעס! שוין זאָלט איר אַרויס פון מיין הויז! אייער פוס זאָל דאָ מער ביי מיר ניט זיין!...**

בערל: **שריי ניט, שפּרינצעלע, איך בין פאַרביי... — איך ברען!... דער קאָפּ ברענט ביי מיר! די קישקעס ברענען... אוי, איך ווער פאַר־סאַרפּעט!...**

יאַנקאָ: **ביי מיר ברענט אויך, באַלעבאָסטע — ס'ברענט!**

בערל (פאַטשעט זיך איבערן בויך): **אָט דאָ ברענט. איך בין פאַרביי... זיי מיר מוחל, שפּרינצעלע, — איך פאַר... איך פאַר...**

**יאַנקאַ:** איך פאָר אויך. איך פאָר אויך. אַ גוטן, באַלעבאַסטעניו — איך פאָר שוין פון איך אַוועק אויף אייביק. (ער זינגט שטיל: „גלאָרי הללויה...״)

**שפרינצע:** איר זייט אַפּנים משוגע געוואָרן. (טאַפּט בערלען דעם קאָפּ.) ער רעדט פון היץ. זאָג, וואוהין פאָרסטו, בערל?

**בערל:** איך פאָר אויף יענער וועלט, צו מיין טאַטע־מאַמע און צו מיין זיידע־באָבע. איך פאָר... איך פאָר...

**יאַנקאַ:** איך פאָר אין אַ גאָלדענער קאַרעטע מיט זעקס פייערדיקע פערד און אַ מלאכטע איז די שמייסערין.

**שפרינצע:** גוואַלד, בערל! וואָס האָסטו געטאָן? וואָס איז דיר געשען?

**בערל:** אויס בערל, נישטאָ מער קיין בערל. בערל איז שוין גע־שטאָרבן. איך האָב זיך פאַרסמט.

**יאַנקאַ:** איך אויך. (פּאַטשט זיך אין ברוסט). איך האָב זיך אויך פאַרסמט. איך דאַרף שוין איצט אויף כפרות אייער גאַסן קעלער. די קאַטערינקע דאַרף איך אויך ניט.

**שפרינצע:** ווי און ווינד איז מיר! — זיי האָבן זיך פאַרסמט. (אַ נערוועזע הויבט זי אָן אַרומלויפן איבערן צימער, ברעכט זיך די הענט.)

**בערל:** אוי, עס ברענט... איך בין פאַרביי... איך שטאַרב... איך גוסס!

**יאַנקאַ** (ציט זיך אויס אויפן דיל): איך שטאַרב שוין אויך... איך זע שוין ווי דער מלאך המות שאַרפט זיין מעסער. (ער שלאָפט איין.)

**שפרינצע** בלייבט שטיין אין מיטן צימער): וואָס זאָל איך איצט טאָן?... (שרייט) גוואַלד, יידן, העלפט! ראַטעוועט!... (זי גייט צו צו בערלען, גלעט אים). מיין טייערער, מיין ליבער בערטשיק, וואָס האָסטו געהאַט צו מיינע יונגע יאָרן? וואו וועל איך מיך איצט אַהינטאָן?... ווי און ווינד איז מיר!...

**בערל:** זיי שטיל, שפרינצעלע, — לאָז מיך שטאַרבן רואיק. וויין ניט. זיי מיר מוחל!... איך האָב איינגענומען סם.

**שפרינצע** (יאָמערט): אויף וועמען לאָזסטו מיך איבער, מיין גוטער, מיין האַרציקער בערעלע?... ווי איז צו מיינע יאָרן! — איך וועל דאָך בלייבן אַ וויסטע אלמנה. (זי פאַרטראַכט זיך אויף אַ וויל, לויפט און

בערנגט אַ פלאַש מילך, גיסט עס בערלען אין מויל; ער ווערט זיך). **טרינק דאָס מילך, זאָג איך דיר!**

בערל: **אוי, איך ברען!... לאָז מיך שטאַרבן רואיק. איך וויל מער ניט לעבן... צוויי לעפל סם האָב איך איינגענומען.**

שפּרינצע: **בערעלע, טייערער, ליבינקער, וואו האָסטו גענומען סם?**

בערל: **גענומען, — דאָרט אין יענעם טעפּעלע...** (ער ווייזט אָן אין ווינקל.)

שפּרינצע (לויפט צו צום טעפּעלע מיט די דזשעלי, זעט — ס'איז כמעט ליידיק, הויבט זי אָן צו שרייען): **גזלנים! פּרעסער! זויפער, אַ בראָך צו אייערע ביינער! איר האָט דאָך מיר אויפגעגעסן דאָס גאַנצע טעפּעלע מיט איינגעמאַכטס!... ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז זיי וועלן עס אויפפרעסן. איך האָב אומיסטן געזאָגט אויף שפּאַס, אַז עס איז סם פאַר די מייז, כדי די מנובלים זאָלן ניט אָנרירן דאָס איינגעמאַכטס...**

בערל (הויבט זיך אויף): **האַ? וואָס אַזוינס האָבן מיר אויפגעגעסן? איינגעמאַכטס גאָר — און ניט קיין סם?**

שפּרינצע (קוקט ווידער אין טעפּעלע): **אוי, אַ קלאָג איז מיר! — דאָס גאַנצע איינגעמאַכטס האָבן זיי אויפגעפרעסן!... אַז אויפפרעסן זאָל שוין אייך דער מלאך המות!** (צו בערלען) **אַז באַגראָבן זאָל איך שוין דיך, אומגליק מיינער!** (צו יאַנקאָן, קלאַפּט אים מיטן פּוס) **אַרויס פון דאַנען, פּיאַניצע, שיכור! — דיין פוס זאָל דאָ מער ביי מיר ניט זיין!**

בערל (ווערט רואיק, גייט צו צו יאַנקאָן, וועקט אים פונעם שלאָף): **שטיי אויף, יאַנקאָ! עס איז ניט געווען קיין סם.**

יאַנקאָ (רייבט זיך די אויגן): **האַ?... וואָס? נאָך אַלץ ניט גע־שטאָרבן?**

שפּרינצע: **אַז אויסקייקלען זאָל אייך די כאָליערע כאָטש היינטיקן טאָג! אַז אויסשפּייען זאָלט איר אויף אָן אמת, גאָטעניו האַרציקער!**

בערל: **מיר האָבן זיך אָנגעגעסן גאָר מיט איימגעמאַכטס.**

יאַנקאָ: **איינגעמאַכטס גאָר? — ניט קיין סם?** (שטעלט זיך אויף). **הייסט עס, היינטיקס מאָל איז עס ניט געלונגען?**

בערל: **ניט געלונגען, ברודערקע, ניט געלונגען...**

(פאָרהאַנג)

1929

# די מאָלערין

(איינאַקטער)

פּערזאָנען:

ראָזאַליאַ ווהייט
בערנאַרד ראָלאַנדאָ
באַלעבאָסטע

מיסטער ווהייט
מאָסיע שערידאַן
פאָטאָגראַפערס

אָרט: אַ פאַרוואָרפן אָרעם באָהעם־געגנט אין ניו־יאָרק.
צייט: פרילינג. פרימאָרגן.

אַ גרויס אַלטמאָדיש צימער. די ווענט באַהאַנגען מיט פּאָרטרעטן, לאַנדשאַפטן, ניודן, עטלעכע פאַרבן־ברעטלעך. אייניקע בילדער זיינען איבערגעדעקט. אין הינטערגרונט צוויי טירן. די רעכטע טיר פירט צום אַריינגאַנג, די לינקע—צו די איבעריקע צימערן. רעכטס—איין אָרעם דרעסער. אויפן דרעסער אַביסל כלים, אַ קעראָסין־אויוועלע. אויף דער וואַנט ביי דער טיר הענגען פרויען־קליידער, איבערגעדעקט מיט אַ ווייסן ליילעך; אַ גרויסער אָוואַל־שפּיגל. לינקס — צוויי פענצטער. ביי איין פענצטער געפינט זיך אַ טישל, אויף וועלכן עס ליגן אין אָרדענונג ביכער, שרייב־געצייג; ביים צווייטן פענצטער — אַ רייך, פאַרבעט בעטל. אין מיטן צימער — אַ שמאָלער טיש, אויף וועלכן עס ליגן „טיובס" מיט פאַר־שיידענע פאַרבן, פּריש־אויסגעוואַשענע פענזלען, אַ פאַרבן־ברעטל. דערביי אַ הילצערנער „איזל" (מאָל־ברעט), אויף וועלכן עס געפינט זיך אַ בילד אין דער אַרבעט; אַ פּאָר אַלטע בענקלעך. אין מיטן צימער הענגט אַן אַלטמאָדישער גאַז־רער. די גאַנצע אויסשטאַטונג, כאָטש אַן אָרעמע, דאָך שאַפט עס אַ קינסטלערישע אַטמאָספערע. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, שטייט ראָזאַליאַ ביים „איזל" און מאָלט. זי זינגט צו אין דער שטיל אַ פּאָפּולערע אַריע פון אַן אָפּערע... מען קלאַפּט.

ראָזאַליאַ: קאָם איך. (עס קומט אַריין ראָלאַנדאַ, אַן אויפגעלייגטער, מיט אַ קליין פּעקעלע אין האַנט.)

ראָלאַנדאַ: גוט מאָרגן, ליבע ראָזאַליאַ!... איר אַרבעט שוין? אַ, איר זייט אַזוי פלייסיק. (קוקט זיך צו צום בילד מיט פאַרוואונדערונג). אָט דאָס איז די סקעטש, וואָס איר האָט געצייכנט ביים האָדסאָן ריווער לעצטן פרייטיק?... שיין, וואונדערבאַר־שיין!... זעט נאָר, ווי נאַטירלעך און לעבעדיק עס שפּיגלען זיך אָפּ די גאָלדענע שטראַלן אין די האַלב־פאַרחלומטע וועלן פון האָדסאָן!... די טיפע בלוי־גרין פאַרב מאַכט דעם הימל מיט די וואָלקנדלעך אויסזען צויבערלעך, פריש...

ראָזאַליאַ: עס פרייט מיך, וואָס כאָטש איך געפעלן מיינע בילדער.

ראָלאַנדאַ (דערמאָנט זיך עפּעס): נו, און וואָס הערט זיך עפּעס וועגן ברעקפעסט? שוין געגעסן?

ראָזאַליאַ (פאַרשעמט): דערווייל נאָך ניט.

ראָלאַדאַ: וואָס, מאַסיע שערידאַן האָט אייך נעכטן ווידער גאָר־נישט געגעבן?

ראָזאַליאַ: איך וועל נאָך ניט איין פאָר שיך צעררייסן, ביז איך וועל ביי דעם דורכגעטריבענעם פראַנצויז די אַכציק דאָלער אויסמאָנען.

ראָלאַנדאַ: וואָס פאַר אַן אומפאַראַנטוואָרטלעכער יונג דאָס איז!... נו, צום טייוול מיט די אַלע הענדלער!... איך האָב עס אָבער פאָראויסגעזען און טאַקע מיט זיך מיטגעבראַכט עפּעס צום עסן. גיט, ליבע ראָזאַליאַ, טעלער, מעסער, גאָפל. (ראָלאַנדאַ נעמט פאַנאַנדער געשווינד דאָס פּעקעלע. נעמט אַרויס בולקעלעך, וואורשט, פּיקלס, שלעפּט אַרויס אַ פלאַש ביר פון הויזן־קעשענע, עפנט עס... ראָזאַליאַ מאַכט פּלאַץ ביים ברעג פון שמאָלן טיש, דעקט עס איבער מיט אַ ריינער סערוועטקע, ברענגט געשיר... זיי עסן, טרינקען.)

ראָזאַליאַ: זאָגט מיר, איך בעט אייך, ראָלאַנדאַ, פון וואַנען קומט צו אייך מיטאַמאָל אַזוי פיל געלט?

ראָלאַנדאַ (שפּאַסיק): עס האָט מיר נעכטן ווידער געשען אַ גליק.

ראָזאַליאַ: אייך טרעפן שטענדיק גליקן.

ראָלאַנדאַ: נו, אָט זעט איר דאָך... לעצטע וואָך אַ גליק, היינטיקע וואָך ווידער אַ גליק.

ראָזאַליאַ: דערציילט שוין וואָס איז געשען!

ראָלאַנדאַ: ווי איר ווייסט, שלעפּ איך זיך לעצטנס אַרום אַן אַ

סענט. ביטאָ אַפילו קיין קליינגעלט אויף סיגאַרעטס. מיטאַמאָל פאַלט מיר איין אַ געדאַנק און איך מאַרשיר מיר אַוועק גלייך אין טעאַטער־דיסטריקט אַריין. אַרום דער פינף־און־פערציקסטער גאַס שטעלט מיך אָפּ אַ גראָבער איירישמאַן און באַט מיר אָן צו זיין אַ „סופּער" אין אַ וואָדעוויל. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך ניט אָנטזאָגט. נאָך דער פאַרשטעלונג האָב איך באַקומען אַ גאַנצן דאָלער מיט אַ האַלבס. נו, ווי געפעלן אייך עפּעס מיינע גליקן?

ראָזאַליאַ: שוין איין מאָל גליקן!... לעצטע וואָך האָט איר געדרייט אַ קאַרוסעל, היינטיקע וואָך — אַ „סופּער" אין אַ וואָדעוויל. דערציילט כאָטש, וואָס פאַר אַ ראָל האָט מען אייך איינגעטיילט.

ראָלאַנדאָ (אילוסטרירט וואָס ער דערציילט): איך האָב געשפּילט די ראָל פון אַ ציגײַנער. מען האָט מיך אויסגעפּוצט אין אַן אַלטן גלחישן מאַנטל, אויפן קאָפּ האָט מען מיר אַרויפגעשטופּט אַ שוואַרץ, פלאַטשיק, רונד קאַפּעליוש, צו וועלכן עס איז געווען צוגענייט אַ פערדישער עק. אין די הענט האָט מיר דער גראָבער איירישמאַן אַריינגעשפּאַרט אַ פּאָר מעשענע טאַצן. עטלעכע מאָל לויף איך דורך די בינע מיט די געווייַנלעכע קלייניקע ציגײַנישע טריט און מאַך אָן אַ גרויסן טומל מיט מיינע טאַצן.

ראָזאַליאַ: הויכע קונסט! (זיי לאַכן ביידע.)

ראָלאַנדאָ: איין נומער איז מיר גראָד זייער געפעלן געוואָרן. אַ יונג, בלאָנד מיידל מיט אַ ליאַלקע אין די הענט האָט מיט אַ זיס, קלינגענדיק שטימעלע וואונדערבאַר־שיין געזונגען אַ געוויסן לולו־באַי סאָנג". (ער זינגט, ראָזאַליאַ זינגט מיט: „אָה, מאַי בעבי, מאַי דאַרלינג ליטל בעבי, יור פאַדהער איז עי וואָרקינגמען, איז וואָרקינג אָל פאָר יו"... עס קומט אָן פון די אינעווייניקסטע חדרים אַ פאַרשמאַלצענע, דיקע, באַיאָרנטע פרוי.)

באַלעבאָסטע (בייז): שוין פאַרטאָג זינגט מען ביי ב׳אייך?... (באַטראַכט דעם טיש מיט עסנוואַרג). און וואָס וועט זיין מיט רענט, מיס ווהייט? שוין באַלד זעקס וואָכן, אַז איר האָט קיין פעני ניט געגעבן... בישקשה, אויף גוטע מאַלצייטן געפינט זיך ביי ב׳אייך און אויף דירה־געלט איז ניטאָ!

(ראָלאַנדאָ הערט זיך צו און זינגט אין דער שטיל, אויף צו־להכעיס.)

ראָזאַליאַ: איר דאַרפט זיך, מיסעס, ניט שרעקן, — איך וואוין שוין ביי ב׳אייך זעקס חדשים און איך האָב דאָך ביז אַהער געצאָלט...

באַלעבאָסטע (שלאָגט איר איבער, בייז): איך וויל פון גאָרנישט

װיסן... איך װיל מײן רענט! אַניט, זאָלט איר נאָך הײנט זיך אַרױסציען פון דאַנען. און אױב איר װילט, קאָן איך אײך אָנזאָגן אַ בעסערע בשורה, — איך האָב שױן דעם צימער פאַרדונגען צו אַן אָנשטענדיקן באָרדער, צו אַ הענדלער פון זױערע פיקלס; און אַ פּיקלמאַן, פאַרשטײט איר מיך, איז ניט קײן פּיקטשע־מאַכערס, קבצנים, שלעפּערס. און איך קריג נאָך דערצו מיט צװײ דאָלער אױפן חודש מער.

ראָלאַנדאָ: איר האָט, מיסעס, אַ גאָלדענעם מױל, — עס שיטן זיך פון אים ממש פּערל.

ראָזאַליאַ (דערשלאָגן): איר האָט מיר עס געדאַרפט אָנזאָגן כאָטש מיט עטלעכע טעג פאָראױס. זאָל איך נעכטיקן אין גאַס?!...

באַלעבאָסטע (מיט געשריי): עס איז ניט מײנע ביזנעס. אַז איר צאָלט ניט קײן רענט, איז נישטאָ קײן צימער! איר הערט? הײנט נאָך זאָלט איר פון דאַנען מופן!...

ראָלאַדאָ (מיט גרימאַסן און מיט דעם ניגון פון „יור פאַדהער איז עי װאָרקינגמען"): מיר װעלן זיך נאָך מײשב זײן, איר אַלטע מאַרק־פרױ...

באַלעבאָסטע: מיט אײך, פּיקטשע־מאַכער, רעד איך ניט!... מיט אײך האָב איך ניט קײן ביזנעס... אַרױסמופן זאָלט איר, שלעפּערס, באָר־װעסע, אָפּגעריסענע! (אָפּ. זי גיט נאָך זיך אַ שטאַרקן קלאַפּ מיט דער טיר.)

ראָזאַליאַ: גײי מוף, — און דאָ בין איך אָן אַ סענט געלט.

ראָלאַנדאָ: נאַר ניט געזאָרגט, ליבע ראָזאַליאַ, — מיר װעלן נאָך הײנט געלט קריגן.

(פּאַוזע. ראָלאַנדאָ רױכערט.)

ראָזאַליאַ: איך װעל זײן געצװאונגען צו פאַרקױפן מײן ליבלינג: „דער פרילינג פון לעבן". מען גיט שױן מיר פאַר דעם פינף און זיבעציק דאָלער.

ראָלאַנדאָ: אַלץ יאָ, און דאָס ניט. אַזאַ פּראַכטפולע מײסטערװערק פאַרקױפן!... איר זאָלט דאָס, ראָזאַליאַ, ניט װאַגן צו טאָן. איך בין זיכער, אַז דאָס בילד פאַרדינט צו שטײן אין די זעלבע רײען מיט די פײנסטע פּראָדאָקשאָנס פון די גרעסטע מאָלער...

ראָזאַליאַ: אַ סך פון אונדזערע פאַרדינען אָנערקענונג — און דאָך, די גרעסטע טײל אַרבעטן אַלס פאָטאָגראַפערס און מאָלן מענטשעלעך אין די קאָרידאָרן. (זי ראַמט אױף פון טיש.)

ראָלאַנדאָ: יאָ, די לאַגע פון דעם מאָלער איז װירקלעך זײער אַ

טרויעריקע. די רייכע האַלטן עס פאַר אַ ספּאָרט־זאַך און ניט מער. קיין אמתן אינטערעס אין קונסט האָבן זיי ניט. און די מאַסן האַלטן עס פאַר אַ לוקסוס. אויף אַלץ וועט דער דורכשניטלעכער בירגער אויסברענגען געלט, אָבער ניט אויף בילדער.

ראָזאַליאַ: יאָ, אַזוי איז עס.

ראָלאַנדאַ: נו, און פון דער אַקאַדעמיע האָט איר שוין עפּעס געהערט?

ראָזאַליאַ: איך האָב שוין אויפגעגעבן די האָפענונג — מסתמא דורכגעפאַלן.

ראָלאַנדאַ: און איך דענק גראָד, אַז איר וועט געווינען דעם „פּרי דע ראָם", ווייל פון אַלע סטודענטן, וועלכע זיינען צוגעלאָזן געוואָרן צום האַיאָריקן קאָנטעסט, זייט איר זיכער די טאַלאַנטפולסטע... אָבער איצט, ראָזאַליאַ, אַז איר האָט שוין גענענדיקט די אַקאַדעמיע, וועט איר זיך דאַרפן דערווייטערן פון דעם שטייפן, באַשיידענעם, אַקאַדעמישן טאָן...

ראָזאַליאַ: לאָזט מיך, פריינט ראָלאַנדאַ, זיין טריי צו זיך אַליין... איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב ניט ליב קיין געקינצלטע עפעקטן, און אַרויפשלעפּן אויף זיך מיט גוואַלד די מאָדע פון מאָדערניזם וויל איך ניט.

ראָלאַנדאַ: אָבער די וועלט, ראָזאַליאַ, שטייט דאָך ניט אויף איין אָרט. מענטשן דאַרפן אַלעמאָל זוכן נייע וועגן, נייע ריכטונגען, נייע פאָרמען.

(עס דערהערט זיך אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר. די באַלעבאָסטע קומט אַריין מיט געפּעק אין די הענט, שטעלט עס אַוועק.)

באַלעבאָסטע: אָט האָט איר שוין די זאַכן פון מיין נייעם באָרדער. היינט נאָך זאָלט איר זיך אַרויסציען! ווייל היינט אָוונט וועט שוין דאָ נעכטיקן מיין נייער באָרדער, דער פּיקלמאַן. (באַלעבאָסטע אָפּ.)

ראָלאַנדאַ (טרויעריק, כאַפּט זיך אָזש ביים קאָפּ, רעדט ווי צו זיך): אַי, שלעכט...

ראָזאַליאַ (ווייזט אָן אויף דעם געפּעק פון נייעם באָרדער): אָט האָט איר אייך מאָדערניזם, דעקאַדענץ, פוטוריזם, עקספּרעסיאָניזם! איז דאָס אויך מאָדערניזם?

ראָלאַנדאַ: ניין, דאָס איז שוין אולטראַ־רעאַליזם. נאָר וואָלט דאָס כאָטש געווען אַ זיסער רעאַליזם, — איז דאָס גאָר אַ זויערער פּיקלמאַן.

ראָזאַליאַ: וואָס טוט מען איצט?

**ראָלאַנדאָ: וויסט איר וואָס, ראָזאַליאַ? פּרובירט פּאַרקויפן דעם פּאָרטרעט, וואָס די אַלטע פּריצטע האָט אייך צוגעוואָרפן, — אָט דעם מיטן גרינעם קלייד און רויטן שירעם אין האַנט.**

**ראָזאַליאַ: מיטן גרעסטן פאַרגעניגן.** (זי זוכט אויף דאָס בילד, גיט עס ראָלאַנדאָן.)

**ראָלאַנדאָ: בילדער מיט שרייענדיקע קאָלירן גלייכט מאָסיע שערידאָן. איך וועל פאַר דעם קריגן צוואַנציק אָדער פינף און צוואַנציק דאָלער.** (ער וויקלט איין דאָס בילד אין פּאַפּיר). **און אויב איך וועל עס ניט פאַרקויפן, וועל איך פאַרמשכונען מיין ווינטערדיקן מאַנטל און מיין וויאָלאָנטשעל, אָבער געלט וועל איך ברענגען... נאָר ניט געזאָרגט, ליבע ראָזאַליאַ! ווי זאָגט מיין פּראָפעסאָר? — אַ קינסטלער מוז געדולד האָבן.**

(ראָלאַנדאָ וויל אָפּגיין. עס קומט אים אָן ביי דער טיר אַ גראָבלעכער קליינשטעטלדיקער סוחר. ער טראָגט אַ שירעם אין איין האַנט און אַ קליין פּעקל אין דער צווייטער האַנט. זיי באַטראַכטן זיך איינער דעם אַנדערן. ראָלאַנדאָ אָפּ.)

**ראָזאַליאַ: אַה, פּאַטער! דו ביסט שוין ווידער אין ניו־יאָרק?** (זי טראָגט אים אונטער אַ בענקל.) **זיץ, פּאַטער!**

(ער זעצט זיך, קוקט זיך אַרום, ווישט דעם שוויס פון שטערן. ראָזאַליאַ נעמט ביי אים צו דעם שירעם.)

**וואַהייט: אַ פיין צימער האָסטו זיך אויסגעקליבן! מען קאָן צעברעכן האַלדז און נאַקן ביז מען דערקלעטערט זיך אַהערצו... ס'געהערט, אַ מענטש פאַרקלייבט זיך אַזש אויפן הימל!...** (ער גיט ראָזאַליאַן אַ פּעקל). **נאָ, דאָס האָט דיר די מאַמע געשיקט עפּעס עסנוואַרג, נאַשעריי... אַ שלעכטע מאַמע, אַ שלעכטע מאַמע און דאָך פאַרגעסט זי ניט, ווען איך פאָר אין ניו־יאָרק, דיר עפּעס צו שיקן. נו, דערצייל, וואָס מאַכסטו, טאָכטער? ווי גייט עס דיר?**

**ראָזאַליאַ: אָט ווי דו זעסט... וואָס מאַכט די מאַמע? די קינדער?**

**וואַהייט: די קינדער וואַקסן, אַ דאַנק גאָט. דו וואָלסט זיי גאָרניט דערקענט... מאַרדזשי איז שוין אַ גאַנצע ליידי... דו ווייסט? זי גייט דאָך אויס מיט סידני דזשעקסאָן. עס וועט ביי זיי זיין אַ שידוך... די מאַמע עלטערט זיך שטאַרק, הוסט, קרענקט... און די געשעפטן ביי מיר אין האַרדוועער־סטאָר איז אויך ניט אָמבעסטן: מען בויט ניט קיין הייזער, איז ניטאָ קיין לייזונג. אָבער אַ לעבן, אַ דאַנק גאָט, מאַכט מען...** (ער

רויכערט, קוקט אויף די ווענט.) נו, און דו מאָלסט נאָך אַלץ מענטשעלעך, הינטעלעך און קעצעלעך?...

ראָזאַליאַ: יאָ.

וועהייט: אַזוי, דו קאָנסט זיך נאָך אַלץ די נאַרישקייטן פון קאָפּ ניט אַרויסשלאָגן! אַי, אַי, טאָכטער! שוין צייט דיר צו ווערן אַ מענטש מיט מענטשן גלייך... ווען מען איך דערצייל, אַז דו פאַרנעמסט זיך מיט מאָלן פּיקטשעס, לאַכט מען מיך אויס.

ראָזאַליאַ: און מיר געפעלט גראָד מיין באַשעפטיקונג.

וועהייט: וויסן זאָלסטו, ראָזאַליאַ, אַז דו ביסט שוין ניט מער קיין קינד. מען דאַרף שוין אָנהויבן טראַכטן וועגן אַ תכלית... דו ווייסט? — עס מאַכט זיך איצט פאַר דיר אַ גוטער שידוך; צוליב דעם בין איך טאַקע געקומען. ווילי גימפּעל, דער רויטער, האָט געעפנט אויף מיין סטריט אַ גרויסע וואורשט־סטאָר... נו, האָט ער געלאָזט וויסן, אַז ער וואָלט מיט דיר געוואָלט חתונה האָבן. (ראָזאַליאַ שמייכלט). ער זאָגט, אַז ער איז אין דיר פאַרליבט זינט איר זייט געגאַנגען צוזאַמען אין „האַי־סקול“... אַזאַ יאָר אויף מיר — עס איז אַ וואוילער שידוך, אַ טייערער שידוך!... אַ רייכער באַי, אַ שטילער באַי, געמבלט ניט... דו ווייסט? — זיין טאַטע טרינקט שוין ניט מער: דער דאָקטער האָט אים שטרענג פאַר־באָטן צו פאַרזוכן דעם ביטערן טראָפּן... ביז וואַנען טאַקע וועסטו זיצן? דו ביסט שוין באַלד דריי און צוואַנציק יאָר אַלט. קום, ראָזאַליאַ, פאָלג מיך, פאַר אַהיים. ביי אונדז איז שטיל, רואיק און דאָ איז שמוציק און טומלדיק, און דערצו אַזאַ וואוילער באַי, ווי ווילי גימפּעל!...

ראָזאַליאַ: פאַרשפּאָרט דיר צו רעדן, פאָטער. איך וועל אַהיים ניט פאָרן, און חתנים זוכן פאַר מיר דאַרפט איר אויך ניט. איך וועל מיין שטעטל אַליין באַשטיין.

וועהייט (דערצאָרנט): אַזוי ענטפערט מען אַ טאַטן? אַזוי! דו קאָנסט דיין שטעטל אַליין באַשטיין?... איך זע גאָרניט, וואָס פאַר אַ שיינע יונגען עס דרייען זיך לעבן דיר אַרום!... (ווייזט אָן אויף דער טיר). אויך אָן אָפּגעריסענער, מסתמא מאַכט ער אויך פּיקטשעלעך און שטאַרבט דריי מאָל אַ טאָג פון הונגער. איך פרעג דיך נאָר, וועד דאַרף היינטיקע צייטן אָט די הינטעלעך און קעצעלעך? און טאָמער קויפט שוין יאָ אַמאָל איינער אַ משוגענער אַ פּיקטשע, איז ער שוין פאַרזאָרגט אויפן גאַנצענעם לעבן; אָבער אַזאַ געשעפט ווי ווילי גימפּעל האָט, וואו מען קריגט חזיר־פלייש,

פאַרשיידענע וואורשטן, „קענד גודס", אַלע סאָרטן הערינג און זויערע פּיקלס...

ראָזאַליאַ (שלאָגט אים איבער): נו, נו... איך האָב עס היינט אַ טאָג פון זויערע פּיקלס!... (שמייכלט.) אַזוי! זויערע פּיקלס פאַרקויפט ער אויך?

ווהייט: יאָ, זויערע פּיקלס און זיסע פּיקלס, פאַרשיידענע סאָרטן, קליינע און גרויסע.. דו האָסט געדאַרפט אָנקוקן אַ סטאָר? שוין איין מאָל אַ געשעפט, פונקט ווי אין ניו־יאָרק. היינט האָסטו געדאַרפט זען, ווי מען שטייט ביי אים אין ליין...

ראָזאַליאַ: עס איז איבעריק, פאָטער, דיינע רייד. איך וועל צוריק אין שטעטל ניט פאָרן און מיט ווילי גימפּעל און זיינע זויערע פּיקלס וועל איך ניט חתונה האָבן... שוין צייט, אַז איר זאָלט מיך פאַרשטיין. דאָרטן, ביי אייך, איז מיר ענג. דאָ האָב איך מיר מיין געזעלשאַפט — פיל איך מיר גוט און פריי.

ווהייט: זאָג אַליין, קען מען זיך מיט דיר צוזאַמענרעדן? ביי אונדז אין שטעטל איז דיר ענג, און דאָ אין ניו־יאָרק, וואו מענטשן וואויבען אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ, איז דיר פריי... איך זע שוין, איך וועל מיט דיר גאָר־ניט מאַכן. איך וועל בעסער שיקן דער מאַמען, — זי וועט שוין דיר באַווייזן, ווי ניט פאָלגן־טאַטע־מאַמע!... זי וועט זיך שוין מיט דיר אָפּ־רעכענען!...

ראָזאַליאַ: אַך, פּאַפּאַ, איך בין שוין ניט מער קיין קינד. עס איז שוין צייט, אַז איר זאָלט מיך לאָזן צורו...

ווהייט (אויפגערעגט, הויבט זיך אויף, נעמט זיין שירעם): אַט אַזוי רעדט מען צו אַ טאַטן? (שרייט און קלאַפּט מיטן שירעם.) וואַרט, באַרעלע, דו וועסט נאָך חרטה האָבן!... דו וועסט נאָך זיך קומען בעטן ביי אונדז... קיין סענט געלט וועל איך דיר ניט געבן... ס'געפעלט דיר ניט טאַע־מאַמע, טאָ פלאָג זיך!... (באַלעבאָסטע קומט אַן.)

באַלעבאָסטע: וואָס איז דאָס דאָ פאַר אַ געשרייען?

ווהייט (צו דער באַלעבאָסטע): ס'איז גאָר ניט. ס'איז גאָר ניט. (צו ראָזאַליאַן) וואַרט, וואַרט, דו וועסט נאָך חרטה האָבן!... וואָס אַרט דיך, מאָל, מאָל... מאָל מענטשעלעך, מאָל הינטעלעך, מאָל קעצעלעך!... מאָל! אַט אַזוי ווילסטו אָפּלעבן אַ וועלט? אַרומשלעפּן זיך מיט אָפּגעריסענע, מיט קבצנים, מיט גאָרנישטן?...

באַלעבאָסטע: נו, הערט שוין אויף!

ווהייט (צו דער באַלעבאָסטע): באַלד, באַלד... (צו ראָזאַליאַן) מיר וועלן נאָך זען! מיר וועלן נאָך זען!... וואָס מיינסטו, איך וועל דיר שווייגן, מיינסטו?... איך בין נאָך אַ טאַטע!... איך פאָר שוין אַהיים, — און אַזוי ווי דו זעסט, קום איך גלייך צוריק מיט דער מאַמען. און זי וועט דיר ערשט ווייזן, וואָס אַזוינס אַ טאַטע, אַ מאַמע...

באַלעבאָסטע: מיסטער, איר הערט אויף, צי ניט?

ווהייט: גוד־באַי! (ער גייט געשווינד אָפּ. ראָזאַליאַ, אַ פאַר־צווייפלטע, קוקט אים נאָך. קליינע פאַוזע.)

באַלעבאָסטע: נו, וואָס וועט זיין, מיס ווהייט, מיט די צוועלף דאָלער, וואָס איר זייט מיר שולדיק?... איר וועט זיין אַזוי גוט און איר וועט מיר איבערלאָזן אייער קישן און די ווינטערדיקע בגדים, ביז איר וועט מיר אויסצאָלן דאָס גאַנצענע געלט, — ווייל איך קען אייך שוין צו גוט, חברה אַרטיסטן: איר האָט נאָר ליב אָנצונעמען, אָבער ניט צו באַצאָלן.

ראָזאַליאַ: איך וועל אייך איבערלאָזן מיינע בעסטע בילדער אַלס משכון.

באַלעבאָסטע: וואָס?... בילדער?... ווער דאַרף עס? דאָס איז ניט ווערט קיין פעני. פיקטשעס מאַכן נאָר אַן שמוץ אין הויז... געדענקט־זשע, מיס ווהייט, איך דאַרף ניט אייערע פיקטשעס. אַ קישן זאָלט איר מיר איבערלאָזן, אַ קישן! (באַלעבאָסטע אָפּ. עס דערהערן זיך שנעלע טריט. ראָלאַנדאָ לויפט אַריין אַ פאַרסאָפּעטער.)

ראָלאַנדאָ (זייער אויפגעלייגט): געבראַכט, געבראַכט! גאַנצענע פערציק דאָלער געבראַכט!

ראָזאַליאַ: טאַקע?!

ראָלאַנדאָ: איך ווייס ניט, וואָס אַזעלכעס איז היינט געשען מיט מאָסיע שערידאַן. ער איז געווען אַזוי גוט צו מיר. ווי נאָר ער האָט דערהערט, אַז ער איז אייערס אַ בילד, האָט ער מיר עס גלייך געהייסן באַווייזן. ער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו אייער אונטערשריפט און האָט אויסגעשריען: „אָט דאָס איז קונסט! אָט דאָס איז סחורה!" איך זע, אַז מאָסיע שערידאַן איז אַזוי באַגייסטערט, בעט איך ביי אים אויס פופציק דאָלער. ער רעדט ניט קיין וואָרט און באַצאָלט מיר גלייך פערציק דאָלער

און פרעגט מיך, אויב ער קאָן אייך טרעפן אין הויז, ווייל ער וויל באַלד צו אייך קומען.

ראָזאַליאַ: זעט איר ווי זיי פאַרשטייען קונסט? — אַ דאַמע אין אַ גרין קלייד, שוואַרצן הוט און רויטן שירעם איז ביי זיי קונסט...

ראָלאַנדאַ: עס פאַרדריסט מיך, וואָס איך האָב אים שוין פאַראייִנס ניט געבעטן צו באַצאָלן אייך דעם חוב אויך.

ראָזאַליאַ: איך וועל שוין דערווייל האָבן גענוג.

ראָלאַנדאַ: נו, זעט איר שוין, ראָזאַליאַ, אַז מען טאָר ניט פאַרלירן די האָפענונג.

(עס דערהערט זיך אַ פייפעריי פון בריוו-טרעגער און אַן אויסגעשריי: „ראָזאַליאַ ווהייט! ראָזאַליאַ ווהייט!״ ראָלאַנדאַ לויפט אויף שנעל אַרונטער, קומט באַלד צוריק.)

ראָלאַנדאַ: אַ רעגיסטרירטער בריוו! קומט גיכער! איר דאַרפט אַליין אונטערשרייבן. איך וועל שווערן, עס איז פון דער אַקאַדעמיע. (ביידע אָפּ, געאיילט. זיי קומען באַלד צוריק. זי עפנט דעם בריוו. ראָלאַנדאַ קוקט אַריין, הויבט אָן צו שרייען) געוואונען דעם „פּרי דע ראָם״!... געוואונען!... (ער לויפט אַרום איבערן צימער). בראַוואָ, ראָזאַליאַ! איר האָט געוואונען דעם פּרייז! געוואונען די פעלאָושיפּ! געוואונען, געוואונען!...

ראָזאַליאַ (האַלט דעם בריוו ווי אַ פאַרשטיינערטע, מיט טרערן אין די אויגן) זאָל דאָס זיין אמת, פריינט ראָלאַנדאַ? עס גלויבט זיך מיר ניט.

ראָלאַנדאַ: איר מעגט שוין גלויבן, — איר האָט געוואונען דעם „פּרי דע ראָם״. (ראָזאַליאַ לייענט ווידער דעם בריוו, ראָלאַנדאַ דריקט איר די האַנט, קושט זי). איך גראַטוליר אייך, ראָזאַליאַ, מיט אייער דערפאָלג! איר האָט עס זיכער כשר פאַרדינט. (הויך) הוראַ פאַר מיס ראָזאַליאַ ווהייט! הוראַ!...

(די באַלעבאָסטע לויפט אַריין.)

באַלעבאָסטע: וואָס האָט איר זיך שוין ווידער צעשריען, איר פּיקטשע-מאַכערס, שלעפּערס? — איר האָט מיר אויפגעוועקט מיין קינד.

ראָלאַנדאַ (רייצט זיך מיט איר): געוואונען, אַלטע מכשפה! גע־וואונען!... אייך אויף צו־להכעיס געוואונען די סקאַלערשיפּ!.... (ער שטופּט איר דעם בריוו אונטערן נאָז). זי דאַרף שוין איצט אייער צימער אויף טויזנט כפּרות! — זי האָט געוואונען דעם „פּרי דע ראָם״!

(די באַלעבאָסטע שטייט פאַרוואונדערט. זי פאַרשטייט ניט וואָס דאָ קומט פאָר. מען קלאַפּט.)

ראָזאַליאַ: קאָם אין. (ס׳קומט אַריין מאָסיע שערידאַן.)

שערידאַן: באָנזשור, מאַ שער מאַדמואַזעל ראָזאַליאַ וועייט! (ער גיט ראָזאַליאַן די האַנט העפלעך, נייגט זיך צו אַלעמען עלעגאַנט.) איך בין אייך געקומען גראַטולירן! איך האָב אימער האָך געשעצט אייער טאַלאַנט... איך האָב אַלעמאָל געגלויבט, אַז איר וועט מיט דער צייט ווערן אַן אינטער־נאַציאָנאַל־באַרימטע מאָלערין...

ראָזאַליאַ (סאַרקאַסטיש): יאָ, יאָ, איך ווייס עס. איר האָט אימער, מאָסיע שערידאַן, הויך געשעצט מיין טאַלאַנט. איר האָט מיינע בילדער אָפּגעשאַצט צו צוואַנציק דאָלער אַ שטיק און דאָס נאָך אויך ניט אין קעש.

שערידאַן: אַך, מאַ שער מאַדמואַזעל וועייט, קאָמפּרענע וואו? איר זענט דאָך נאָך אַלעמען אַן אָנפאַנגערין. איר דאַרפט דאָך וויסן, אַז די דזשענטלמען זוכן אימער בילדער פון אָנערקענטע מאָלער, מאָלער מיט נעמען... אָבער איצט איז גאָר אַנדערש. עפּעס אַ קליינִיקייט „פּרי דע ראָם״!

באַלעבאָסטע (צו שערידאַן): זאָגט מיר, איך בעט אייך, מיסטער, וואָס איז דאָס פאַר אַ פּרינץ פון רוים? און וואָס האָט דער פּרינץ צו טאָן מיט מיין באָרדערקע?

שערידאַן: דאָס איז, מאַדאָם, אַזאַ סקאָלערשיפּ, אַזאַ פעלאָושיפּ, מיט וועלכער די „נעשאָנאַל אַקאַדעמי אָוו דעזיין״ באַלוינט דעם בעסטן סטודענט פאַר דער בעסטער קאָמפּאָזיציע אין קאָליר. דער פּרייז הייסט „פּרי דע ראָם״, קאָמפּרענע וואו?

באַלעבאָסטע: איך האָב אַפילו איין וואָרט ניט פאַרשטאַנען.

שערידאַן (דרייט זיך זיינע בלאָנדע וואָנצעס, צו ראָזאַליאַן): יאָ, אויב איר ווילט, מאַדמואַזעל וועייט, טאָ פאַרקויפט מיר אייער בילד — „דער פרילינג פון לעבן״. איך גיב אייך דערפאַר צוויי הונדערט דאָלער.

ראָזאַליאַ: איר האָט נאָך מיר, מאָסיע שערידאַן, ניט באַצאָלט פאַר מיינע אַנדערע בילדער.

שערידאַן: אָ, מאָן דיע! איך באַצאָל אייך אָוועק פלעזיר. אָט, נאָט אייך אַכציק דאָלער און שרייבט אונטער, אַז איר האָט געקראָגן דאָס פולע ווערדע.

**ראָזאַליאַ: ווערט איז דאָס מער, און טאַקע אַ סך מער. נאָר פאַר־קויפט — איז פאַרפאַלן.**

(שערידאַן גיט ראָזאַליאַן געלט און אַ פּאַפּיר. זי ציילט, דאַן שרייבט זי אונטער דעם פּאַפּיר. שערידאַן נעמט עס צו. די באַלעבאָסטע וואונדערט זיך. ראָלאַנדאָ באַמערקט עס.)

**ראָלאַנדאָ: אַז איר האַלט שוין אין ציילן געלט, טאָ זייט אַזוי גוט און ציילט שוין נאָך אַביסל.** (ער גיט ראָזאַליאַן די פערציק דאָלער.)

**שערידאַן: נו, וואָס וועט פאַרט זיין וועגן אייער פּריילינג־בילד?... לאָזט עס מיר נאָך אַמאָל אָנקוקן.**

**ראָזאַליאַ: אָנקוקן — מיטן גרעסטן פאַרגעניגן.** (זי דעקט אויף דאָס בילד.)

**שערידאַן** (מיט פאַרוואונדערונג): **אָ, מאַן דיע! ווי וואונדערבאַר־שיין! ווי רייך און האַרמאָניש זיינען די קאָלירן!... ווי פאַנטאַסטיש, מייסטערהאַפט איר האָט געמאָלן דעם וועג, וואָס פירט דעם מענטשן צו דעם שלאָס פון גליק און רום. עס איז אַ מייסטערווערק!... פאַרקויפט עס מיר, ראָזאַליאַ ווהייט, — איך גיב אייך גלייך פינף הונדערט דאָלער אין קעש.**

**ראָלאַנדאָ: זי וועט עס אייך ניט פאַרקויפן. דאָס וועל איך שוין ניט דערלאָזן.**

(עס קומט אָן מיסטער ווהייט אַ פאַרשוויצטער, אַ פּריילעכער. ער קאָן קוים דעם אָטעם כאַפּן. אין איין האַנט האַלט ער זיין שירעם, אין דער צווייטער — ציימונגען. אויך די קעשענעס זיינען פול מיט ציימונגען. ראָזאַליאַ טראָגט אים אונטער אַ בענקל. ער זעצט זיך.)

**ווהייט** (מיט פאַרכאַפּטן אָטעם): **טאָכטער מיינע... טייערע!... די פּייפּערס... די פּייפּערס...**

**באַלעבאָסטע: וואָס איז אַזוינס געשען?**

**ווהייט: די פּייפּערס זיינען דאָך פול מיט דיר... די פּייפּערס!...**

**באַלעבאָסטע: רעדט שוין אַרויס!**

**ווהייט: טאָכטער מיינע! — דו האָסט דאָך געוואונען... געוואונען צען טויזנט דאָלער פאַר אַ פּיקטשע אין רוים...**

(ראָזאַליאַ נעמט ביים פאָטער עטלעכע ציימונגען און לייענט זיי. אויך ראָלאַנדאָ נעמט אַ ציימונג און לייענט.)

באַלעבאָסטע: ווי איז מיר!... וואָס? צען טויזנט דאָלער פאַר איין פּיקטשע? עס קאָן ניט זיין!

וואַהייט: יאָ, צען טויזנט דאָלער פאַר איין פּיקטשע. אָט נאָט אייך און לייענט אין פּייפּער... (ער שטופּט איר אַ צייטונג. די באַלעבאָסטע שטופּט עס צוריק) און דערצו נאָך אַלס צוגאָב, וועט זי נאָך פאָרן איבער דער גאַנצענער וועלט, און נאָך דעם פאָרט זי אין רוים, אין איטאַליע, און דאָרטן קריגט זי אַ פּרינץ. (ראָזאַליאַ און ראָלאַנדאָ קוקן זיך איבער, שמייכלען). און אויך שרייבן די פּייפּערס, אַז זי וועט נאָך זיין, מיין טאָכטער, (ווייזט אויף ראָזאַליאַן מיטן פינגער) מיין ראָזאַלין, מיט דער צייט די גרעסטע מאָלערין אין דער וועלט. זי וועט זיין אַזוי באַרימט ווי רוזוועלט.

שערידאַן: געוויס, וואוי, וואוי! זי וועט נאָך, אייער טאָכטער, מיט דער צייט שטיין אין די זעלבע רייען מיט אַ גרעקאָ, רעמבראַנדט, מאַטיס, רוסאָ. (ער פאַררויכערט אַ סיגאַר. באַטראַכט די בילדער אויף די ווענט.)

באַלעבאָסטע: נו, און אַז אייער טאָכטער קאָן שוין מאָלן פּיקטשעס, קומט איר אי געלט אי אַ פּרינץ?

וואַהייט: אַזוי שרייבן אַלע פּייפּערס, אַז מען וועט זי, מיין ראָזאַלין, אָפּשיטן מיט גאָלד פון קאָפּ ביז די פיס. און אַלס צוגאָב קריגט זי אַ פּרינץ אין איטאַליע.

(עס הערט זיך אַ געררודער ביי דער טיר פון האָל. צוויי יונגעלייט, אַ הויכער און אַ קורצער, מיט פאָטאָגראַף־אַפּאַראַטן, שטעקן אַריין די קעפּ.)

הויכער: מעג מען אַריינקומען?

קורצער: קאָן מען אַריין?

ראָזאַליאַ: יאָ.

(זיי קומען אַריין.)

הויכער: דאָ וואוינט מיס ראָזאַליאַ וואַהייט?

קורצער: ראָזאַליאַ וואַהייט וואוינט דאָ?

ראָזאַליאַ: יאָ.

הויכער: מיר זיינען סטעף־פאָטאָגראַפערס פון „אַמעריקאַן" און „דזשורנאַל".

קורצער: יאָ, יאָ, סטעף־פאָטאָגראַפערס פון „דזשורנאַל" און „אַמעריקאַן".

(זיי באַווייזן זייערע רעפּאָרטער־קאַרטן.)

הויכער: מיר קומען ערשט פון דער נעשאָנאַל אַקאַדעמי אָוו דעזיין.

**קורצער**: יאָ, יאָ, פון דער הונדערט און ניינטער גאַס און אַמסטער־דאַם עוועניו.

**הויכער**: מיר האָבן פאָטאָגראַפירט אייער „פרי דע ראָם" בילד.

**קורצער**: יאָ, יאָ, דאָס בילד, פאַר וועלכן איר האָט געוואונען דעם גרויסן פרייז.

**הויכער**: האָט איר גאָר ניט דאַגעגן, מיר זאָלן אייער בילד נעמען פאַר די צייטונגען?

**קורצער**: יאָ, זייט איר ניט, פריילין, דאַגעגן?

**ראָזאַליאַ**: מיטן גרעסט פאַרגעניגן.

(די פאָטאָגראַפערס מאַכן גרייט זייערע קאַמעראַס.)

**הויכער**: שטעלט זיך, איך בעט אייך, אָט דאָ לעבן „איזל".

**קורצער**: יאָ, יאָ, לעבן „איזל", ביטע, ביטע.

(ראָזאַליאַ שטעלט זיך לעבן „איזל".)

**הויכער** (צו דער באַלעבאָסטע, וועלכע פאַרשטעלט): זייט אַזוי גוט, מיסעס, און רוקט זיך אָפּ אַביסל.

**קורצער**: יאָ, יאָ, רוקט זיך אָפּ אַביסל, ביטע, — איר וועט נאָך צעברעכן מיין קאַמעראַ.

**באַלעבאָסטע** (רוקט זיך אָפּ): ווער טשעפּעט אייך, אָנשיקעניש!

**הויכער**: אָט אַזוי... גוט, גוט.

**קורצער**: יאָ, גוט, גוט.

**הויכער**: קוקט אויף דער קאַמעראַ.

**קורצער**: יאָ, יאָ, אויף דער קאַמעראַ קוקט, ביטע, ביטע.

**הויכער**: אָט אַזוי, רואיק, רואיק.

**קורצער**: שמייכלט, ביטע, ביטע.

**הויכער**: רואיק, רואיק.

**קורצער**: שמייכלט, שמייכלט.

**הויכער**: איך צייל... איך צייל.

**קורצער**: איינס... צוויי... דריי!

**הויכער**: פאַרטיק, איך דאַנק.

**קורצער**: יאָ, מיר דאַנקען.

**הויכער**: איצט אין פּראָפיל.

**קורצער**: יאָ, אין פּראָפיל, ביטע, ביטע.

(ראָזאַליאַ שטעלט זיך אין פּראָפיל. מען קלאַפּט, ראָלאַנדאָ לויפט צו

דער טיר. אַ שיק־יונג גיט אים טעלעגראַמעס. ראַלאַנדאַ גיט אים אַ מטבעה. שיק־יונג אָפּ.)

ראַלאַנדאַ: קאָנגראַטולאַציע־טעלעגראַמעס.

הויכער (צו דער באַלעבאָסטע, וועלכע פאַרשטעלט ווידער): מיסעס, איך אין בילד דאַרפן מיר ניט!... רוקט זיך אָפּ.

קורצער: מיסעס, איר זייט שוין ווידער דאָ? — רוקט זיך אָפּ, ביטע, ביטע.

באַלעבאָסטע: ווי געפעלט עס אייך! — וואו מען שטייט איז מען זיי אין וועג.

הויכער: אַ וואונדערבאַרע פּאָזע.

קורצער: אַ גרויסאַרטיקע פּאָזע.

הויכער: רואיק, רואיק.

קורצער: שמייכלט, ביטע, ביטע.

הויכער: נו, שוין געענדיקט.

קורצער: יאָ, געענדיקט.

הויכער: יאָ, איך דאַנק אייך.

קורצער: מיר דאַנקען.

הויכער: גוד־באַי!

קורצער: גוד־באַי, גוד־לאַק!

ראָזאַליאַ: גוד־באַי!

(די פאָטאָגראַפערס אָפּ. ראַלאַנדאַ גיט די טעלעגראַמעס ראָזאַליאַן. זי לייענט איבער און גיט עס צו ראַלאַנדאָן.)

באַלעבאָסטע: וואָס טוט זיך דאָ היינט?

ווהייט: וואָס פאַרשטייט איר ניט? דאָס האָט מען גענומען פּיקטשעס פון מיין ראָזאַלין פאַר די צייטונגען. מאָרגן וועט שוין אין אַלע פּייפּערס איבער גאַנץ אַמעריקע זיין געדרוקט אויף דער פראָנט־פּידזש מיין ראָזאַלינס בילד... אַך, וועט זיך דאָס די מאַמע דערפרייען!...

באַלעבאָסטע: אָט דאָס הייסט גליק!... צען טויזנט דאָלער, אַ פּרינץ אין רוים, און די פּיקטשע אין אַלע פּייפּערס. אָבער איין זאַך פאַרשטיי איך נאָך אַלץ ניט. טאָקע אַ פּרינץ, אָבער פאַרוואָס שטייט אים ניט אָן צו קומען אין אַמעריקע? צוליב וואָס זאָל אַזאַ יונג קינד זיך דאַרפן שלעפּן אַזש נאָך אין איטאַליע?

ראָזאַליאַ: איך קריג ניט קיין פּרינץ אין איטאַליע, נאָך דער פּרייז,

וואָס איך האָב באַקומען, הייסט „פּרי דער ראָם". איך קריג פּרייזע רייזע־קאָסטן נאָך אייראָפּע און פרייע דריי יאָר שטודיום און באָרד אין דער אַקאַדעמיע אין רוים, און דריי טויזנט דאָלער עקסטראַ אויף הוצאות.

ראָלאַנדאַ (מיטן אַן ערנסטן אָנשטעל): גלויבט איר ניט! — זי קריגט אַ פּרינץ אין איטאַליע. זי וויל אייך ניט איבערראַשן מיט איין מאָל. אַ יאָ, מאַסיע בערידאַן, זי קריגט דעם „פּרי דע ראָם"?

שערידאַן: וואוי, וואוי, געוויס! — זי קריגט דעם „פּרי דע ראָם", דאָס איז גרעסטע באַלוינונג, וואָס אַ מאָלער קאָן נאָר קריגן.

(ראָזאַליאַ רעדט מיט ראָלאַנדאַן אין דער שטיל, זי גיט אים געלט. ראָלאַנדאַ אָפּ געאיילט.)

וואַיט (טוט אַן זיינע אויגן־גלעזער, קוקט אין אַ צייטונג): איך האָב אַליין געלייענט, אַז דו קריגסט אַ פּרינץ אין רוים, ווילסטו מיר איינשמועסן אַז ניט.

שערידאַן: איך דאַרף שוין גיין. אַלזאָ, מאַדמואַזעל וואַיט, פאַרקויפט איר מיר דאָס בילד? איך גיב אייך זעקס הונדערט דאָלער.

(וואַיט שאָקלט מיטן קאָפּ פאַרוואונדערט, רעדט ווי צו זיך: „זעקס הונדערט דאָלער!")

ראָזאַליאַ: ניין, מאַסיע שערידאַן, דאָס פרילינג־בילד פאַרקויף איך ניט, — דאָס איז מיין ליבלינג, אַ טייל פון מיין „איך", קאָמפּרענע וואו?

שערידאַן: אַפילו פאַר טויזנט דאָלער אויך ניט?

ראָזאַליאַ: ניין, פאַר קיין געלט ניט.

שערידאַן: נו, איצט גיי איך שוין... אויב איר וועט האָבן נייע בילדער צום פאַרקויפן — לאָזט מיר וויסן. איר וועט ביי מיר קריגן די בעסטע פּרייזן. (גיט איר די האַנט) אָרעוואואַר, מאַדמואַזעל וואַיט, איך ווינטש אייך גליק. (ער נייגט זיך העפלעך צו די איבעריקע. ראָזאַליאַ באַגלייט אים צו דער טיר. שערידאַן אָפּ. ראָזאַליאַ נעמט זיך פּאַקן.)

וואַיט (צו דער באַלעבאָסטע): איר האָט געהערט, מיסעס? פאַר איין פּיקטשע גיט מען איר טויזנט דאָלער, און זי וויל נאָך ניט.

באַלעבאָסטע: מסתמא ווייסט דער מיסטער וואָס ער טוט. מענטשן וועלן דאָך גלאָט אין דער וועלט אַריין ניט וואַרפן קיין געלט אין בלאָטע.

ראָזאַליאַ: און איר האָט ניט געוואָלט אָננעמען אַלע מיינע בילדער אַלס משכון פאַר צוועלף דאָלער.

באַלעבאָסטע: וואָס פאַרשטייט אַזאַ נאַרישע פרוי ווי איך אין בילדער!

וואַייט: הערט איר, מיסעס, נאָך אַלס קינד האָט זי ליב געהאַט צו מאָלן מענטשעלעך, הינטעלעך און קעצעלעך. מען האָט זי גאָרניט געקאָנט אָפּרייסן פון דעם. אין שטעטל האָבן זי אַלע אויסגעלאַכט. מיר זיינען איר אַזוי לאַנג דערגאַנגען די יאָרן, ביז זי איז פון הויז אַנטלאָפן. נו, גיי ווייס, אַז פון מאָלן מענטשעלעך זאָל עפּעס אַרויסקומען!

באַלעבאָסטע: איר ווייסט, מיסטער, אייער טאָכטער איז אין דער אמתן גאָר אַ טייער קינד, אַ וואויל קינד. בייטאָג מאָלט זי און אין אָוונט זיצט זי און לייענט ביכער. שטענדיק אין הויז און שטענדיק אַרבעט זי, גאָר ניט ווי אַנדערע מיידלעך.

וואַייט: זי איז שוין איינמאָל אַ קינד! הייַנט האָט עס אַ קאָפּ אויף זיך! אין האַיסקול איז זי געווען די בעסטע שילערין.

באַלעבאָסטע (באַמערקט ווי ראָזאַליאַ נעמט אַרונטער די זאַכן פון דער וואַנט): וואָס, איר פּאַקט זיך גאָר? איר מיינט, איך האָב אויף צו ב'אמת געוואָלט, אַז איר זאָלט מופן? איך האָב נאָר געשפּאַסט... איך האָב ניט קיין מורא פאַר אייער געלט.

ראָזאַליאַ: זאָל שוין בעסער דער פּיקלמאַן אַריינמופן אַהערצו.

באַלעבאָסטע: בלייבט וואוינען דאָ, מיס וואַייט, כאָטש ביז וואַנען איר וועט אָפּפאָרן נאָך רוים צום פּרינץ... איך וועל אייך אויפהענגען אַ פּאָר נייע קוירטנס... (ראָזאַליאַ שמייכלט. ראָלאַנדאָ קומט אַן מיט אַ נייעם טשעמאָדאַן.)

וואַייט (נעמט אַרויס זיין פּאַקעטבוק): נאַדיר, טאָכטער מיינע, פופציק דאָלער. ביז וואַנען דו באַקומסט די צען טויזנט דאָלער, וועסטו דערווייל האָבן אויף הוצאות.

ראָזאַליאַ: איך דאַנק דיר, פאָטער. — איך האָב שוין איצט גענוג געלט. (לאַכט זיך פאַנאַנדער) אַלע זיינען מיטאַמאָל אַזוי גוט געוואָרן צו מיר. די צייטונגען שרייבן וועגן מיר, ווילד־פרעמדע מענטשן גראַטולירן מיך, מען שטופּט מיר געלט, מען פאָטאָגראַפירט מיך, די מיסעס וויל מיר אַפילו אויפהענגען אַ פּאָר נייע קוירטנס. און ערשט הייַנט אין דער פרי בין איך געווען אָרעם און הונגעריק, און מען האָט מיך איינפאַך אין גאַס אַריין געטריבן...

**באַלעבאָסטע:** **אַז איך האָב גאָר ניט געוואָלט, אַז איר זאָלט מופּן. איך האָב נאָר געמאַכט שפּאַס.**

**ווהייט:** **גיי ווייס, אַז פאַר מאָלן מענטשעלעך און הינטעלעך זאָל מען וועלן געבן אַזוי פיל געלט!**

**ראָלאַנדאָ** (נעמט דעם טשעמאָדאַן, גייט צו דער טיר): **פאַרגעסט ניט, ראָזאַליאַ, אַז אַ טעקסי וואַרט אויף אייך!**

**ראָזאַליאַ:** **איך קום גלייך אַרונטער.** (ראָלאַנדאָ אָפּ. ראָזאַליאַ טוט זיך אָן.) **נאָט אייך, מיסעס, די צוועלף דאָלער, וואָס איך בין אייך שולדיק, און נאָט אייך נאָך צען דאָלער פאַר די שרעק, וואָס איך האָב אייך פאַרשאַפט.**

**באַלעבאָסטע** (נעמט דאָס געלט): **איך דאַנק אייך... איך דאַנק אייך זייער!** (זי כאַפּט ראָזאַליאַס האַנט, וויל עס קושן. ראָזאַליאַ לאָזט זיך ניט.) **לאָזט מיר, מיס ווהייט, איבער כאָטש איין פּיקטשע צום אָנדענק.**

**ראָזאַליאַ:** **צו וואָס דאַרפט איר עס? — בילדער מאַכן נאָר אָן שמוץ אין הויז... גוד־באַי!... פּאָטער, דו גייסט?**

**ווהייט:** **יאָ, באַלד.** (ראָזאַליאַ אָפּ. ווהייט הויבט אויף אַ בילד, קוקט זיך איין.) **ווי געפעלט אייך עפּעס, מיסעס, די מאָלעריי?**

**באַלעבאָסטע:** **שוין איינמאָל אַ מאָלעריי, אַזאַ יאָר אויף מיר!**

**ווהייט:** **מיט גאָלד צו גלייך** (זיי קוקן זיך אָן.)

(פאָרהאַנג)

1925

# אַ לענדליידי

(פאַרס)

אָנטייל נעמער:

מיסעס גאָלד　　　　ברוך מענדל

צייט: פרימאָרגן.

אַ רייך־מעבלירט צימער, ספּעציפישע פרויען־אויסשטאַטונג. רייצנדע קאָלירן. אויף די ווענט — בילדער פון אַקטיאָרן און אַקטריסעס. רעכטס —אַ טיר צום אַריינגאַנג. אין הינטערגרונט — אַ צווייטער צימער, וועלכער איז אָפּגעטיילט בלויז מיט פּאָרטיערן. אַ פרויען־טואַלעט, אַ טישל, בענק־לעך, אַ ווייכע סאָפע. אין שטוב — אַן אומאָרדענונג. עס וואַלגערן זיך קאָרסעטן, אונטערשטע קליידער, וועש. מיסעס גאָלד איז ערשט ניט לאַנג אויפגעשטאַנען. זי זיצט ביים שפּיגל אין אַ געבלומטער קימאָנע און קרייזלט אירע האָר. דער טעלעפאָן קלינגט...

מיסעס גאָלד: האַלאָו!... יאָ מיסעס גאָלד. צו וועמען האָב איך די ערע צו רעדן?... מיסטער ראָזעטאַ פון דער וויקטאָריאַ פּלעיהאַוז! אָ, גוד מאָרנינג, מיסטער ראָזעטאַ! וואָס אַזוי פרי? עפּעס גוטע נייס?... גוט... גוט... וואָס זאָגט איר? איך האָב נעכטן ביי דער פּראָבע געמאַכט אַ היט!... איר מאַכט ניט קיין שפּאַס פון אַ פּראָווינציעלער אַקטריסע?... ווי זאָגט איר, מיסטער ראָזעטאַ, איך שפּיל וואונדערבאַר.. נו, גוט, גוט... ווי? איר האָט פאַר מיר אַ סורפּריז, — וואָס אַזוינס?... איך וועל שפּילן די הויפּט־ראָל אין „די לוסטיקע לענדליידי"!... אַי, גוט, אויסגעצייכנט! — קאָקעטירן און פלירטעווען איז מיין זשאַנר. נו, און מיין נאָמען וועט זיין מיט גרויסע בוכשטאַבן אויף די פּאָסטערס?... ווי?... אַפילו אויף דער עלעקטריק־סיין אויך! — דאָס איז גוט, אויסגעצייכנט!... ווי זאָגט איר? מען מוז דאָס נאָך היינטיקע וואָך אויפפירן? גוט... יאָ, די פּראָזע

**האָב איך, — איך האָב שוין אַמאָל די ראָל פון דער לענדליידי געשפּילט אויף דער פּראָווינץ... וואָס? איר האָט שוין געשיקט צו מיר דעם סטאַר־קאָמיקער, הער באַרוכמאַן, ער זאָל מיט מיר איינשטודירן די ראָל?... גוט, גוט... וואָס? איך זאָל אים גוט אויפנעמען, ניט אויפרעגן, — ווייל ער איז אַ כעסן, אַ נערוועזער. גוט, איך וועל זיין צו אים אַזוי גוט ווי מעגלעך... גוד־באַי, גוד־באַי!...** (אַ פאַרשיכורטע פון שמחה כאַפּט זי זיך מאַכן אָרדענונג אין צימער. זי זינגט און רעאַגירט אַ באַקאַנטע מעלאָדיע פון אַן אָפּערעטע.. זוכט צווישן אירע העפטן, געפינט איינס, קוקט אַריין, דעקלאַמירט.) **„אַהאַ, דו ווילסט אַנטלויפן, דו אַלטער נאַר, דו אַלטער שאַרלאַטן! איך זע שוין, דו ווילס זיך פון מיר באַפרייען, — אָבער ניין, ניט אַזוי לייכט וועט עס דיר אָנקומען... וויסן זאָלסטו, אַז מען האָט צו טאָן מיט בראַדווייער פייגעלעך, מוז מען טייער באַצאָלן... שוין זאָל מיר ווערן צוויי טויזנט דאָלער!"** (מען קלינגט. זי לויפט צום שפּיגל, פאַרבט זיך, פוידערט זיך. מען קלינגט ווידער. זי גייט עפענען די טיר, קומט צוריק מיט אַן אָרעם־געקליידעטן מאַן. ער טראָגט אַ קורצן לעדערנעם, אויס־געטראָגענעם, ווינטערדיקן איבער־רעקל, מיט גרויסע קעשענעס, פון וועלכע עס שטעקן אַרויס עטלעכע אַלטע צייטונגען. די הוט זיינע ליגט אים איבער דער נאָז. די הויזן שטאַרק פאַרשמירטע, די שיך צעריסענע.)

ברוך מענדל: **מעג מען אַריינגיין?**

מיסעס גאָלד: **קומט אַריין, ביטע!...**

ברוך מענדל (מאַכט אַ פּאָר טריט, מיט די הענט אין די קעשענעס): **דאָ וואוינט מיסעס גאָלדשטיין די לענדליידי?**

מיסעס גאָלד: **יאָ, דאָ וואוינט מיסעס גאָלד די לוסטיקע לענדליידי... איר זייט שוין אַזוי שנעל דאָ? קומט אַריין, ביטע, זעצט זיך... אַנט־שולדיקט, ליבער קאָלעגע, איך קום גלייך אַריין. איך וועל זיך נאָר איבער־טאָן...** (טראָגט אים אונטער אַ שטול ביים טישל). **זעצט זיך, איך בעט איך! — קוקט דערווייל אַריין אין אַלבאָם.** (זי טראָגט אים אונטער אַן אַלבאָם). **און זייט ניט בייז. איך קום באַלד צוריק.**

(מיסעס גאָלד אָפּ, געאיילט אין צווייטן צימער. ברוך מענדל שטייט פאַרוואונדערט, קוקט זיך אַרום, עפנט דעם אַלבאָם, באַמערקט די האַלב־נאַקעטע פרויען־בילדער, פאַרקרימט זיך, און מאַכט עס גלייך צו צוריק. דורך די פאַרטיערן איז מערקבאַר ווי מיסעס גאָלד טוט זיך איבער. ברוך מענדל שאָקלט אַן אומצופרידענער מיטן קאָפּ. מיסעס גאָלד קומט אַריין אַן

אָנגעשמינקטע און אָנגעפּאַרפּומירטע, אין אַ זיידענעם פּילפּאַרביקן פּוניאַר מיט אַ טיפער דעקאָלטע.)

**מיסעס גאָלד:** **איך האָבע די ערע זיך זעלבסט פּאַרצושטעלן, מאַדאַם סאַבינאַ גאָלד, באַרימטע סוברעטין, אויסגעצייכנטע דראַמאַטיסטין, וואונ־דערבאַרע טראַגעדיסטין...** (נייגט זיך) **עס פרייט מיך זייער אייך צו זען!** (שטרעקט אים אויס די האַנט. ברוך מענדל נעמט אַרויס די הענט פון די קעשענעס, וויל איר געבן אַ האַנט, דערמאָנט זיך אָבער, אַז עס איז ניט פּאַסיק פאַר אים, כאַפּט זיי צו און שטופּט ווידער אַריין די הענט אין די קעשענעס. זי, פאַרצווייפלט, קוקט זיך אין אים איין.) **ווי?... איר זייט גאָר גרימירט?... אַט דאָס הייסט איבערגעגעבנהייט צו דער קונסט! אויף אַזוינס קאָן נאָר אַ ניו־יאָרקער אַקטיאָר זיין פייאיק... נו, זעצט זיך שוין, ליבער הער באָרוכמאַן!**

ברוך מענדל: **מיין נאָמען איז ניט באָרוכמאַן, נאָר ברוך מענדל.**

מיסעס גאָלד: **אַנטשולדיקט, זייט ניט בייז, — איך האָב געמוזט פאַרהערן...**

ברוך מענדל: **זאָגט מיר, איך בעט אייך, זייט איר דאָס טאַקע אַליין די מיסעס גאָלדשטיין, די ערשט ניט לאַנג אויפגעקומענע לענדליידי?**

מיסעס גאָלד: **יאָ, איבערנאַכט בין איך געוואָרן אַ לענדליידי. אָבער ביטע, ליבער, טאַלאַנטפולער ברוך מענדל, זעצט זיך, איך בעט אייך.**

ברוך מענדל: **מילא, אַז איר בעט זיך ביי מיר אַזוי פיל, וועל איך אייך טאָן די טובה.** (זעצט זיך).

מיסעס גאָלד: **האָט איר, ליבער קאָלעגע, געזען מיינע פאַרשיידענע פּאָזעס? — דאָס איז אַלץ הויפּט־ראָלן, אין וועלכע איך האָב זיך אויס־געצייכנט.** (זי וויל עפענען דעם אַלבאָם.)

ברוך מענדל: **ניי, ניין! מוחל, מוחל, — מען דאַרף ניט!...**

מיסעס גאָלד: **נו, אַנטשולדיקט מיר!... זייט ניט בייז, ליבער, טאַלאַנטפולער ברוך מענדל: מיר פּראָווינציעלע שוישפּילער האָבן אַ געוויסע שוואַכקייט פאַר פאָרטרעטן און רעקלאַמע.**

ברוך מענדל: **איך פאַרשטיי אייך ניט.**

מיסעס גאָלד (אין פאַרלעגנהייט): **ווילט איר פיליכט אויסטאָן אייער הוט?**

ברוך מענדל: **ניין, דאָס ניט. די הוט טו איך ניט אויס.**

מיסעס גאָלד (זעצט זיך אויף דער סאָפע): **אַנטשולדיקט, זייט ניט**

בייז. אויב איר ווילט ניט, דאַרף מען ניט. איך האָב בלויז געמיינט אייער באַקוועמלעכקייט... (אומאנגענעמע פּאַוזע.) ווילט איר זיך, פּיליכט, מיין ליבער הער קאַמעראַד, זיך זעצן אַט דאָ לעבן מיר אויף דער וויכער סאָפע?

ברוך מענדל: ניין, ניין... מיר איז דאָ אויך גוט.

מיסעס גאָלד: נו, זייט זשע ניט אַזוי דענערווירט, איך בעט אייך... איר ווייסט דאָך שוין מסתמא פון מיין גליק? מיסטער ראָזעטאַ האָט מיך ערשט אָפּגערופן און האָט מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז איך שפּיל די „לוסטיקע לענדליידי". ער האָט מיר אויך געלאָזט וויסן, אַז ער שיקט אייך גלייך צו. אָ, דאָס פרייט מיך זייער!...

ברוך מענדל: ניט מיסטער ראָזעטאַ, נאָר מיסטער ראָזענבערג האָט מיך געשיקט צו אייך. ער האָט מיר טאַקע געזאָגט, אַז איר זיי אַ רייכע לענד־ליידי, אַן אויפגעקומענע אַלרייטניצע, און איר דאַרפט אַ דזשעניטאָר, אַ סופּערטענדע מיין איך, אין אייערע הייזער אַפּטאַון.

מיסעס גאָלד: יאָ, יאָ, אַ רייכע לענדליידי, אַן אויפגעקומענע אַל־רייטניצע. יאָ, מיין ליבער הער, עס גייט מיר דאָ גוט ביי אייך אין ניו־יאָרק. ערשט צוויי וואָכן, אַז איך בין פון טעקסעס און איך האָב שוין אַן אַנגאַזשמע. עפּעס אַ קלייניקייט, צו שפּילן די הויפּט־ראָל אין דער וויקטאָריאַ! איר ווייסט, ליבער פריינט, מיין נאָמען ווערט דאָך שיינען מיט גרויסע עלעקטרישע בוכשטאַבן איבער גאַנץ בראָדוויי!...

ברוך מענדל: ווער עס פאַרגינט אייך ניט, זאָל אַליין ניט האָבן... יאָ, אַ סך רייכע מענטשן שפּילן אַ גרויסע ראָלע אויף בראָדוויי.

מיסעס גאָלד: האָט איר, קאָלעגע, נעכטן בייגעוואוינט מיין פּראָבע? ווי דענקט איר, איך האָב געמאַכט אַ היט?

ברוך מענדל: זעט איר, מיין לענדלער דאַרף זיך שוין מיט אַזעלכע זאַכן ניט באַדערן. איך רוף ניט פאַר יעדער קלייניקייט דעם פּלאָמבער: איך פיקס אַליין די סטים־היט.

מיסעס גאָלד: איר האָט מיך ניט גוט פאַרשטאַנען. איך מיין, צי זייט איר נעכטן געווען ביי מיין אויפטריט אין דער וויקטאָריאַ? אַ יאָ, איך האָב זיך אויסגעצייכנט?

ברוך מענדל: איך ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן. איך בין ברוך־השם, מיסעס, אַלעמאָל בייזי. מיין הויז אויף ריווערסייד סטריט אַנטהאַלט זיבן און צוואַנציק טענער, און יעדער טענער האָט ניט ווייניקער פון אַ האַלבן טוצן קינדער און דריי־פיר באָרדערס. דערצו האָט נאָך נעכטן געפּלאַצט

ביי אונדז אַ פּאַפּ פון די הייסע וואַסער, עס איז געוואָרן אַזעלכע קולות און יללות, אַז מען האָט זאָגאַר געקענט פאַרגעסן אַן דער באַבעס ברית.

מיסעס גאָלד: איך מוז אייך מאַכן אַ קאָמפּלימענט, ליבער, טייערער קאַמעראַד. אָבער ווערט ניט בייז. איר זייט אַ וואונדערבאַרער שוישפּילער, אַ זעלטענער כאַראַקטער־קאָמיקער. איר האָט זיך, מסתמא, אַזוי שטאַרק אַריינגעלעבט אין אייער ראָל, אַז קיין אַנדערע פראַזע קומט אייך ניט אויפן געדאַנק. אָבער ווען עמען, איך בעט אייך, אימפּערסאָניפיצירט איר?

ברוך מענדל: אַזעלכע גרויסע ווערטער, מיסעס, פאַרשטיי איך ניט, — רעדט פּראָסט, וועל איך ווי עס איז פאַנאַנדערקייען.

מיסעס גאָלד: איך מיין, וועמען מאַכט איר נאָך? אָדער וואָס פּאַר אַ טיפּ שטעלט איר פאָר? נאָך מיין מיינונג דאַרף עס זיין אַ טראַגיש־קאָמישע ראָל.

ברוך מענדל: מיסעס לעבן, עס חלומט זיך אייך עפּעס ניט קיין גוטע!... אָדער אפשר טרייבט איר גאָר פון מיר קאַטאָוועס?

מיסעס גאָלד: זייט ניט בייז, ליבער, טאַלאַנטפולער קאָלעגע! קיין קאַטאָוועס, גאָט באַהיט!... איך מיין עס ערנסט, איר שפּילט אויסגעצייכנט, איר שפּילט וואונדערבאַר.

ברוך מענדל: וואָס מיר שפּילן? ווען מיר שפּילן? — עס שפּילן די גרילן, עס לויפן די שלייפן, עס טאַנצן די מאַראַנצן...

מיסעס גאָלד: בראַוואָ, מאַסיע ברוך מענדל! בראַוואָ, בראַוואָ! איך זע שוין, איר קאָנט אייער ראָל אויף אויסנווייניק... (דערמאָנט זיך). איר האָט נאָך אַוודאי גאָר ניט געהאָט אין מויל? איר וועט זיך געוויס ניט אָנטזאָגן פון אַ הייסער טאָסע קאָפע!

ברוך מענדל: איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, מיסעס. איך בין שוין ברוך־השם צוויי און צוואַנציק יאָר דזשעניטאָר אין אַמעריקע. איך האָב שוין דאָ באַגעגנט כלערליי שלעק און אָנשיקעניש, אָבער אַז אַ לענד־ליידי זאָל אַן אונדזעריקן בעטן זיצן און טרינקען קאַווע, אַזוינס האָט נאָך מיר ניט געטראָפן... עפּעס קוקט מיר אויס די גאַנצענע מעשה פאַרדעכטיק.

מיסעס גאָלד (הויבט זיך פלינק אויף, נעמט אַן ברוך מענדלען קאַ־קעטיש ביי די אַקסלען, ער דערשרעקט זיך): מיסטער ברוך מענדל, איר זייט אַ וואונדערבאַרער טאַלאַנט, איר זייט אַ געניאַלער, רעאַליסטישער כאַראַקטער־שפּילער! ניט אומזיסט זייט איר געקרוינט אַלס דער סטאַר־

**קאָמיקער פון דער וויקטאָריאַ... איר וועט מיר דאָך אַנטשולדיקן אויף איין מינוטעלע.** (אָפּ, געאײַלט.)

(ברוך מענדל קוקט זיך אַרום פאַרדעכטיק, טאַפּט ביי זיך אין די קעשענעס, שלעפּט פון דאָרט אַרויס אַ צעריבענע געלט־בייטעלע, שטופּט עס אין בוזעם אַריין. הויבט אויף די הוט, בלייבט אין אַ יאַרמולקע, ווישט זיך דעם שווייס פון שטערן מיט אַ קאָלירטער טיכל, טוט אָן די הוט. מיסעס גאָלד קומט צוריק מיט אַ טעצעלע, אויף וועלכן עס געפינט זיך קאַווע, געבעק...)

מיסעס גאָלד: **אָט האָט איר אייך אַ הייסע טאַסע קאַפּע. פאַרזוכט, זשעניִרט זיך ניט.**

ברוך מענדל: **אַ גרויסן דאַנק אייך. אַז איך וויל טרינקען, האָב איך אויף דעם מיין אייגענע היים.**

מיסעס גאָלד (טראָגט אים אונטער סיגאַרעטס): **נו, טאָ פאַררויכערט כאָשט פון מיינע ווייבערשע סיגאַרעטס.**

ברוך מענדל (שטופּט אָפּ פון זיך די סיגאַרעטס): **מוחל, מוחל...**

מיסעס גאָלד: **נו, זייט ניט אַזאַ שלעכטער!...** (זי פאַררויכערט אַ סיגאַרעט, קאָקעטירט, בלאָזט אויף אים דעם רויך.)

ברוך מענדל: **זאָגט מיר, איך בעט אייך, מיסעס לעבן, איר ווייסט, אַז איך בין אַ פאַרהייראַטער מאַן? אַ טאַטע פון קינדער?...**

מיסעס גאָלד: **וואָס גייט עס מיך אָן, צי איר זייט יאָ פאַרהייראַט, אָדער ניט פאַרהייראַט? ביי אונדז, אַקטיאָרן, איז עס אַ קלייניקייט. זאָגט מיר בעסער, ליבער קאַמעראַד, ווי לאַנג שטייט איר אין דינסט ביי אייער איצטיקן אמיפּרעסאַריאָ?**

ברוך מענדל: **ביי וועמען אין דינסט?**

מיסעס גאָלד: **ביי אייער איצטיקן באַלעבאָס מיין איך.**

ברוך מענדל (באַרואיקט זיך אַביסל): **אָט אַזוי, אַז איר רעדט ביזנעס, איז גאָר אַנדערש... שוין עלף יאָר, אַ דאַנק גאָט, ביי איין לענדלער. נישקשה, איך בין שוין אַן עקספּירענס דזשעניטאָר. אַנטשולדיקט, ביי אייך אַפּטאַון הייסט עס סופּערטענדע... איר פאַרשטייט, מיסעס? — איך קאָן מאַכן הייסע וואַסער, קאַלטע וואַסער, סטים־היט און אויך פּלאָמבינג ריפּעירס. מיין טאַכטער קאָן ענטפערן דעם טעלעפאָן. מיט איין וואָרט, אַן אָל־עראַונד פוירסט קלעס דזשעניטאָר.**

מיסעס גאָלד: **אַזאַ טאַלאַנט ווי איר מוזט קריגן אַ גרויס געהאַלט?**

ברוך מענדל: אַ דאַנק גאָט, ניט צו פאַרזינדיקן. איך קריג דריי רומקעס אין בייסמענט פריי און נאָך ניין דאָלער אַ חודש צוגעצאָלט. וואָלט דאָך געווען גוט, הייסט אויף צו־להכעיס דער דאָקטער מופן אַפּטאַון, און דווקא ניט ווייט פון צענטראַל פּאַרק, ווייל מיין יידענע הוסט מיט בלוט, ניט פאַר אייך געדאַכט...

מיסעס גאָלד: נו, און וויפיל, דענקט איר, וועל איך קריגן גאָזשאַ?

ברוך מענדל: איר, אַ לענדליידי, דאַרפט מאַכן שווערע טויזנטער.

מיסעס גאָלד: אַזוי? שווערע טויזנטער!

ברוך מענדל: איך האָב ערשט ניט לאַנג געהערט פון איינער אַ פרוי, געווען איז זי אַ פּראָסטע דזשעניטערקע ערגעץ אויף פּיט סטריט, האָט איר גאָט געהאָלפן, איז זי אַריינגעקראָכן אין די ריעל־עסטייט ביזנעס און האָט געמאַכט אין אַ קורצער צייט אַ גאַנצן מיליאָן. הערט איר, מיסעס, צו אַלץ דאַרף מען האָבן מזל!...

מיסעס גאָלד: אָבער גענוג שוין אייך, הער ברוך מענדל, צו מאַכן שפּאַס פון אַ פּראָווינצערין!

ברוך מענדל: מיסעס לעבן, זייט ניט אין כעס, זאָל מיך נעמען דאָס חולאַת, אויב איך מאַך שפּאַס; איך זאָג נאָר, אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזים.

מיסעס גאָלד: בראַוואָ, גוט! אויסגעצייכנט! אָבער לאָמיר אָנ־פאַנגען שטודירן מיין ראָל. ווי איר ווייסט, דאַרף עס נאָך היינטיקע וואָך פּאַרטיק ווערן, און פאַר דעם ניו־יאָרקער פּובליקום שרעק איך מיך זייער... זאָגט מיר דעם אמת, ליבער קאַמעראַד, ווי דענקט איר, איך וועל מאַכן אַ היט אין דער ראָל פון דער לענדליידי? אָבער נאָר דעם ריינעם אמת...... נו, און מיין פיגור, און מיין אויסזען געפעלט אייך? (זי בייגט זיך און דרייט זיך אויף אַלע זייטן, כדי צו באַווייזן ווי גראַציעז איר פיגור איז.)

ברוך מענדל (דערשראָקן): וואָס האָט איר מיר צו געפעלן? איך האָב, אַ דאַנק גאָט, וועך עס זאָל מיר געפעלן. וואָסי, אַ קראַנקע ווייב מיט אַכט קינדער איז נאָך ווייניק?

מיסעס גאָלד (רירט אים אָן קאָקעטיש): הערט שוין אויף צו שפּאַסן, איר בוף־קאָמיקער וואָס איר זייט! עס מוז דאָך אַמאָל נעמען אַן ענדע צו דער קאָמעדיע. נו, אַרויס מיט פּראָזע!

ברוך מענדל: מיסעס לעבן, איר זאָלט זיך בעסער אויפהערן טשעפּען צו מיר! איר האָט ניט געטראָפן דעם ריכטיקן קאָסטימער. איך

בין אַן ערלעכער ייד און מיט אייערע זיסע ריידעלעך װעט איר מיר ניט פאַרדרייען דעם קאָפּ. אוי, די אַפּטאָונער װײבער !...

מיסעס גאָלד (דערצאָרנט) : אַלץ דאַרף דאָך האָבן אַ מאָס. איך בין טאַקע אַ קליינשטעטלדיקע אַקטריסע, אָבער צופיל שפּאַס מאַכן דאַרף מען ניט. פוי, ניט שיין !...

ברוך מענדל : יאָ, איר שרייט נאָך ? איר זייט נאָך גערעכט ? איר האָט געמיינט, אַז איר האָט דאָ געכאַפּט אַ סאָקער... נישקשה, איך בין ניט קיין גרינער, איך בין צװיי און צװאַנציק יאָר דזשעניטער אין אַמעריקע, איך האָב געהערט פון אייך, אַפּטאָונער פייגעלעך... אַלזאָ, איך גיי שוין. איך זע שוין, אַז איך װעל ביי נ'אייך קיין דזשעניטער דזשאָב ניט קריגן. (ער װיל זיך אויפהויבן, זי לאָזט אים ניט.)

מיסעס גאָלד : זיצט, זיצט !... נו, זייט ניט בייז, איר קאַפּריזנער, צעבאַלעװעטער יונג. הער ראָזעטאַ האָט מיר טאַקע געזאָגט, אַז איר זייט אַ נערװועזער, אַן אויפגערעגטער, אָבער אום גאָטעס װילן, לאָמיר אָנפאַנגען שטודירן !...

ברוך מענדל : מיסעס לעבן, װאָס דרייט איר מיר אַ ספּאָדעק ? איך בין צו נ'אייך ניט געקומען שטודירן. זאָגט מיר, איך בעט אייך, איר האָט פאַר מיר אַ דזשאָב, צי ניט ?

מיסעס גאָלד : װאָס פאַר אַ דזשאָב ?

ברוך מענדל : אַ דזשעניטער דזשאָב, אַ סופּערטענדע.

מיסעס גאָלד : איך האָב דאָך אָבער ניט קיין הייזער אין דער װירקלעכקייט, איך בין דאָך נאָר אַ לענדליידי אין דער פאַנטאַזיע.

ברוך מענדל : איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז עפּעס ניט גלאַטיק. אַז אַ פרוי שטופּט די הענט און גיט קאָפּע, איז שוין אַ שלעכטער סימן... הײנט פאַר װאָס זשע, מיסעס, האָט איר מיר געזאָגט, אַז איר זייט אַ לענדליידי ?

מיסעס גאָלד : איר פאַרשטייט, נאַאיװער קאָמיקער װאָס איר זייט, איך האָב ניט קיין הייזער, נאָר איך שפּיל די ראָל פון אַ לענדליידי.

ברוך מענדל : איך האָב ליב די שטיק ! מען האָט ניט קיין הייזער און מען שפּילט די ראָל פון אַ לענדליידי. אוי, אַ װעלט געװאָרן !

מיסעס גאָלד : איך זע, אַז מיט אייך װעט ניט נעמען קיין ענדע, זאָ פאַנג איך אָן אַליין מאַכן פּראָבע. (זי נעמט אַ העפט, בלעטערט.) איר, הער ברוך מענדל, שפּילט, ביטע, די ראָל פון דעם אַלטן, אויסגעלאַסענעם

מיליאָנער, דעם הער גאָלדענפּאַס. די סצענע קומט פֿאָר ביי נ׳איך אין אָפיס. איר זייט איינער אַליין.

ברוך מענדל: אַז איך הויב ניט אָן צו פֿאַרשטיין וואָס איר ווילט פֿון מיר!

מיסעם גאָלד: נו, איך פֿאַנג שוין אָן. (שטעלט זיך אויף, פֿאָזירט.) אָ, האַלאָו, מיין ליבער, טייערער הער גאָלדענפּאַס! וואָס מאַכט איר עפּעס? שוין גאַנצע דריי טעג ווי איך האָב אייך ניט געזען. אָה, ווי איך האָב געבענקט נאָך אייך! אָבער וואָרום קוקט איר אויס אַזוי טרויעריק, פֿאַר־זאָרגט? לוסטיק זיין, פֿריילעך זיין דאַרף מען. אַז לעבן, זאָל זיין געלעבט! איין מאָל לעבט מען. פֿייף אויף אַלעמען, גאָלדענפּאַס! כאַ־כאַ־כאַ... אַ יאָ, היינט גייען מיר ווידער אויס אויף בראָדוויי? ווידער לעבן, ווידער טאַנצן, ווידער טרינקען. (זי גיט ברוך מענדלען אַ קיצל, ער דערשרעקט זיך.) שרעק זיך ניט, מיין טייערער! נעם, ברודער, פֿון לעבן וויפֿיל דו קאָנסט... צוערשט, טייערינקער, וועלן מיר גיין זען די לוסטיקע, רייצנדיקע מיידעלעך פֿון די „פֿאָליס“, נאָך דעם וועלן מיר גיין טרינקען און טאַנצן אין דעם פֿאַנטאַסטיש־טונקעלן „טשייניז דעוויל“... כאַ־כאַ־כאַ, עס איז אַ טייערע וועלט, אַז מען האָט געלט. (זינגט און טאַנצט אויס:

טענץ, געזאַנג און וויין,
וואָס קאָן נאָך בעסער זיין,
הו־ליאַ־ליאַ!...)

נו, און וואָס פֿאַר אַ תּירוץ האָסטו געגעבן דיין אַלטיטשקער פֿאַר דעם, וואָס דו ביסט געקומען דריי פֿאַרטאָג אַ שיכורער? אָבער שרעק זיך ניט, ליבער פֿריינט מיינער, אַלץ וועט זיין גוט און פֿיין — מען דאַרף נאָר וויסן ווי זיך צו באַגיין מיט אונדז, פֿרויען, און דאַן איז אַלץ שאַ, שטיל... דו ווייסט, טייערינקער, איך האָב צו דיר אַ ביטע. איך וויל פֿון דיר קריגן אַ קליינעם פּרעזענט. עס פֿעלט מיר אויס מאָרגן צו אַ צאָלונג אויף אַ מאָרטגעדזש צוויי טויזנט דאָלער. אַ יאָ, ליבינקער, טייערינקער, דו וועסט עס מיר ניט אָנטזאָגן!

ברוך מענדל: וואָס ווילט איר פֿון מיר?

מיסעם גאָלד: אַ טשעק אויף צוויי טויזנט דאָלער, אַניט דערצייל איך אַלץ דיין פֿרוי, אַניט מאַך איך דיר אַזאַ סקאַנדאַל, אַז דו וועסט ניט קאָנען אַ גאַס דורכגיין!...

ברוך מענדל (לאָזט זיך צו דער טיר, שרייט): גוואַלד, יידן, ראַטע־וועט! העלפט!

מיסעס גאָלד (פאַרשטעלט אים דעם וועג, פאַרשליסט די טיר): אַהאַ, דו ווילסט אַנטלויפן, דו אַלטער נאַר! דו ווילסט זיך פון מיר באַפרייען! ניין, ניט אַזוי לייכט וועט עס דיר אָנקומען. פאַרשטייסטו מיך, אַז מען האָט צו טאָן מיט בראָדווייער פרויען, מוז מען גוט באַצאָלן. שוין זאָל מיר ווערן צוויי טויזנט דאָלער!...

ברוך מענדל: וואָס האָט איר צו מיר, גזלנים! וואָס פאַר אַ צוויי טויזנט דאָלער? העלפט! ראַטעוועט!... (דער טעלעפאָן קלינגט.)

מיסעס גאָלד (הערט אויף צו שפּילן): אַנטשולדיקט מיר, הער ברוך מענדל, איך וועל נאָר ענטפערן דעם טעלעפאָן, וועלן מיר ענדיקן... אַ יאָ, מיר האָבן די סצענע וואונדערבאַר דורכגעפירט? (דער טעלעפאָן קלינגט ווידער, זי ענטפערט.) האַלאָו.... יאָ, ווער? מיסטער באַרוכמאַן פון דער וויקטאָריאַ? (קוקט זיך אום אויף ברוך מענדלען פאַרשעמט.) ווי? צי מען קאָן שוין צו מיר אַרויפקומען? יאָ, מען קאָן, מיטן גרעסטן פאַר־געניגן... איך בין פאַרטיק אייך אויפצונעמען... (ברוך מענדל שאָקלט מיטן קאָפּ.) גוט, קומט, איך דערוואַרט אייך אומגעדולדיק... גוד־באַי!

מיסעס גאָלד (פילט זיך באַנאַרישט): אַזוי גאָר? אַבי איך האָב געמיינט . . .

ברוך מענדל: וואָס, מיסעס, איר האָט שוין געקעטשט אַ נייעם סאָקער? נישקשה, מיט מיר וועט איר ניט פאַרפירן קיין מאָנקי־ביזנעס: איך בין ניט קיין גרינער.

מיסעס גאָלד: אַנטשולדיקט מיר, מיסטער. איך האָב געמאַכט אַ טעות. איך האָב אייך אָנגענומען פאַר אַ צווייטער פערזאָן.

ברוך מענדל: נאָך אַלץ הייסט אַ טעות! ווען איר דערהרגעט מיך דאָ אויפן אָרט, וואָלט איר מער ווי פינף און אַכציק סענט ביי מיר ניט געפונען.

מיסעס גאָלד: איך דענק אָבער, אַז איר האָט אויך געמאַכט אַ טעות. זאָגט מיר, ר׳ ייד, וועמען זוכט איר?

ברוך מענדל: וואָס הייסט, וועמען זוך איך! (שלעפּט אַרויס אַן אַדרעס, קוקט אַריין.) איך זוך מיסעס גאָלדשטיין, די לענדליידי פון זעכציק וועסט הונדערט און אַכצנטע סטריט.

מיסעס גאָלד: איר זייט טאַקע אין זעכציק וועסט, אָבער ניט אין הונדערט און אַכצנטע, נאָר הונדערט און אַכטע סטריט.

ברוך מענדל: הייסט עס, אַז איך בין ניט אין ריכטיקן פּלאַץ אַריינגעפאַלן? היינט וואָס־זשע האָט איר זיך צו מיר געטשעפּעט?

מיסעס גאָלד: איך האָב געמיינט, אַז איר זייט אַן אַקטיאָר.

ברוך מענדל: אַ? וואָס?

מיסעס גאָלד: אַן אַקטיאָר, אַזעלכער וואָס שפּילט טעאַטער.

ברוך מענדל: אָ, אַן עקטער! אַלע בייזע חלומות צו מיינע שונאימס קעפּ! עס פעלט נאָך מיר אַן עקטער צו זיין... גוד־באַי, מיסעס! איך ווינטש אייך גליק. (ברוך מענדל אָפּ.)

(פאָרהאַנג)

.1926

# אַ שיכור

(אַ מאָנאָלאָג)

עס קומט אַריין אַ באַיאָרנטער, אָפּגעריסענער מאַן אין אַ „סאַלון“. ער ווענדט זיך צום קעלנער:

באָן זשור, מאָסיע קעלנער! זדראַסטוואויטע! האָו דו יו דו!... איך בין שוין ווידער דאָ. זייער געבענקט נאָך דיר... ניין, בעסער געזאָגט, ניט נאָך דיר, — נאָך דיינע פלעשער בראַנפן... נו, ברענג אַהער, קעלנער, אַ פלאַש פון די גוטע, פון די אמתע. דו הערסט? — עפּעס שטאַרקס און גוטס, אַזוי אַז ס'זאָל אַ צופּ טאָן און אַ ברען טאָן אין אַלע גלידער!... ס'זאָל אַ נעם טאָן ביי דער נשמה!... נו, וואָס וואַרטסטו? נו, פאַרוואָס רירסטו זיך ניט פון אָרט?... אַהאַ, איך ווייס! — דו וואַרטסט אויף דעם זילבערנעם שטיקל מינץ, אויף די לומפּיקע פּאָר גראָשן... פאַראַן, ברודערקע, פאַראַן. — זעסט, קעלנער? אָט האָב איך עס... אַ וואונדערבאַרע קראַפט האָט דאָס שטיקל מעטאַל. האָסטו דאָס געלטעניו — גיט מען אַ שנאַפּס, האָסטו ניט — גיט מען אַ פייג אונטער דער נאָז... אַ? — וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? מיינסט אַוודאי, געגנבעט אָדער אויסגעבעטלט? ניט ביי מאָטיען! איך בין טאָקע אַ שיכור, אָבער ניט קיין שנאָרער. פאַרדין איך — פאַרטרינק איך עס, אָבער עס דאַרף זיין פון מיין אייגענער פּראַצע... ווילסט? — נעם און צעשנייד עס, וועסטו דערזען בלוט און שוויס!... דו הערסט? — אַ האַלבן טאָג פּאָדלאָגעס געוואַשן, און דערפאַר האָב איך זילבערנע מטבעות באַקומען. קעלנער, שרעק זיך ניט, — כשר פאַרדינטע געלט איז דאָס!... נו, גיב־זשע שנעלער אַ פלעשל, אָבער פון די שטאַרקע, פון די גוטע...

(דער קעלנער ברענגט אים אַ פלאַש שנאַפּס מיט אַ היפּש גלזעל. ער טרינקט אויס איין גלעזל נאָך דעם צווייטן „זאַלפּאָם“.)

אַך, ס'אַ מחיה! — וואַרעמט פאַנאַנדער די קישקעס! ס'ווערט פריילעך אויף דער נשמה!... (ער זינגט זיך פאַנאַנדער, אָפּריער שטיל און נאָך דעם

אַלץ העכער און העכער. ער זינגט מיטן ניגון און מיט דער אויסטייטשונג, ווי דער באַרימטער כענקין פלעגט זינגען „סאָם״.)

וועז מיין בויך איז שוין אַ פולער,
איז מיר גוט.
האָב איך נאָך אַ פריינט אַ טאָלער,
איי, ווי גוט!
כ׳לויף אין שענקל באַלד נאָך יאַש,
טאַנץ אַ פריילעכס מיט אַ פלאַש,
לאַך מיר שיכורלעך און וויין —
אַליין . . .

האָב איך ניט קיין אײנציק גראָשן,
איז ניט גוט.
שענק — פאַרמאַכט, די פרייד — פאַרלאָשן,
איי, ניט גוט!
דורשטיק בין איך, מדבר־טרוקן,
גרייט צום שד אַליין זיך בוקן,
פאַר איין זופּ פון וואָס־איך־מיין,
אַליין . . .

דו הערסט, ברודער, די גאַנצע וועלט איז איין גרויסער טראַקטיר, איין גרויסער סאַלון, און יעדער איינער קלייבט זיך אויס זיין משקה, זיין אייגנאַרטיקן וועג פון שיכרות. דער — געלט, דער — כבוד, דער — מוידן, דער — קאָרטן. און איך — שנאַפּס. דו פאַרשטייסט? — גאָר פשוט, שנאַפּס... (ער נעמט זיך ווידער טרינקען.)

אַ, וואָס זאָגסטו, קעלנער? איך זאָל מער ניט טרינקען? דו האָסט אויף מיר רחמנות!... איי, נאַרעלע, ווען דו וואָלסט וויסן, ווי גוט מיר איז ווען איך ווער שיכור! ווער איז דאָן מיין גלייכן?... הערסט, ברודער? שיכור איך זיך אָן, פאַרגעס איך אָן אַלע מיינע צרות. איך פאַרגעס אַלץ און אַלעמען. איך ווער אַ פרייער מענטש. אויס שעמען זיך, אויס בושה. דו פאַרשטייסט? ווען איך בין שיכור, קוקט מיר אויס, ווי די גאַנצע וועלט איז מיינע. די ערד, דער הימל, די זון און די לבנה — אַלץ ווערט מיינס.

אַפילו די הימלקראַצערס ווערן אויך מיינע... נאַרעלע, וואָס מער איך טרינק, ווער איך אַלץ שטאַרקער און גרעסער. איך ווער אַ ריז, אַ גיגאַנט אַ שמשון הגבור. און די אַרומיקע מענטשן קוקן מיר אויס אַזוי בישטיק קליין, מנובלדיק, אַזוי נבזהדיק־געמיין, אַזש עס ווילט זיך מיר זיי אָנשפּייען גלייך אין פּנים אַריין... (ער טרינקט ווידער און זינגט.)

ביסטו מיט מיר, חבר מיינער,
איז מיר גוט.
ווער איך פריי, ווי אַ ציגיינער,
איי, ווי גוט!
צינדסט און וואַרעמסט מיר מיין בלוט,
איז מיר בעסער נאָך ווי גוט,
ווערט מיין מיאוסע וועלט מיר שיין —
דורך דיר אַליין . . .

דו פאַרשטייסט, קעלנער, וואָס דאָ קומט פאָר אויף אונדזער ערד־קוגל? — אַ קליין הייפעלע פעטע פּעמפּיקעס — קאָנסט זיי אָנרופן ווי דו ווילסט: טראָסטס, באָסעס, מאַגנאַטן, וואָל־סטריט־באַראָנען, מאָנאָ־פּאָליסטן — האָבן דאָס גאַנצע האָב און גוטס פונעם לאַנד פאַרכאַפּט פאַר זיך! און די אַלע בירגער פון אונדזער גרויסער דעמאָקראַטיע זיינען ניט מער ווי שטיוול־פּוצער ביים קאַפּיטאַל. זיי בוקן זיך, קניען זיך, דער־נידעריקן זיך צום עגל־הזהב, צום גאָלדענעם קאַלב, צום קאַפּיטאַל... פע! עס עקלט מיך פון דעם גאַנצן כאַפּ־לאַפּ־געיעג, פון דער נאַרישער שפּי־ליולע אייערער...

אַ, וואָס, קעלנער? — ווילסט וויסן פאַרוואָס איך נעם ניט אָן קיין סטעדי דזשאָב? ניין, ברודערקע, דאָס ניט. איך וועל מיך מער ניט פאַרקויפן צום גאָלדענעם גאָט פאַר לומפּיקע מטבעות... דו הערסט, קעל־נער, איר לעבט דאָך אַ לעבן פון האַנדל־וואַנדל, קנאה־שנאה, איך אָבער לעב מיר פריי. איך בין אַ פריי פייגעלע. וויל איך, לייג איך מיך אויפן פרייען פעלד שלאָפן; וויל איך, פאָר איך מיר אַוועק אין ענגלאַנד אויף אַן אָקסן־שיף; וויל איך, שלעפּ איך מיר אַוועק אויף ווינטער אין דער זוניקער וועסט... מיינסט אַוודאי, קעלנער, אַז איך האָב אייער שפּיליולע ניט מיטגעמאַכט? אָהאָ, נאָך ווי אַזוי! — איך בין אַמאָל אויך געווען אַ

פערד ווי אַלע. געשלעפּט דעם וואָגן, אַז די אויגן זיינען מיר פון קאָפּ געקראָכן... געוועזן אַ צייט, ווען איך בין געוועזן אַ באָס, אַ סך געלט פאַר־מאָגט, און איך האָב עס אין וואָל־סטריט פאַרלאָרן. פאַרשטייסט, — די גרויסע העכט שלינגען איין די קליינע פישעלעך... און צו דעם איז צו־געקומען פאַמיליע־קאַטאַסטראָפעס. ווייב און קינדער געהאַט און פאַרלאָרן, אַן אייגן ווינקל געהאַט און פאַרלאָרן. אַלץ פאַרלאָרן. און דאָס ערגסטע: מיין גלויבן אין מענטשן פאַרלאָרן. און ווען דאָס גלויבן פאַרלאָרן — אַלץ פאַרלאָרן... דו פאַרשטייסט, קעלנער? די גאַנצע שפּיליולע אונדזערע איז אַ מין לאָטעריי־צעטל. גילט דיר — ביסטו אַ חכם, אַ קנאַקער און פייפסט אויף דער גאַנצער וועלט. גילט דיר ניט — ליגסטו טיף אין דער אדמה און באַקסט בייגל. און שלעפּט איינער צוזאַמען, דורך קונקל־מונקל ביזנעס, אַ קעשענע מיט גאָלדענע רענדלעך, האַלט ער עס שטאַרק צו און שרייט: ס'איז מיינס! ס'איז מיין אייגנטום! און פוצט זיך אויס אין גאָלד און דימענטן און בלאָזט פון זיך. פוי, אַ וועלט איז דאָס!...

אַה, וואָס זאָגסטו, קעלנער? ס'וועט נאָך אַמאָל זיין אַ בעסערע און אַן ערלעכע וועלט. כ'ווייס? אפשר?...

נו, גענוג שוין פאַר היינט. האָב מיר אַ גוטן, קעלנער, אָרעוואואַר, דאָ סווידאַניאַ, גוד באַי!... (נעמט מיט זיך דאָס פלעשל און זינגט.)

ביסט מיט מיר, חבר מיינער,
איז מיר גוט.
ווער איך פריי, ווי אַ ציגיינער —
איי, ווי גוט!

. . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . .

(גייט אַפּ.)

1935.

# גראַף דערעדעלי

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ פאַרמוטשעטן אַנאַרכיסט־רעוואָלוציאָנער
אין אַ צאַריסטישער, פּאָליטישער געפענגעניש)

אַה, וואָס? — איר דענקט, אַז איך בין משוגע און איר זייט ביים קלאָרן פאַרשטאַנד?... אַנו, חברה ווערים, איר זאָגט דאָך, אַז איר זייט געבילדעטע מענטשן, מענטשן מיט דערהויבענע אידייען און מיט אַ סך וויסנשאַפט! פאַרשטייט איר די ציטאַטע? — אַלץ, וואָס דו, מענטש, טוסט, טו עס אַזוי, אַקוראַט ווי די מאַקסימע פון דיין האַנדלונג וואָלט דורך דיין ווילן געוואָרן אַ נאַטור־געזעץ. און ווען דו וואָלסט געהאַט די מאַכט פון אַ גאָט, וואָלסטו די נאַטור באַדאַרפט איבערשאַפן אַזוי, אַז דער דאָזיקער פּרינציפּ זאָל ווערן איינער פון אירע אייביקע געזעצן... — נו, איר האָט עס פאַרשטאַנען?... ווייסט איר כאָטש ווער האָט דאָס געזאָגט? האָט איר ווען שטודירט פרידריך ניטשע, עמאַנועל קאַנט, אָדער מאַקס שטירנער? האָט איר ווען געלייענט דאַרווין, רוסאָ, שפּינאָזאַ און פיכטע? וואָס, איר שווייגט? איר האָט פאַנאַנדערגעעפנט די מיילער און שטומט ווי אַ פיש!...

איר זייט אַ באַנדע אומוויסנדיקע טויגעניכטסן און פאַנטאַזיאָרן! איר זייט אַ באַנדע קליינינקע מענטשעלעך, מיט קליינינקע נשמהלעך און פּיטשינקע השגהלעך... נאַראָנים וואָס איר זייט!... איר קאָנט זיך אַליין ניט העלפן און איר ווילט נאָך אייערע מיטמענטשן העלפן... איר ווילט אויסבעסערן די וועלט! ניין, מענטשן, עס וועט זיך אייך נישט איינגעבן! בעסער פאַרניכטעט זי.

איר, וועלכע רופט זיך מענטשן, האָט אין דעם לאַנגן פּראָצעס פון אומוואַנדלונג און אַנטוויקלען זיך פון ווערים, שרצים און עקדישן זיך דערשלעפּט ביז צו דער שטופע פון אַ באַשעפעניש, וואָס רופט זיך מענטש. נאָר, ליידער, איז אין אייך פאַרבליבן צופיל וואָרעם און צופיל שרץ. אַמאָל זייט איר געווען ווילדע מאַלפּעס און היינט זייט איר ציוויליזירטע

מענטשן, אָבער אין דער אמתן זייט איר נאָך ביז צום היינטיקן טאָג ווילדע מאַלפּעס. איר זייט קנעכט און איר ווייסט דאָס אַליין ניט. עס איז ניטאָ קיין איינער פון אייך, וואָס זאָל יעדע מינוט ניט באַגיין אַ פאַרברעכן. איר ווייסט ניט צו־מאָל דעם פאַקט, אַז איר זייט פאַרברעכער... איר רעדט פון פרייהייט! וואו איז זי? — איך בין געווען אין ענגלאַנד, אין פראַנקרייך, אין אַמעריקע און אַפילו אין אַפריקע. איך בין געווען אויף פּאָסעליעניע אין סיביר; איך בין שוין אויך געווען אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער קרעפּאָסט, און איבעראַל האָב איך געזוכט די „פרייהייט", און איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז קיין פרייהייט איז אין דער איצטיקער געזעלשאַפט ניטאָ. אַלץ איז דעמאָראַליזירט, צעפוילט און פאַרדאָרבן... די גאַנצע וועלט איז איין גרויסע פּעסטונג און מיר זיינען אַלע אירע אַרעסטאַנטן... אייערע אידעאָלאָגיעס און פּלענער זיינען ניט מער ווי מיראַזשן, וועלכע פליען זיך פאַנאַנדער ווי אַ זייפנבלאָז...

וואָס, איר פרעגט, ווער איז אין דעם אַלעמען שולדיק? — שולדיק איז אייער זאָגענאַנטע מענטשלעכע געזעלשאַפט, מיט אירע בייזע, טראַדיציאָנעלע געזעצן און פוילע, פאַרשימלטע פאַראָנדקעס... קיינער פון אייך רעדט ניט וואָס איר דענקט; קיינער פון אייך טוט ניט וואָס ער וויל... דאָס טאָר מען ניט, דאָס דאַרף מען ניט, דאָס איז ניט שיין, דאָס דערלויבט ניט דאָס געזעץ. אַלץ וואָס איר פאַרלאַנגט איז צו זיין געמעסיקט, לעבלעך און פלאַך; ניט צו גאָט און ניט צום טייוול... איר האָט אַפילו מורא צו דענקען פריי — אַניט וואָלטן מיר דאָך ניט געהאַט אַזאַ העסלעכע, מיזעראַבעלע וועלט!... אויב איר ווילט ווערן אויס שקלאַפן פון אייער גייסט, דאַן — צו אַלעם ערשט — באַפרייט זיך און אייער אייגענעם געדאַנק!... אַנשטאָט צו וועלן פריי מאַכן די גאַנצע קאָרופּטירטע מענטשהייט, זאָרגט בעסער וועגן אייער אייגענער רעאַליזירבאַרער פרייהייט, באַפרייט צוערשט זיך אַליין!...

איר פרעגט מיך, וואָס וואָלט איך פערזענלעך געטאָן כדי די וועלט אויסצובעסערן? אָ, ווען איך האָב די מאַכט אין מיינע הענט, וואָלט איך ניט פּרובירט צו פאַרבעסערן די וועלט, נאָר איך וואָלט זי אין גאַנצן פאַרניכטעט, און אויף איר פּלאַץ וואָלט איך אויסגעבויט אַ נייע, אַ ריינע, אַן ערלעכע וועלט!... די ערשטע זאַך, וואָס איך וואָלט געטאָן מיט אייך, שרצים, — איך וואָלט יעדן איינעם פון אייך אַריינגעזעצט אין אַ באַזונדער קאַמער, — דאַן ערשט וואָלט זיך ביי נ'אייך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען

דער פרייהייטס־גייסט. ווייל ווי נאָר מענטשן קומען זיך צוזאַמען, הויבן זיי באַלד אָן צו שפּילן טעאַטער, און הויבן אָן צו לאַיגן... איר שרייט אַלע: „פרייהייט", „סוואָבאָדאַ", „גלייכהייט" פאַר אַלעמען! און אין דער זעלבער צייט זייט איר אַליין ניט קלאָר וואָס הייסט פרייהייט. איך האָב גאָר מורא, אַז אויב איר, זאָגענאַנטע סאָציאַליסטן און לעבלעכע דעמאָקראַטן, וועט אַמאָל אַרונטערשטירצן די איצטיקע באַרבאַרישע רעגירונג, וועט איר אַליין ווערן קאָרופּטירטע רעגירער!... איר זאָגט דאָך, אַז איר ווילט פרייהייט, איז פאַרוואָס דינגט איר זיך? פאַרוואָס בעטלט איר? פאַרוואָס נעמט איר ניט וואָס אייך קומט?... אָ, איר וואַרט ביז וואַנען מען וועט אייך געבן! ניין, נאַראָנים וואָס איר זייט, מען וועט עס אייך אויף אַ גאָלדן טעלערל ניט צוטראָגן, סיידן איר וועט קומען צום שכל און אַליין נעמען וואָס אייך קומט!... וואָרים פאַרשטייט איר ניט, איר טראַדיציאָנעלע שקלאַפן, אַז איר האָט אַלץ מיט אייערע אייגענע הענט געשאַפן, און איר זייט באַרעכטיקט צו אַ פולן חלק!... און אויב מען גיט אייך ניט מיט גוטן, דאַן נעמט זיך אַליין. גייט ניט אויף קאָמפּראָמיסן. אַלץ אָדער גאָרנישט!... איז פרייהייט, זאָל זיין אַ גאַנצע פרייהייט! אַ שטיקל פרייהייט איז קיין פרייהייט ניט...

וואָס, איר לאַכט? איר דענקט, אַז איך בין משוגע? איר גלויבט ניט, אַז מען קען געווינען די גאַנצע פרייהייט, די אַבסאָלוטע פרייהייט?! טאָ פאַרשטייט־זשע, איר זאָגענאַנטע סאָציאַליסטן, ראַדיקאַלן און פּראָגרעסיווע אינטעליגענטן, אַז אַזוי לאַנג ווי איר וועט אַליין ליגן אין דער פינצטערניש, אַזוי לאַנג ווי איר וועט אַליין זיך ניט באַפרייען פון אייערע אייגענע נאַרישע טראַדיציעס און בורזשואַזע געוואוינהייטן, וועט איר די וועלט ניט אויסבעסערן!... ניין, ניט איר וועט בויען די נייע געזעלשאַפט, נאָר אַנדערע מענטשן, מיט אָפענע מוחות און מיט לויטערע, פרייע געדאַנקען... ניין, אומזיסט אייער מי! — אייער געזעלשאַפט איז קאָרופּט און צעפוילט פון קאָפּ ביז די פיס. לאָמיר זי פאַרניכטן און אויף איר פּלאַץ אויפבויען אַ נייע, אַ פרייע, אַן ערלעכע!...

1927 — פון „דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד".

# פטור געוואָרן פון אַ שלאַק

(אַ מאָנאָלאָג פון אַן אויסגעגרינטער יידענע)

יו וואָנט טו ליסן? — טאָ הער זשע!... צו מיין טאָכטער גאָסי האָט גענומען אַריינגיין אַ באָי. צווישן אונדז גערעדט, איך האָב אים פון די פאָיסט טאַים ניט איבעריקס געגליכן. נו, בין איך דאָך אַ מאַמע, האָב איך אים געטרייט אויפצונעמען פיין און נייס; יעדעס מאָל געסוירוווט דעם טייבל... איך האָב ניט געגליכן זיינע פאָני לוקס, ניט געגליכן זיין דרעסינג, און ניט געגליכן זיין פאָני לענגוועדזש. דו הערסט, אָפילו זיין נאָמען האָב איך ניט געגליכן. ס׳געהערט, אַ מאַן קלייבט זיך אויס אַ נאָמען — ישראל־בער קאָהאַנאָוויטש!...

קאָנסט דאָך, אַלבעטשע, מיינען, אַז ער איז אַ פּליין מענטשל? — האָט מיר מיין גאָסי פאַרזיכערט, אַז ער איז אַ גרויסער קענער פון לענג־וועדזשעס, איז אַ קאַסירער אין אַ באַנק, און אויסער די אַלע מעלות, איז ער אויך אַ דאָקטאָר פילאָזאָף.

נו, בין איך דאָך אַ מאַמע, מאַך איך מיר האַרץ און טראַכט: זאָל זיין אַ דאָקטאָר פילאָזאָף, אַבי אַ דאָקטאָר. קאָנפידענטשעלי, איך האָב אַלע מיינע יאָרן גרויס פערספּעקט פאַר פּראָפעשינעלס. דו ווייסט דאָך, אַז אַלע מיינע קינדער זיינען פּראָפעשינעלס!... איין זון מיינער איז אַן איי־דאָקטאָר, אַן אָפּטאָמעטרע, מאַכט איי־גלעסעס. דער צווייטער זון מיינער, בענעדיקט, איז אויך אַ דאָקטאָר, אַ פּעדעדאָטריסט, אַ ספּעשיאַליסט טשי־ראָפּאָדע, האָט אַן אייגענע צוויי־סטאָרי הויז און טרייבט אַ נייעם טשיוו־ראָלע. און מיין יינגסטע טאָכטער נאָנאַ האָסטו פאַר שור געהערט, אַז זי איז מעריד צו אַ רייכן לאָיער! — ער פאַרמאָגט פּלענטי רילעסטייט, און איך אויך אַ פאַרטנער אין אַ ביג סטים־לאָנדרע. קאָנפידענטשעלי, איך האָב ליב די פּראָפעשינעלס! — זיי האָבן ענוי טיים אַ בעסערן טשענס זיך אַרויפצואַרבעטן. און אַ מאַן מיט אַ דעפּלאָם איז אַלבעטשע טהאָוזענט טיימס בעסער אָפּ פון אַ פּליין שאָפּ־אַרבעטער!...

דעם אמת געזאָגט, איז ביי מיר אַ דאָקטאָר פילאָזאָף ניט קיין גרויסע מציאה, עפּעס ווי סעקאָנד הענד גודס. איך האָב ניט געהערט עמעצער זאָל זיך אַרויפאַרבעטן פון אַזאַ ביזנעס. נו, האָב איך אַלץ צוגעקוקט און געשוויגן מיט אַ וויי טיק אין האַרצן. וואָס קוד איי מאַך!... דערצו, יו נאָו, מיט היינטיקע קינדער קאָן מען זיך דען אָנפאַנגען? מען פרעגט דען ביי דיר?...

ווי איך האָב שוין דיר געזאָגט, איז ער, אָט דער מיסטער ישראל־בער קאַהאַנאָוויטש, פון ערשטן מאָל מיר ניט איבעריקס געפעלן געוואָרן. עפּעס איז ער אַזאַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַזעלכע דיקע איי־גלאָסעס, אַז עס מאַכט אויסצוקוקן, גלייך ווי זיינע אויגן פאַלן באַלד אַרויס. היינט טראָגט ער אַן אַלטמאָדישן סוט, די פענס צעקנייטשט, ניטאָ קיין סימן פון אַ קריז; אַ העט טראָגט ער עפּעס אַ צעדרייטס, ווי די עקטערס טראָגן.

אָבער וואָס אמת איז אמת, איין זאַך איז מיר גראָד געפעלן געוואָרן, — ער איז נאָך אַ יונגער, און מיט אַ פיין קאָפּ שוואַרצע האָר. אָבער וואָלט ער ניט געהאַט אַזאַ דאָידי מאָוט, וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה!... היינט רעדט ער אַזוי לאָוד און פרעש!... און הייבט ער אָן רעדן, פאַרגעסט ער אויפצוהערן.

איך דאַרף דיר ניט דערציילן, יו נאָו, אַז איך רעד אַ פיינעם ענגעליש. שוין, אַ דאַנק גאָט, 45 יאָר אין אַמעריקע. טאַ הער־זשע. איך רעד צו אים ענגעליש, און ער, מאַי גודנעס, פאָר ספּייט, ענטפערט מיר אין אַזאַ מאָדנעם יידיש, פונקט ווי מיין באָבע האָט גערעדט אין די אָלד קאָנטרי. און ווען איך פלעג אים באַגעגענען מיט אַ שיינעם „האַ־דו־יו־דו, מיסטער איזראַעל!" — האָט ער אַרויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער: „ווען איר זאָגט מיר: גוטן אָוונט, ישראל־בער, וואָלט געווען אַ סך שענער און געזינטער פאַר אייך." וואָס מיין איך, אַז ער איז אַ גרינהאָרן, ניט לאַנג פון דער שיף אַראָפּ. ערשט עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז אַ הי־געבאָרענער, קאָן גוט ענגעליש, נאָר ער רעדט פאָר ספּייט מיט מיר) יידיש, ווייל ער באַלאַנגט צו אַזאַ יידישע לענגוועדזש סאָסייעטע — יידישיסטן... נו, וואָס טוט ניט אַ מאַמע צוליב אַ קינד! — האָב איך מיר גענומען לערנען, ווי ער רופט עס, אַ גוטן יידישיסטישע יידיש, פלעג איך מיר נעמען פייפער און פענסל און פאַרשרייבן אַלע זיינע פענסי ווערטער און צענטענסעס.

דו הערסט, מאַי גודנעס, ניט איינמאָל איז ער אַרויסגעפאָרן מיט אַזאַ

ספּיטש: ניט קראַנק, זאָגט ער, זיינען די יידן צו רעדן אַ גוטן יידיש!... יידיש, זאָגט ער, איז פּונקט אַזאַ פיינע לענגעוויטש, ווי אַלע וועלט־לענג־וועדזשעס; און ניטאָ זיך וואָס צו שעמען מיט יידיש!... איצט הער ווייטער און לאַך ניט.

פּאָטייטאָס הייסט ביי אים ערד־עפּל; אַ גראָסערי רופט ער קרעמל; אַ סאָבוויי איז ביי אים אַן אונטערערדישע באַן; מואווינג־פּיקטשעס איז ביי אים באַוועגלעכע בילדער. היינט נוצט ער אַזעלכע פענסי ווערטער, ווי צענצאַציע, עקספּלאָנטאַציע, אַסימולאַציע... וואָס, דו לאַכסט? — אַל־בעטשע, דו מיינסט, אַז ער איז אַ משוגענער, און טראַכט די אַלע ווערטער אויס!... ניין, מיין גאָסי האָט מיר געזאָגט, אַז די אַלע ווערטער געפינט מען אין אַ יידישן דיקשינערי.

ליסן טו דיס, דו מעגסט עס הערן! איין מאָל איז דער צעדרייטער פילאָזאָף, אָט דער מיסטער ישראל־בער קאַהאַנאָוויטש אַרויסגעפאָרן מיט אַזאַ ספּיטש, קוקט מיר גלייך אין די אויגן אַריין, און שרייט הויך, ווי די גאַנצע וועלט איז אים עפּעס שולדיק: — מענטשן, זאָגט ער, זיינען דאָ אויף דער וועלט פון פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס, — מענער און פרויען, קלוגע און בהמות, מענטשן מיט שיינע סאָולס, און מענטשן מיט וועלפישע האַרצן; מענטשן ערלעכע, האַרעפאַשנע, און מענטשן עקספּלואַטאַטשנע, סאָקערס.

וואָס, דו ווילסט שוין גיין? נו, וועל איך דיר דאָס מאַכן קורץ. איין מאָל איז דער דאַרער פילאָזאָף, אָט דער ישראל־בער מיט די צעקנייטשטע פענס, געקומען, ווען מיינע קינדער, די דאָקטוירם, זיינען געווען ביי מיר צוגאַסט. נו, יו נאָו, האָט מען גענומען רעדן וועגן פּאָליטיקס. מישט ער זיך אַריין, און טאַקע אויף אַ הויכן קול: — אַלע פּאָליטישנס, זאָגט ער, פון די גרעסטע ביז די קלענסטע, זיינען בודלערס און גרעפטניקעס... — נאָך דעם האָט מען פאַרצויגן אַ קאָנווערסיישע וועגן פּראָפעשינעלס. נו, מישט ער זיך ווידער אַריין, אָט דער קרייזי פילאָזאָף, מיט אַזאַ ספּיטש: — אַ קאָלעדזש עדוקיישן, און אַ דאָקטער דעפּלאָם איז נאָך נאַטינג מיט נאַטינג; עס איז פּונקט אַזאַ מלאכה, ווי שניידעריי, אָדער דיזיינינג. דער־הויפּט, זאָגט ער, ווענדט זיך אָן דעם, וואָס פאַר אַ קאָפּ מען טראָגט אויף די פּלייצעס, און צי מען האָט אַ געזונטע לאָגיסטקע... — נו, ס׳געהערט רייד!... מאַי גודנעס!... ביי מיר האָט דער פּייס געפּלאַמט פון שאַנדע פאַר מיינע קינדער די דאָקטערס. ס׳געהערט רייד! — אַ דאָקטערס עדור־

קיישן, אַ דעפּלאָמע איז ביי אים נאָטינג מיט נאָטינג, געגליכן צו שניידעריי...

וואָס, דו איילסט זיך? — דאַרפסט גיין מאַכן סאַפּער? — נו, וועל איך עס מאַכן קורץ. ניט נאָר האָבן מיינע קינדער, די פּראָפעשיגעלס, אַזעלכע מיאוסע ווערטער ניט געקאָנט פאַרטראָגן, נאָר דאָס מאָל האָט אויך מיין טאָכטער גאָסי ניט געקאָנט אויסהאַלטן, געוואָרן טויט־בלאַס און קוים אַרויסגערעדט: — שעמען מעגט איר זיך, מיסטער קאַהאַנאָוויטש, פאַר אַזעלכע רייד!...

נו, האָט זיך דער קרייזי פילאָזאָף אויפגעשטעלט, אָנגעטאָן זיין פּאָני העט, געקוקט אַלעמען גלייך אין די אויגן אַריין און אַרויסגעדונערט:— איר זייט אַלע, די גאַנצע משפּחה אייערע, אַ באַנדע איגנאָראַמוסעס, קליינע מענטשעלעך!... — און איז אַוועק.

מער איז שוין אָט דער ישראל־בער קאַהאַנאָוויטש, אָט דער שלעפּער־רוק, אָט דער צאָצאַליסטל מיט די צעדריפּעטע הויזן, צו אונדז אין הויז ניט געקומען. אַ דאַנק גאָט, כּטור געוואָרן פון אַ שלאַק!...

.1947

# אַ גרויסער טיפּ...

ס׳זיינען געזעסן עטלעכע טעקסי־דרייווערס אין אַ בילּיקן רעסטאָראַן און האָבן זיך דערציילט מעשיות וועגן פּאַסאַזשירן, וועלכע גיבן טיפּס, וועגן פּאַסאַזשירן חזירים, וועגן בייזאַכטיקע פּייגלדיקע פּאַסאַזשירן...

צווישן זיי איז געזעסן איינער אַ דורכגעטריבענער יונג, און אָט וואָס ער האָט דערציילט:

דאָס איז געשען מיט אַ יאָר זיבן־אַכט צוריק, באַלד נאָכן גרויסן קראַך אין וואָל־סטריט. איך בין דאַן ערשט געוואָרן אַ דרייווער. אין לאַנד בין איך געווען ניט מער ווי זעקס יאָר. דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער, אַ כמורנער. איך בין אַרויסגעפאָרן מיט מיין טעקסי עלף אינדערפרי און זיך געשטעלט ניט ווייט פון וואַלדאָרף־אַסטאָריאַ האָטעל. האַרט ביים האָטעל, ווי איר ווייסט, לאָזט מען ניט שטיין, — דאָרט שטייען די מיוחסים, די וועלכע שמירן אונטער. איך שטיי זיך אַזוי אַ גאַנצע שעה. טויזנטער מענטשן גייען פאַרביי, טויזנטער אויטאָמאָבילן פאָרן דורך, נאָר מיין טעקסי דאַרף מען ניט. זיץ איך און טראַכט: אין אַזאַ ביטערן קריזיס האָב איך געדאַרפט ווערן אַ טעקסי־דרייווער!... אויפן האַרצן איז מיר קאַלעמוטנע און די קעלט נעמט מיך דורך.

איך גיי אַרויס פון טעקסי, שפּרינג אַביסל אונטער, כדי מיינע גלידער זאָלן זיך פאַנאַנדערוואַרעמען. איך וויש אַרום די מאַשין און זעץ זיך ווידער אַריין און וואַרט. איך האָב שוין געוואָלט אָוועקפאָרן און פּרובירן מזל ערגעץ אַנדערש־וואו. ערשט מיטאַמאָל גייען אַרויס פון האָטעל פיר רייכע פּאַרשוינען. קענטיק, אַ פאָטער און מוטער און צוויי קינדער. זיי זיינען געווען פון בידעריקן וואוקס, ברוין־הויטיקע מיט ברייטע נעזער. איך דענק, אַז זיי זיינען געווען יאַפּאַנעזער. דער פאָטער פון דער פאַמיליע, וועלכער האָט מיר אויסגעזען ווי אַ פּראָפעסאָר אָדער ווי אַן אַמבאַסאַדאָר, האָט זיך געלאָזט גלייך צו מיר און פרעגט מיך:

— ביסטו אַן אַמעריקאַנער?

איך האָב זיך אַביסל דערשראָקן פאַר אים, אָבער אַז איך האָב דער־הערט אַ געבראָכענעם ענגליש, מאַך איך מיר קוראַזש און ענטפער:

— געוויס בין איך אַן אַמעריקאַנער.

פרעגט ער מיך ווייטער:

— ביסטו אַ געבוירענער אַ ניו־יאָרקער?

ענטפער איך אים און טו זיך אַפילו ניט אַ קרים:

— ניט נאָר בין איך געבאָרן געוואָרן אין ניו־יאָרק, נאָר אַפילו מיין טאַטע און מאַמע זיינען געבאָרן געוואָרן אין ניו־יאָרק.

— נו, איז גוט. טאָ פיר אונדז אַנקוקן די שטאָט, פיר אונדז אין די פּאַרקס, צו די מוזעאומס...

ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, בין איך נאָך דאַן געווען אַ גרינער און איך האָב אַליין גוט ניו־יאָרק ניט געקענט. אָבער „נוירוו" האָב איך אַלעמאָל געהאַט.. זיי זעצן זיך אַריין און איך לאָז מיך פאָרן איבער דער פינפטער עוועניו. אַריינגעפאָרן אין סענטראַל פּאַרק, אָפּגעשטעלט זיך ביי די מוזעאומס. וואָס מער איך בין געפאָרן, אַלץ מוטיקער און רעדעוודיקער בין איך געוואָרן. ווען איך בין פאַרבייגעפאָרן אַ הויכן הימלקראַצער, האָב איך מיין פּאַסאַזשיר געזאָגט, אַז דאָס איז איינע פון די העכסטע געביידעס אין דער וועלט. מיין פּאַסאַזשיר האָט דאָס באַלד אויף זיין שפּראַך איבער־געגעבן זיין פאַמיליע און זיי האָבן נייגעריק נאָכגעקוקט די בילדינג.

ווען איך בין שפּעטער מיט זיי געפאָרן אויף ריווערסייד־דרייוו, האָב איך זיי אָנגעוויזן אויף איין געביידע און געזאָגט, אַז דאָ וואוינט ראַקנ־פעלער, אויף אַ צווייטער געביידע, אַז דאָ וואוינט מאָרגאַן. ווען איך בין צום צווייטן מאָל פאַרבייגעפאָרן די 42טע סטריט לייברערי, האָב איך זיי געזאָגט, אַז דאָס איז די גרעסטע לייברערי, וואָס די וועלט פאַרמאָגט, און זי האָט צוויי מיט אַ האַלבן ביליאָן ביכער. מיינע פּאַסאַזשירן האָבן אַלץ אויסגעהערט און אַלץ באַוואונדערט.

אַזוי זיינען מיר אַרומגעפאָרן איבער פיר שעה. איך בין שוין געווען גוט מיד און הונגעריק, פרעג איך מיין רייכן פּאַסאַזשיר, וואָס נאָך וויל ער זען אין ניו־יאָרק. ענטפערט ער מיר, אַז ער וויל נאָך אָנקוקן דזשאָרדזש וואַשינגטאָנס מאָנומענט.

איך האָב קיין סך ניט געטראַכט און לאָז זיך גלייך אַוועק צו וואַשינג־טאָן סקווער — דאָרט מוז דאָך אויף זיכער זיין וואַשינגטאָנס מאָנומענט. איך קום אָן אויף וואַשינגטאָן סקווער, — ווייז איך אים אָן אויף דער גרוי־

סער שטיינערנער אַרקע און זאָג אים: „אָט אויף דעם פּלאַץ האָט דזשאָרדזש וואַשינגטאָן באַזיגט אַפריער די אינדיאַנער און שפּעטער די ענגלענדער, און צוליב דער געשעעניש האָט מען דאָ אַוועקגעשטעלט אָט דעם גראַנדיעזן טויער.״ נאָכדעם האָב איך אים אָנגעוויזן אויף אַן אַלטער געביידע און געזאָגט: „אָט אין יענער נידעריקער הויז, האָט טאַקע דזשאָרדזש וואַשינגטאָן אַליין געוואוינט גאַנצע צוואַנציק יאָר...״

— אָבער וואו איז זיין מאָנומענט? — האָט מיך איבערגעשלאָגן מיין פּאַסאַזשיר.

ניט ווייט פון אונדז איז געשטאַנען אַ גרויסע סטאַטוע. זאָג איך: „אָט דאָס איז וואַשינגטאָנס מאָנומענט.״

מיין פּאַסאַזשיר איז אָבער דאָס מאָל ניט געווען פויל און איז אַרויסגעקראָכן פון דער טעקסי און אַוועק באַטראַכטן די סטאַטוע. קומט ער צוריק און זאָגט:

— ס׳איז ניט ריכטיק. דאָרט שטייט אויסגעקריצט דער נאָמען גאַריבאַלדי.

פאַרליר איך מיך ניט און גיב באַלד אַ זאָג:

— איר פאַרשטייט, מיסטער, וואַשינגטאָן איז ניט נאָר געווען אַ גרויסער גענעראַל און אַ באַרימטער פּרעזידענט, נאָר ער איז אויך געווען אַ זייער גרויסער שרייבער, און אַלס שרייבער האָט ער זיך גערופן גאַריבאַלדי.

מיין אויסלענדישער פּאַסאַזשיר האָט נאַריש אַ שמייכל געטאָן און איז קענטיק געבליבן צופרידן מיט מיין ענטפער.

— און איצט, — זאָגט ער, — ווילן מיר זען נאָך איין זאַך. איר האָט אין אַמעריקע אַ זייער באַרימטע אַקטריסע און זי הייסט איזאַדאָראַ דאָנקאָן. איך האָב געהערט, אַז די שטאָט ניו־יאָרק האָט צוליב איר אויפגעשטעלט אַ וואונדערבאַרע סטאַטוע. פיר אונדז אַהינצו.

— גוט, — זאָג איך, — איך וועל אייך נעמען...

איך לאָז זיך פאָרן און טראַכט: וואו זאָל איך דעם רייכן גרינהאָרן נעמען אַ סטאַטוע פון דער אַקטריסע דאָנקאָן? און אַזוי פאָרנדיק מיט זייטיקע גאַסן בין איך אָנגעקומען אויף קאָלאָמבוס סוירקל. איך שטעל זיך אָפּ און ווייז אים אָן אויף דער הויכער סטאַטוע און זאָג מיט זיכערקייט:

— אָט דאָס איז די אַקטריסע איזאַדאָראַ דאָנקאָן!

באַטראַכט מיין זאָנדערבאַרער פּאַסאַזשיר די סטאַטוע און זאָגט:

— דאָס איז דאָך גאָר אַ מאַן, און די דאָנקאָן איז אַ פרוי!

ענטפער איך:

— דאָס איז די דאַנקאַן אין דער ראָל פון האַמלעט, און האַמלעט איז געווען אַ מאַן.

מיין פּאַסאַזשיר האָט אויך דאָס מאָל אָנגענומען מיין ענטפער פאַר גוט געלט.

— נו, און איצט, — זאָגט ער, — פירט אונדז צוריק אין האָטעל.

איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט, ווייל איך בין געווען טויט־הונגעריק און מיד, און דערצו האָב איך שוין געוואָלט זען די מזומנים. עס נעמט ניט לאַנג און איך בין ביי וואַלדאָרף־אַסטאָריאַ. ער פרעגט מיך:

— וויפיל קומט דיר?

זאָג איך: — דער זייגער ווייזט איין־און־צוואַנציק דאָלער.

נעמט ער אַרויס דריי קנאַקעדיקע צענערלעך און גיט מיר. ווייל איך געבן רעשטע, זאָגט ער: „מען דאַרף ניט.“ כאַפּט זיך ביי מיר אַרויס:

— פאַרוואָס אַזאַ גרויסער טיפּ?

זאָגט ער:

— דאָס איז דערפאַר, וואָס דו האָסט אַזאַ רייכע פאַנטאַזיע!

.1937

# דינסטן

אין רייכן האָטעל „גרענד קאָנקאָרס" ביים סוואַני־לעיק האָט מען ערשט אָפּגעגעסן „דינער". די געסט האָבן זיך פאַנאַנדערגעשאָטן אויף אַלע זייטן. די יונגוואַרג איז אַוועק — ווער שפּילן טעניס, ווער שיפלען זיך און ווער פאָרן אויף פערדלעך. די עלטערע, בייכלדיקע מענער מיט דיקע ציגאַרן אין מויל, זיינען אַוועק אין אַ שאָטנדיקן פלאַץ שפּילן אַ „פּאָוקער". די עלטערע דאַמען — מיט אָנגעשמינקטע פּנימער, מיט גע־פאַרבטע האָר און אין קורצע קליידלעך, קוים דערגרייכנדיק די קני, האָבן זיך אויסגעזעצט אין די ווייכע „ראָקערס" אויף דער פּראַכטפולער וועראַנדע, אַרום אַ פאָנטאַן, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשפּריצט מיט וואַסער און וואו גאָלדענע פישעלעך זיינען געמיטלעך אַרומגעשוואומען, און האָבן פאַרפירט אַ געשפּרעך.

געוויינלעך רעדן אָט די דאַמעס פון זייערע דורכגעמאַכטע אָפּעראַציעס, פון וויסנשאַפטלעכע דיעטעס, פון „אַלוירזשיקס", פון דימענטן און רויכ־וואַרג־מאַנטלען, וואָס זיי קליבן זיך איינצוהאַנדלען, און פון „ביוטי־פּאַרלאָרס". היינטיקס מאָל האָט זיך פאַרצויגן אַ געשפּרעך וועגן דינסט־מיידלעך.

דערציילט איין דאַמע, אַ הויכע און דיקע, מיט אַ דריי־גאָרנדיקער מאָרדע, וועלכע האָט די גאַנצע צייט געאָטעמט שווער און געפּאָכעט מיט אַ זיידן פעכערל:

— איך האָב געהאַט אַ דינסט, איז זי גראָד געווען אַ גוטע, פלעגט האַלטן ריין דאָס הויז, וואַשן די פענצטער יעדע וואָך, אויך געוואַשן די קאָלירטע וועש. איז זי אָבער געווען אַ פרעסערין...

דערציילט אַ צווייטע דאַמע, מיט אַן אויסגעווייקט פּנים און מיט בלויע זעקעלעך אונטער אירע טעמפּעס, פּייכטע אויגן, וועלכע האָט זיך די גאַנצע צייט געהוידעט און אַרויסגעשטעלט אירע דאַרע, מאַלפּעשע הענט, פול באַדעקט מיט בראַסלעטן און דימענטן:

— איך האָב אַלעמאָל צרות פון מיינע דינסטן. איר ווייסט דאָך, איך וואוין אין סענטראַל פּאַרק וועסט, אויפן אַכצנטן פלאָר. איז אַז עס קומט צו וואַשן פענצטער, ווילן זיי ניט. זיי זאָגן, אַז עס שווינדלט זיי אין קאָפּ. פּריצות גאַנצענע! שטאָפּ זיי אָן מיט גאָלד און כאָטש גיי אַליין וואַשן פענצטער! איינמאָל האָב איך אַריינגעקראָגן אַ יונגע דינסט, אַ קאַנאַדער. זי האָט גערעדט אַ שיינעם פראַנצויזיש. טראַכט איך מיר: זאָלן זיך מיינע קינדער אויסלערנען פראַנצויזיש פאַרן זעלבן געלט. מאַכט זיך, אַז מיר גייען אַוועק אין דער זומער. ראָזאַ פאָנסעל האָט דאַן צום ערשטן מאָל געשפּילט אין דער ראָל פון קאַרמען. אַז מיר זיינען געקומען צוריק, האָבן מיר געטראָפן די טירן אָפן. בקיצור, זי האָט אונדז באַגנבעט. די דזשולערי האָט זי ניט אויפגעזוכט. זי האָט צוגענומען מיינעם אַן אַלטן פאַר־קאָוט, אַביסל זילבערוואַרג און מיין מאַנס אַ סוט. גראָד קיין גרויסן שאָדן האָבן מיר ניט געהאַט, ווייל מיר האָבן געקראָגן זעקס הונדערט דאָלער פון דער „בוירגלערי אינשורענס קאָ.“ — און ווערט איז אַלץ צוזאַמען געווען ניט מער ווי אַ צוויי הונדערט...

איינע, אַ דאַרע, ברעטלדיקע דאַמע, מיט אַ זייער מיאוסן מויל און מיט אַ סך שמינק אויפן גרויסן פּנים, וועלכע האָט די גאַנצע צייט גע־רויכערט סיגאַרעטלעך, האָט זיך אַריינגעמישט אין געשפּרעך:

— מיט אַ פיר יאָר צוריק האָב איך אַריינגענומען אַ יונגע איירישע דינסט. זי איז גראָד געווען אַ גוטע אַרבעטערין, געהאַלטן די הויז און די קינדער ריין. ערשט איך באַמערק, אַז מיין מאַן צאָלט צופיל אויפמערק־זאַמקייט מיין דינסט, כאָטש ער איז שוין דאַן געווען אַריבער זעכציק. ער פלעגט מיט איר פּאַרפירן געשפּרעכן און האָט זי עטלעכע מאָל איינ־געלאַדן צו עסן מיט אונדז ביי איין טיש. איך בין טאַקע אַ ליבעראַלע פרוי, אָבער אַזעלכע זאַכן האָב איך פיינט, — אַ דינסט דאַרף וויסן איר פּלאַץ, אַניט קריכט זי אויפן קאָפּ. איך האָב די יונגע איירישע דינסט אַנטזאָגט און אויף צו־להכעיס מיין מאַן האָב איך אַריינגענומען אַן עלטערע, שטילע, סאָלידע פרוי. מיין לוסי איז שוין דאַן אַלט געווען זעכצן יאָר, פלעגט זי גיין נאָך סקול „האָרס־בעק־ריידינג“ אין סענטראַל פּאַרק. ווי איר ווייסט, האָב איך ניט ליב צו זיצן אין הויז בייטאָג. באַלד נאָך „דינער“ גיי איך צו אַ פריינדין שפּילן אין קאָרטן, אָדער איך גיי זען וואָס עס טוט זיך אויפן „סטאָק־עקסטעדזש באָארד“. מיר האָבן דאַן געוואוינט אויף דער זעקס־און־אַכציקסטער גאַס, לעבן דרייוו. איין מאָל גיי איך אַהיים. עס

איז געווען אין אָקטאָבער, עלעקשאָן־צייט, ערשט אַרום דער צוויי־און־זיבעציקסטער גאַס שטייט אַן עולם. איך שטופּ זיך אויך אַריין און זע אויף אַ „סאָופּ־באָקס״ שטייט אַן עלטערע פּרוי און רעדט פון פייער און וואַסער: אונדזער קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם, זאָגט זי, איז ניט גוט; די דעמאָקראַטישע און די רעפּובליקאַנער פּאַרטייען זיינען קאָרופּט און פול מיט „בודל״־פּאָליטישנס. נאָר די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז גוט. וואוט פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אויב איר ווילט אַן ערלעכע רעגירונג!...

ווען איך האָב מיך צוגערוקט אַביסל נעענטער, און אַריינגעקוקט דער רעדנערין אין פּנים אַריין, ווער מיינט איר האָב איך דערזען? — מיין סאָלידע, שטילע דינסט... פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אין דעם זעלבן אָוונט האָב איך זי אָוועקגעשיקט... איר האָט געדאַרפט הערן מיט וואָס פאַר אַ חוצפּה און מיט וואָס פאַר אַ שפּראַך מיין שטילע דינסט האָט מיר אָפּגעענטפערט! איר הערט, זי האָט נאָך געהאַט טענות צו מיר, געוואָלט איך זאָל איר באַצאָלן פאַר אַ גאַנצן מאָנאַט!...

עטלעכע פון די רייכע דאַמען האָבן מיט אַ לייכטן געמיט אָפּגעזיפצט און אַרויסגערעדט:

— אַ גרויל! מען קאָן פון די דינסטן ניט אויסהאַלטן!...

1940.

# די האַרטע ווירקלעכקייט

(הערי קעליס אַ מעשהלע)

ביט ווייט פון דובלין, אין דעם שטעטעלע מעקונטשי, האָט אין אָנהויב פון אַכצטן יאָרהונדערט געוואוינט אַן אַלט פּאָר פּאָלק. זיי זיינען ביידע געווען בלינד פון זייער געבורטסטאָג אָן. געלעבט האָבן די צוויי אַלטע אַלע זייערע יאָרן געמיטלעך און פרידלעך פון אַ מיזערנער פּענסיע, וואָס די רעגירונג האָט זיי צוגעטיילט.

פאַר זייערע טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן האָבן זיי גענוצט זייערע סענסיטיווע הענט. אין גאַס זיינען זיי געגאַנגען מיט דער הילף פון אַ שטעקן, אָדער מיט דער הילף פון זייער געטרייען הונט. מענטשן האָבן זיי דערקענט נאָך זייער קול. גוטע שכנים האָבן זיי יעדן זונטיק אין קירכע געפירט.

פון די אַלע שיינע מעשיות, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעהערט פון זייערע פריינט וועגן אונדזער וועלטל, האָט זיך ביי דעם אַלטן פּאָר פּאָלק אויס־געפורעמט אַ הערלעך, פּרעכטיק בילד. דעם הימל און די ערד האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט ווי באַצויבערנדיקע מיראַזשן; דעם ים — ווי אַ גיגאַנטיש־מאַיעסטעטישן וואַסער־טורעם; די מענטשן זיינען זיי פאָר־געקומען ווי גראַציעזע, אויסגעטאָקטע מאָדעלן... אָט אין אַזעלכע אילוזיעס און זיסע חלומות האָט דאָס אַלטע פּאָר פּאָלק געלעבט יאָרן־לאַנג בשלום און ליבשאַפט צווישן זיך, און אין פולער האַרמאָניע מיט אַלע אַרומיקע מענטשן.

ויהי היום, און אין דעם העק שטעטעלע מעקונטשי איז אָנגעקומען, מיט אַ סך פּאָמפּ און טומל, אַ וועלט־באַרימטער בעל־מופת, אַזאַ איינער, וואָס קאָן טאָן ניסים ונפלאות; אַ וואונדער־רופא, וועלכער קאָן מיט זיינע קרייטעכער, זאַלבן און וואַסערלעך פּשוט פון טויט לעבעדיק מאַכן.

די אויסערגעוויינלעכע ניסים, וואָס דער מכשף־רופא טוט אויף, איז, פאַרשטייט זיך, אויך דערגאַנגען צו אונדזער בלינדן פּאָר פּאָלק. זיי האָבן

געהאַט צווישן זיך אַ לאַנגן ישוב־הדעת און נאָך איין דעם זעלבן טאָג, מיט דער הילף פון אַ גוטן פרייַנט, האָבן זיי זיך צום בעל־מופת דערשלאָגן. דער מכשף־רופא האָט קיין סך שאלות ניט געמאַכט און מיט אַ באַצווינגנ־דיקער לייבן־שטימע האָט ער זיי קורץ און שאַרף דערקלערט, אַז ער קאָן זיי אויף זיכער אומקערן זייער ראיה, און זיי וועלן ווערן זעענדיק ווי אַלע אַנדערע מענטשן. אָבער ער האָט בלויז איין פלעשל מיט אַזאַ הייליק וואַסערל. אַלזאָ, אויב זיי וועלן קויפן אַביסל פון דעם וואַסערל, פאַר צען גאָלד־שטיק, וועט עס זיי זעענדיק מאַכן אויף אַ געוויסער צייט, און אויב זיי וועלן קויפן דאָס גאַנצע פלעשל פאַר פופציק גאָלד־שטיק, וועט עס זיי אויסהיילן לעולם ועד.

קיין סך אָפּגעשפּאָרט געלט האָבן זיי ניט פאַרמאָגט, און אגב האָבן זיי זיך געוואָלט איבערצייגן, צי מען נאַרט זיי ניט אָפּ. האָבן זיי איינ־געהאַנדלט בלויז אַ טייל פון דעם הייליקן וואַסערל פאַר צען גאָלד־שטיק.

זיי האָבן געטאָן אַזוי, ווי דער וואונדער־רופא האָט זיי אָנגעזאָגט: געריבן צוויי מאָל אַ טאָג די אויגן מיט דעם הייליקן וואַסערל.

און וואונדער איבער וואונדער! — דאָס וואַסערל האָט זיי געהאָלפן, און זיי האָבן גענומען זען דורך זייערע אויגן־פענצטערלעך פון טאָג צו טאָג אַלץ מער און מער. די ערשטע זאַך, וואָס זיי האָבן דערזען, איז דאָס קאָליר פון זייערע הענט, און זיי האָבן אָן אויפהער געציילט זייערע צען פינגער. דערנאָך זייַנען זיי צוגעגאַנגען צו די פענצטער און לאַנג, לאַנג געקוקט — אָט אויף דער ערד, אָט אויפן הימל, און האָבן זיך ניט געקאָנט צו זאַט אָנקוקן מיט דער ליכטיקער וועלט. זיי האָבן ניט געוואוסט וואָס פריער צו באַטראַכטן. די גרעסטע פרייד זייערע איז געווען, ווען זיי האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן דערזען זייער לאַנג־יאָריק־געטרייען הונט. און ווען מאַן און ווייב האָבן זיך צום ערשטן מאָל אָנגעקוקט, האָבן זיי גיריק און מיט באַזונדערער קוריאָזיטעט באַקוקט איינער דעם אַנדערן פון קאָפּ ביז די פיס; און ווען זייערע אויגן האָבן זיך צוזאַמען געשפּיזלט, האָבן זיי זיך צעלאַכט... אַ שכן האָט זיי געבראַכט אַ שפּיגל, האָט דאָס אַלטע פּאָר פאַלק שעה'ן לאַנג זיך געשפּיגלט, געמאַכט גרימאַסן און זויערע מינעס און געלאַכט...

אויפן צווייטן טאָג זייַנען זיי אויפגעשטאַנען נאָך איידער די זון איז אויפגעגאַנגען, זיך געלאָזט גיין הינטערן שטאָט צום טייכל. אַלץ האָבן זיי געשלונגען מיט אויפגעריסענע אויגן: דאָס רואיקע, פאַרנעפּלטע, פליסיקע

טייכעלע, דעם טונקל־בלויען הימל מיט זיינע גרויע וואָלקנדלעך. זיי זעען ווי אָרום טייכעלע שטייען אויסגעצויגן אַלטע גרינע נאָדל־ביימער, ווי זעלנער אין אַ סטראַי. און באַלד דערזעען זיי, ווי פון הינטער די טונקל־גרינע גריוועס פון די ביימער באַווייזט זיך אַ רויטע, פייערלעכע זון און גיסט אָפּ דעם הימל מיט גאָלדענע שטראַלן, און דער טוי אויף די נאָדל־ביימער האָט גענומען פינקלען, ווי דימענטן און בריליאַנטן. דאָס אַלטע פּאָר פאָלק איז געבליבן שטיין פאַרגאַפט מיט אָפענע מיילער, און זיך צו זאַט ניט געקאָנט אָנקוקן אויף די פּראַכטפולע, פאַרשיידנאַרטיקע קאָלירן, וועלכע זיי האָבן געזען צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן...

עס איז אַוועק ביי די אַלטע זייער האָניק־חודש, און ווען זייערע אויגן האָבן זיך אָנגעזעטיקט מיט די אַלע חידושים און מיט די אַלע וואונדער פון דער נאַטור, האָבן זיי גענומען מורא האָבן פאַר די זונלאָזע, כמורנע טעג, פאַר די רעגנדיקע, קאַלטע נעכט, פאַר די דונערן און בליצן און פאַר די קוריאָזע, נאָכשפּירנדיקע שכנישע חוזק־בליקן. זייער פרייד האָט זיך ביסלעכווייז גענומען אויסוועפּן.

דער אַלטער האָט זיך אַלע זיינע יאָרן פאַרגעשטעלט זיי פרוי ווי אַ קליינע, נעטע, אַנציענדיקע פרינצעסין. געזען האָט ער אין דער ווירק־לעכקייט אַ קליינע, דאַרע, גרויע פרוי, מיט אַ ברוינעם, קנאָכיקן פּנים און מיט אַן איינגעפאַלענעם, ציינלאָזן מויל.

אויך זיין געטרייען הונט האָט ער פיינט געקראָגן, ווייל ער איז געווען שמוציק, מיט אַ הויט פול מיט ברודנע, אויסגעקראַכענע פלעקן, מיט אַראָפּ־געלאָזטע, לעבנסלאָזע אויערן, און מיט אַן אָפענעם מויל, פון וועלכן עס איז שטענדיק געפלאָסן אַ קלעפּיקע פליסיקייט. די אַרומיקע שכנים האָבן אים אויסגעזען נבזהדיק, פרעך. ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן זייער קליידונג, זייער שמייען און האַוען, זייער האַלטן זיך און אויך זייער גייציקייט. ער האָט אַראָפּגעלייענט פון זייערע פּנימער, אַז זיי זאָגן ניט דעם אמת, און אַז ווען זיי לאַכן, אָדער ווען זיי וויינען, טוען זיי עס ניט פון אַן אינערלעכן, ריינעם געפיל, נאָר זיי שפּילן טעאַטער.

אויך די קליינע, דאַרע אַלטיטשקע איז ביי זיך אין האַרצן ניט געווען איבעריקס צופרידן מיט דער וועלט, וואָס זי האָט מיטאַמאָל דערזען מיט אירע אייגענע אויגן. יעדעס מאָל, ווען זי האָט אָנגעקוקט איר מאַן, איז אָנשטאָט ווי זי האָט אים זיך אַלע יאָרן פאַרגעשטעלט אַלס אַ הויכן, שיינעם, אימפּאָזאַנטן מאַן, האָט זי גאָר געזען אַ משונהדיק־גרויסן, אָנגעבלאָזענעם

מאַנספאַרשוין, מיט אַ פולן פּנים באַדעקט מיט רויטע פלעקן, און מיט אַ גרויסער פאַמעלע־באָרד. אויך די פרעכע קוקעלעך פון די שכנים, זייערע העוויות, זייער קנאה־שנאה פון איינעם צום צווייטן, האָט זי ניט געקאָנט פאַרטראָגן. אַפילו דעם גלח פון זייער קירכע האָט זי שוין ניט מער ליב געהאַט ווי אין די אַמאָליקע יאָרן. זי האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן זיינע חניפה־שטיק צו די פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים און זיין איבערגעטריבענע, גאָרניט־מיינענדיקע העפלעכקייט. דאָך האָט די אַלטיטשקע דאָס זעענדיקע לעבן ליב באַקומען. איר טאָג־טעגלעך לעבן איז געוואָרן לייכטער. לייכטער צו איינהאַנדלען דאָס ביסל עסן, לייכטער צו קאָכן און לייכטער צו האַלטן אָרדענונג אין הויז.

דער שלום־בית ביי די אַלטע איז ביסלעכוויז צעשטערט געוואָרן. זיי האָבן זיך גענומען איבערוואָרטלען, גענומען זיך קריגן איבער דער פאַר־גרעסערטער הוצאה און איבער פאַרשיידענע קלייניקייטן. די אַמאָליקע פאַנטאַסטישע אילוזיעס האָבן זיך ביי די אַלטע אינגאַנצן אויסגעלאָשן, און זיי זיינען אַרומגעגאַנגען שטענדיק אָנגעדראָלטע און צעכעסנטע...

דערווייל האָט זיך די וואונדער־רפואה, דאָס הייליקע וואַסערל, גענומען אויסלאָזן, און זיי האָבן גענומען זען פון טאָג צו טאָג אַלץ ווייניקער און ווייניקער.

גראָד אין דער צייט איז פּלוצים צו זיי אין הויז אַריינגעפאַלן דער בעל־מופת אַליין, און זיי ווידער אָנגעבאָטן דאָס איבעריקע פון דער וואונדער־רפואה, וואָס וועט זיי אומקערן זייער ראיה לעולם ועד — פאַר בלויז דרייסיק גאָלדשטיקער.

די אַלטע האָט לאַנג ניט געטראַכט און עס גלייך געוואָלט איינהאַנדלען. אָבער דער אַלטער האָט עס אויסדריקלעך אין שטוב ניט געוואָלט האָבן. און ווען ער האָט דערפילט, אַז עס וועלן ניט העלפן אַלע טענות, האָט ער מיט די אָפּגעשפּאַרטע קבורה־געלט אָפּגעקויפט דאָס הייליקע וואַסערל...

אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען די אַלטע איז אַוועק פון הויז איינהאַנדלען שפּייז, האָט דער אַלטער אויסגעגאָסן דאָס וואונדער־וואַסערל און אַריינ־געטאָן אין פלעשל איינפאַכע וואַסער. פאַרשטייט זיך, אַז די איינפאַכע וואַסער האָט מער ניט געהאָלפן, און דאָס אַלטע פּאָר פאַלק איז ביסלעכוויז ווידער געוואָרן בלינד...

דאָס אַלטע פּאָר פאָלק האָט ווידער גענומען לעבן צווישן זיך בשלום ואהבה. דער אַלטער האָט ווידער ליב באַקומען זיין אַלטן, געטרייען הונט;

און די אַלטע האָט ווידער געגומען רעספּעקטירן דעם גלח פֿון איר קירכע.

און דער אַלטער מיט דער אַלטיטשקער האָבן ווידער געלעבט גליקלעך צווישן זיך, און ניט געהאַט מער קיינע תּרעומות צו זייערע שכנים ביז די לעצטע טעג פֿון זייער לעבן.

1946



האַמליער שול „גרויס־מויער"

# מיין מוזיקאַלישע קאַריערע

(אַביסל זכרונות)

נאָך פון קינדוויז אָן האָב איך ליב באַקומען כלערליי מוזיק. און געקראָגן האָב איך עס בירושה, ווייל מיין פאָטער, ר' מרדכי לעוויצקי, אַ מיטלוואוקסיקער, הדרת־פּנים ייד, מיט אַ ליכטיקן רונדן פּנים באַזוימט מיט אַ שוואַרצער באָרד, וועלכער איז געווען אַ בכּובֿדיקער תושב און תלמיד־חכם אין האָמליע, האָט שטאַרק ליב געהאַט די יידישע נגינה, און ביי יעדער געלעגנהייט שבתים און יום־טובֿים געדאַוונט ביים עמוד. אין די ימים־נוראים האָט ער געדאַוונט מיט זעקס אָדער מיט אַכט משוררים,

װעלכע ער פלעגט צוזאַמענקלייבן פון שאַטישע קלעזמאָרים. מיין פּאַטערס אַלע ברידער זיינען געווען פיינע מנגנים און זיך אויך געריסן צום ברעטל. איבערהויפט האָט זיך אויסגעצייכנט מיין פעטער הלל, דער יינגסטער פון מיין טאַטנס ניין ברידער.

מיין פעטער הלל האָט פאַרמאָגט אַ ריינעם, קלינגענדיקן באַריטאָן, געקאָנט שפּילן פידל און געהאַט אַ ידיעה אין נאָטן. ווען דער פעטער הלל פלעגט קומען פון יעקאַטערינאָסלאַוו צו אונדז צו גאַסט, פלעגט ער ברענגען נייע „זאַגעכצן" פון באַרימטע חזנים. און אַז ער פלעגט זיך פאַנאַנדער־זינגען — איז די גאַנצע גאַס געווען ביי אונדזערע פענצטער. זייער קרעפטיק און פייערלעך האָט ער געזונגען די אַריע פון דער אָפּערע „זשיזן זאַ צאַריאַ" — „טשויעש פּראַוודו, טי זאַריאַ ? — סקאָרעיע זאַ־בליעסטי !..." (פילסטו דעם אמת, דו מאָרגנשטערן ! טאָ פאַנג זשע אָן וואָס שנעלער צו פינקלען !...). און אַז ער פלעגט ענדיקן, האָבן זיך אין גאַס געהערט אַפּלאָדיסמענטן ווי אין אַ טעאַטער.

נאָך צוויי ברידער מיין טאַטנס — דער פעטער משה און דער פעטער פּיניע — האָבן זיך אויסגעצייכנט ווי גאָר פיינע בעלי־תפילות. און דעם פעטער פּיניעס אַ זון — משה לעוויצקי — איז טאַקע מיט יאָרן שפּעטער געוואָרן אַ באַרימטער חזן אין רוסלאַנד, געדאַוונט צען יאָר אין בראָדסקיס שול אין קיעוו ; און ער פאַרנעמט נאָך עד היום אַ וואַזשע חזנים־שטעלע אין ברוקלין.

אויך מיין פּאַטערס פאָטער — דער זיידע יושע, וועלכער האָט אַלע זיינע יאָרן געוואוינט אין דעם שטעטעלע כאַלמיטשי — איז געווען אַ גאָר פיינער בעל־תפילה, און ער האָט ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן קיינ־מאָל ניט פאַרפעלט צו דאַוונען ביים עמוד ראש־השנה און יום־כיפור. געדאַוונט האָט ער, מיין זיידע, מיט אַ זיסן, הילכיקן טענאָר, געקאָנט אויך אַריינפאַלן אין אַ פאַלצעטאָ, גאַנץ ענלעך צו יאָסעלע ראָזענבלאַטס. איין מאָל, ווען איך בין געווען צו גאַסט ביי מיין זיידן אויף ימים־נוראים, האָב איך אים געהערט דאַוונען תפילת נעילה. די שול איז יענע נאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עמק הבכא, אין אַ יאָמער־טאָל. דער גאַנצער עולם האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן. מיט זיין הילכיקער, האַרציקער שטימע האָט דער זיידע געשטורעמט דעם כסא הכבוד ; קענטיק, געוואָלט די הימלען דורכרייסן, געוואָלט צערייסן דעם גזר־דין מיט זיינע תחנונים־תפילות, געפירט אַ קאַמף מיט דעם „אל עורך דין"...

עס איז בײַ אונדז אין האָמליע אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז מיין פאָטער צאָלט־צו ווען מען לאָזט אים דאַוונען ביים עמוד. און דער קלאַנג איז טאַקע געווען ניט קיין אויסגעטראַכטער. — איין מאָל איז מיין פאָטער געגאַנגען דאַוונען שבת אין דער גרעסטער שול פון האָמליע, אין „גרויס מויער".

איך מוז זיך אַביסל אָפּשטעלן מיט מער איינצלהייטן וועגן אָט דער שול, ווייל „גרויס מויער" איז געווען די גרעסטע און שענסטע געמויערטע געביידע אין שטאָט. אויסערלעך האָט די שול פאַרמאָגט אומגעהויער גרויסע פענצטער, האַלב־רונד פאַרענדיקט. אין פאַסאַד — דיקע, רונדע קאָלאָנעס, און איבער זיי — אַ גרויסער, בלויער מגן־דוד. די ווינקלען און די פענצטער זיינען געווען באַצירט מיט ווייסע, גלאַטע שטיינער. „גרויס מויער" איז געווען אַ מתנגדישע שול. לעבן איר איז געווען נאָך אַ שול — די ליובאַוויטשער שול, אַ חסידישע שול. דאָס איז שוין געווען אַ הילצערנע און אַ מער איינפאַכע.

אַלע גרויסע געשעענישן זיינען פאָרגעקומען אין „גרויס מויער". אַלע באַרימטע חזנים — ווי ברוך דוד, צמחזאָן, דאָס בחורל יאָסעלע, הערשל ראַגאָוואַי, עלינקע מיט דער לאַנגער פּעלערינע און משה לעוויצקי — האָבן גאַסטראָלירט אין „גרויס מויער". און אַז עס זיינען אָנגעקומען באַוואוסטע מגידים, מטיפים און ציוניסטישע רעדנער, ווי מאַסליאַנסקי, דער דובנער מגיד, וויצמאַן, שמריהו לעווין און זשאַבאָטינסקי, זיינען זיי אויך אויפגעטראָטן אין „גרויס מויער". און אין דער זעלבער שול, אין דער שפּעטער נאַכט, זיינען אָפט אין דער ווייבערשער טייל פאָרגעקומען אומלעגאַלע „סאָבראַניעס", וואו באַוואוסטע רעוואָלוציאָנערן־טעאָרעטיקער האָבן געהאַלטן רעפעראַטן. דער אָפיציעלער רב פון „גרויס מויער" איז געווען דער פּראָגרעסיווער „אַמכאַ"־רב און פייערדיקער רעדנער, הרב רפאל מרדכי באַרישאַנסקי. געווען איז ער רב אין האָמליע גאַנצע דרייסיק יאָר. ער איז געווען דער ערשטער רב אין האָמליע, וועלכער האָט מתיר געמאַכט צו עסן פּסח מאַשינאָווע מצות. ער איז אויך געווען דער יעניקער, וועלכער האָט געוואַגט צו קומען מאַכן דעם הספד אויפן נייעם בית־עולם אויף דער קבורה און דער דעמאָנסטראַציע פון די געפאַלענע אין האָמליער פּאָגראָם אין 1903.

אָט דער רב רפאל מרדכי באַרישאַנסקי איז איצט ־אָ אין אַמעריקע, און איז נאָך עד היום באַרימט סיי מיט זיינע שאַרפע, פאָרגעשריטענע

אַרויסטרעטונגען אין די צייטונגען און זשורנאַלן, און סיי מיט זיינע מייסטערהאַפטע דרשות לטובת הכלל.

נו, אָט אין דער שול איז מיט מיר מיין פּאָטער איין מאָל געגאַנגען דאַוונען שבת. געוויינלעך דאַוונט דאָרט אַ יערלעך־געדונגענער חזן. דער חזן האָט זיך גראָד יענעם שבת ניט באַוויזן, האָט דער גבאי פון שול, אַ קאַלטער, שטרענגער מתנגד, זיך געווענדט צו מיין פּאָטער:

— ר׳ מרדכי לעוויצקי, אויב איר וועט אונדז געבן אַ פּאָר קלאַפּטער האַלץ פאַר דער שול, וועל איך אייך לאָזן דאַוונען אַ חסידישן מוסף...

און ניט נאָר איז „גרויס מויער״ געווען סטיליסטיש שיין אויסערלעך, אויך אינעווייניק איז די שול געווען הויך און גרויס און פּראַכטפול. אַרום און אַרום — שטיינערנע, דיקע קאָלאָנעס, אויף וועלכע עס האָט זיך אָנגעשפּאַרט די ווייבערשע שול. דער סופיט איז געווען אַ רונדער, אַ הימלדיקער, מיט מאָלערייען פון אַ לבנה מיט שטערן. דער בעלעמער — אַ הויכער, מיט גאָלדענע געשניצטע שטאַפּעטן, — האָט זיך געפונען אין מיטן שול, און דעריבער האָט די שול נאַטירלעכערוויז פאַרמאָגט אַ גוטע אַקוסטיק. מיין פּאָטער, נאָך דאָן אַ קרעפטיקער, פולבלוטיקער ייד, אין די אָנפאַנג דרייסיקער, האָט געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט, — עפּעס אַ קלייניקייט פאַר אַ פּשוטן בעל־תפילה, און נאָך דערצו אַ חסיד, צו דאַוונען מוסף אין „גרויס מויער״! זיין פולברוסטיקער טענאָר האָט אים יענעם שבת גוט צוגעדינט. ער האָט זייער מתיקותדיק און האַרציק אָפּגעזאָגט „כתר״ —אַ שאַפונג פון ניסן בעלזער, וועלכן ער האָט געהאַט אויסגעלערנט פונעם פעטער הלל; אויך האָט ער „געזאָגט״ אימפּראָוויזאַציעס פון אַנדערע חזנים. קורץ, מיין פּאָטער האָט דאַן אָוועקגעלייגט אַ גאָר פיינעם חסידישן מוסף. אַ שאָד נאָר, וואָס מיין אַריסטאָקראַטישע, שיינע מאַמע חיה איז דאַן אין שול ניט געווען. די באַלעבאַטים פון מזרח־וואַנט, כאַטש פאַרעקשנטע, האַרטע מתנגדים, האָבן מיין טאַטן אָפּגעשטעקט אַ וואַרעמען יישר־כח, און די מתפּללים פון דער הינטער־שול האָבן אים באַשאָטן מיט ברכות און שבחים און געזאָגט: — אַזאַ יאָר אויף מיר, ר׳ מרדכי, ווי איר דאַוונט בעסער פון אונדזער געדונגענעם חזן!...

אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער, ווינטער־צייט, האָט דער גבאי פון „גרויס מויער״ באַשטעלט ביי מיין טאַטן דריי קלאַפּטער האָלץ פאַר דער שול. מיין פּאָטער האָט עס אַריינגעשיקט, אָבער באַצאָלט האָט מען אים ניט, ווייל מען האָט עס אים פאַררעכנט אַלס אָפּצאָל פאַרן מוסף. פון דאַן אָן פלעגן

אים האַמליער יידן אַריינקיבעצן, זאָגנדיק: — קומט, ר׳ מרדכי, צו אונדז אין שול דאַוונען, וועלן מיר אייך צולאָזן צום עמוד פאַר איין קלאַפּטער האָלץ!...

מיין פּאָטער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט צו הערן אַ חזן, אַז אין וועלכן ס׳איז שולכל, אָדער אַפילו אין אַ מנין אין עק שטאָט, עס זאָל דאַוונען אַ חזן, פלעגט ער פאַרלאָזן זיין אָנגעזעענעם מזרח־וואַנט־„שטאָט״ אין באַבושקינס בית־מדרש און גיין הערן דעם חזן, און אויך מיך מיטנעמען.

דעם גאַנצן חודש אלול פלעגט זיך מיין פּאָטער גרייטן צו די ימים־נוראים. ער פלעגט צוזאַמענשטעלן אַ כאָר פון אַ פיר דערוואַקסענע מענער און פיר־פינף יינגלעך. אויך איך, פאַרשטייט זיך, האָב יינגלווייז געזונגען אין מיין טאַטנס כאָר. עס איז געווען אַ פריילעכע צייט פאַר אונדז קליינ־וואַרג. יעדן אָוונט פלעגט מען זיך צוזאַמענקלייבן ביי אונדז אין הויז. מיין מאַמע חיה פלעגט שטעלן, מיט אַ ברייטער האַנט, טיי, צובייסן און איינגעמאַכטס. עס פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן אַרומיקע שכנים, קרובים און שטאָטישע קלעזמער מיט זייערע אינסטרומענטן, און עס פלעגן זיך אָנ־הויבן די רעפּעטיציעס. מיין פּאָטער פלעגט זינגען פאָראויס, נאָכדעם פלעגן די קלעזמער דאָס איבערשפּילן, און גאָר צולעצט פלעגן מיר, כאָריסטן, דאָס איבערזינגען. די רעפּעטיציעס, אָדער ווי מיין פּאָטער האָט עס גערופן, דאָס סטראָיען זיך, איז געווען אַ מין קאָנצערט־געבן, און עס האָט אַריינגעבראַכט אַ סך פרייד און גייסטיקן פאַרגעניגן אין אונדזער מאָנאָטאָנעם קליינשטעטלדיקן לעבן... איך האָב פאַרמאָגט אַ נישקשהדיקן אַלטאָ, פלעגט מיך מיין פּאָטער מכבד זיין צו זינגען די פאָראויס־סאָלאָ אין „כבקרת״ און אין „הבן יקיר לי אפרים״, און נאָכדעם פלעגט דער גאַנצער כאָר איבערזינגען דעם זעלבן מאָטיוו. דאָס געזאַנג איז געווען בלויז לויטן אויער, אין אַ צוויי־שטימיקער אַראַנזשירונג, און דאָך האָט עס דאַן גע־קלונגען פּראַכטפול אין אונדזערע אויערן. אָט אַזוי האָט זיך ביי מיר אַנט־וויקלט אַ ליבשאַפט צו דער יידישער ליטורגיע. שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען סטודענט אין אַן אָדעסער מיטלשול, האָב איך זיך פון צייט צו צייט אַריינגעכאַפּט אָדער אין דער שאַלאַשער שול צו הערן דעם וואונדערבאַר־זיסן חזן, דעם יידישן קאַרוזאָ פון יענער צייט — אפרים זלמן ראַזומני, אָדער אין דער שטאָטישער שול צו הערן קאַרמאַיאָלן, אָדער אין דער בראָדער שול צו הערן דעם באַרימטן חזן פּנחס מינקאָווסקי צו־זאַמען מיט דוד נאָוואַקאָווסקיס אויסגעצייכנטן כאָר.

צום ערשטן מאָל אָפּערע האָב איך געהערט אין אָדעסער גאָראָדסקאָי טעאַטער. מען האָט געשפּילט די „הוגענאָטן" פון מייערבער, אין פינף אַקטן. נאָך דער פאָרשטעלונג בין איך געווען אַזוי באַלאָדן מיט גייסטיקע און פריידיקע איבערלעבונגען, אַזש איך האָב מיין עקסטערניק־שכן ניט געלאָזט אַ לאַנגע צייט שלאָפן, און געהאַלטן אים אין איין איבערזינגען געוויסע אַריעס, וואָס האָבן זיך מיר געבאָמבלט אין קאָפּ, און אים מיט איינצלהייטן איבערגעגעבן דעם סוזשעט פון דער אָפּערע און מיט אַלע קלייניקייטן אָפּגעמאָלט די קאָמפן אין דער באַטרטאָלאָמייער נאַכט אויף די סקווערן פון פּאַריז; און אויך אָפּגעמשלט דאָס פּראַכטפולע געזאַנג סיי פון די סאָליסטן דעלעאַבאַטי, דיוק און מאָנדעראָז, און סיי פון כאָר.

אגב, אין די „הוגענאָטן" איז דאָ אַן אַריע, וועלכע איז זייער ענלעך צום ניגון פון „לכו נרננה", און איך ווייס ניט עד היום ווער פון וועמען האָט אַנטנומען, צי מייערבער פון דער יידישער ליטורגיע, אָדער די חזנים האָבן עס אויסגעבאָרגט פון מייערבערן.

ווי אַ סך אַנדערע פון דער שטודירנדיקער יוגנט אין אָדעס, בין איך אין אַ קורצער צייט געוואָרן אַ הייסער חסיד פון די רוסישע אָפּערעס: באָריס גאָדונאָוו, פּרינץ איגאָר, רוסלאַן און ליודמילאַ, סאָראָטשינסקאַיאַ יאַרמאַרקאַ א. אַז. וו., און סיי פון דזשוסעפּע ווערדיס איטאַליענישע אָפּערעס: אַאידאַ, ריגאָלעטאָ, טראַוויאַטאַ, טרובאַדור, אָטעלאָ א. אַז. וו. זייענדיק אין אָדעס, האָב איך געזונגען אין מיין מיטלשול־כאָר, געווען אַפילו עטלעכע מאָל דער „זאַפּעוואַלע".

דאָ אין אַמעריקע, אין די ערשטע „גרינע" יאָרן, איז דאָס לעבן געווען גאַנץ שווער. ס'איז מיר אויסגעקומען אין די גרויע פּאַרטאָגן פאַנאַנדער־טראָגן צייטונגען אַרום פּרימאַן סטריט, און נאָך דעם באַזוכן אַ גאַנצן טאָג קאָלעדזש. אָבער ווען איך האָב געענדיקט „ניו־יאָרק אוניווערסיטי", און מיין לעבן האָט זיך גענומען ציען מער נאָרמאַל, האָב איך אַ צוויי ווינטער־סעזאָנען געזונגען אין פאַרבאַנד־כאָר אונטער דער לייטונג פון העניך לעפקאָוויטש. מיר האָבן דאַן איינגעשטודירט זיין באַרימטע „יום־כיפּור צו מנחה" און אַ פּאָפּולערע פּאַלעסטינער ליד — „אַרבעט, אַרבעט!" צו יענער צייט האָב איך שטאַרק חשק געקראָגן צו שפּילן אַן אינסטרומענט, און מער פון אַלע אינסטרומענטן האָט מיך געצויגן צו די האַרציקע טענער פון אַ טשעלאָ.

איך האָב מיך געווענדט צו מיינעם אַ גוטן פריינט און חבר, אַ מענטש

מיט אַ מוזיקאַלער ערודיציע, און ער האָט מיר געהאָלפֿן איינהאַנדלען אַ געהעריקע טשעלאָ און מיר געגעבן אַ לענגערע צייט אונטערריכט אין טעאָריע און מוזיק אויף דעם אינסטרומענט. אָט דער אַלטער פֿריינט מיינער איז דער איצטיקער חשובער רעדאַקטאָר פֿונעם „דער יונגער מוזיקער", נייטן אַלטערמאַן. שפּעטער האָב איך זיך געלערנט שפּילן ביי דעם באַוואוסטן טשעליסט האָפּמאַן. אין אָנהויב איז מיר דאָס אָנשטעלן די טשעלאָ, און סיי די „פֿינגערינג", צוגעגאַנגען גאַנץ שווער. קיין צופֿיל צייט פֿאַר טעכנישע איבונגען האָב איך ניט געהאַט, ווייל אויסער מיין פּראָפֿעסיע און מיינע טעטיקייטן אין „פּיפּלס רעליף" האָב איך אין יענער צייט געשריבן דעם בוך „דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד". אָבער אין עטלעכע יאָר שפּעטער האָב איך דערפֿילט, אַז מיין טשעלאָ ברענגט אַרויס גלאַטע, האַרציקע קלאַנגען. איך האָב שוין געקאָנט מאַכן דעם טאָן צו וויברירן, ווי אַ מענטשלעכע שטימע. איך האָב געשפּילט פֿאָלקס־מעלאָדיעס, באַלאַדן, די „אָריענטאַל", „אַווע מאַריאַ", „כל נדרי"... איבערהויפּט האָב איך הנאה געהאַט, ווען איך פֿלעג שפּילן און מיין לערער פֿלעגט מיך אַקאָמפּאַנירן אויף דער פּיאַנאָ.

צו יענער צייט איז מיין עלטערער זון ניסעלע אונטערגעוואַקסן. און אַ געוויסן פּרייטיק, ווען איך בין געווײַנלעך אין הויז ניטאָ, האָט ער דערטאַפּט מיין טשעלאָ. דער גלאַנציק־פּאָלירטער אינסטרומענט האָט אים מסתמא אויסגעקוקט ווי אַ גלאַט פֿערדל; די אויסגעפֿורעמטע, האַלבּ־רונדע טאַליע פֿונעם טשעלאָ איז ביי אים געוואָרן אַ זאָטל; דעם סמיק האָט ער געניצט אַלס בייטש, און ער האָט זיך געלאָזט וואוילגיין. בקיצור, אין אָוונט האָב איך געטראָפֿן מיין טשעלאָ אַ צעבראָכענע אויף שטיקלעך. אָט אַזוי האָט זיך געענדיקט מיין מוזיקאַלישע קאַריערע.

1946

# די באָבע עטל פּראַוועט אַ חתונה

(אַ מעשה פון די אַלטע צייטן)

די באָבע עטל קאַראַנעווסקי האָט געשמ׳ט ביי אונדז אין האָמליע אַרום וואָקזאַל, ניט אַזוי מיט איר פרומקייט, ווי מיט איר ברייטהאַרציקייט און וואוילטעטיקייט. זי איז געווען אַן איינפאַכער פאָלקס־מענטש, זיך מיט אַלעמען געפּאַניעבראַטעוועט, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס זי האָט גע־שטאַמט פון אַ יחוסדיקער, למדנישער משפחה און געהאַט אין מאַזיר אַ ברודער — ר׳ טביה — אַ גרויסער צדיק און גאון.

די באָבע עטל איז געווען אַ הויכע, אַ געזעצטע און גוטמוטיקע פרוי, מיט גרויסע, קלוגע, מילדע אויגן. געטראָגן האָט זי אַ דייטשן פּאַרוק און גרויסשטאָטישע קליידער. זי האָט פאַרמאָגט אַן איינגעהאַרבעטע, הילצערנע הויז ניט ווייט פון וואָקזאַל. אין הינטערטייל פון הויז האָט געוואוינט איר קליינע פאַמיליע, און די פאָדערשטע טייל, מיט אַ בלוי־געפאַרבטן פאַסאַד, אַ ברייטן גאַנעק און פיר־שויביקע פענצטער, איז געווען דער באָבע עטלס שענק, וואָס איז אויך געווען אַ שטיקל אכסניא.

דער שענק איז באַשטאַנען פון איין פיר־קאַנטיקן, געראַמען צימער. אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ לענגלעך־שמאָלער ביליאַרד. ביי די פענצטער — קליינע הילצערנע טישלעך און בענקלעך. אין איין ווינקל איז געווען אַ קאַכלנע הרובע און אין צווייטן ווינקל איז געווען דאָס גאַנצע געשעפט — דער שענק. דאָרט, הינטער אַ שמאָלער „סטאָיקע״, האָבן זיך געפונען עטלעכע פעסער ביר, אַ קייפל בראַנפן. עס זיינען דאָרט געהאַנגען אויף שטריקלעך פאַרדאַרטע קאָלבאַסעס, אויסגעטריקנטע, דורכזיכטיקע קאַפּטשאָנקעס, אַ פאָר ניזשקעס בייגל. אויף דער הויכער „סטאָיקע״ זיינען געווען אויסגעשטעלט אין רונדע טעלער: צעשניטענער הערינג, מאַרי־נאַטנער הערינג, געהאַקטער הערינג, אָפּגעקאָכטע האַרטע אייער, אָפּגע־קאָכטע פישנאָיעס און פיטשיאַ, און אַמאָל אַן אָפּגעבראָטענע, אויפגעפּעפּנטע ברוינע גענדזל. אין פלעשער זיינען געשטאַנען זיסער לעמאָנאַד און

„קיסלעסטשיי“, אַזאַ זיס, שוימעדיק טרונק, וואָס די באָבע עטל פלעגט אַליין מאַכן פון איינגעזויערטן, אַלטן ברויט.

דער באָבע עטלס מאַן, דער זיידע יאָשע קאָראָנעווסקי, איז געווען אַ הויכער, דאַרער ייד, מיט אַ קורצער, סיווער באָרד. געווען איז ער אַ ייד אַ חלוש אַלע זיינע יאָרן. און כאָטש ער איז געווען אַ מתנגד, ווינציק־וואָס געלערנט און זיך ניט געדווייקעט ביים דאַווענען, דאָך האָט ער דאָס גרעסטע טייל פון טאָג פאַרבראַכט אין דער וואָקזאַלנער שול, ווייל אַנ־גיסן אַ גלעזל בראנפן און געבן „זדאַטשע“ אין שענק האָט ער פאַר קיין פאַל ניט געקענט. דאָס האָט געדאַרפט טאָן די באָבע עטל אַליין, אָדער איינע פון אירע דריי טעכטער: די פרומע, פעסלדיקע קונע; די חנעוודיקע, גראַציעזע, אַריסטאָקראַטישע חיה, און די בלאָנדע קראַסאַוויצע נחמה.

די באָבע עטל האָט, אויסער דאגת־פרנסה, און די געוויינלעכע זאָרג פאַר איר איגענער הויזגעזינד — ווי צופעליקע קראַנקהייטן, חתונה־מאַכן אַ טאָכטער אָדער אַ קרובה, צאָלן משונהדיקע צינזן פאַרן שענק־פּאַטענט, אויסקומען מיט דער פּאָליציי, און אויסקומען מיט די שיכורים אין שענק — אויך געזאָרגט פאַר אַלע נויטבאַדערפטיקע. אָפט האָט מען זי געקאָנט זען איילן זיך אַ פאַרשמייעטע, מיט אַ שווער־אָנגעלאָדענעם קויש מיט שפּייז, אין אַ פאַרוואָרפענער געגנט, אַפילו אין סאַמען „ראָי“ — דאָס איז זי געלאָפן פאַרזאָרגן אַן אָרעמע קימפּעטאָרין, אָדער סתם אַ מחוסר־לחמדיקע פאַמיליע. און אַלץ האָט זי געטאָן שטיל, באַשיידן, ליב געהאַט צו טאָן צדקה בסתר, אָן אַרויסבאַווייזעניש. און גערעדט האָט זי ווינציק. יעדעס וואָרט אירס איז געווען געוואויגן און געמאָסטן.

אַז עס פלעגט אָנקומען דער סעזאָן פון קרויט, איז די באָבע עטל געווען פון די ערשטע איינצוהאַנדלען ביי אַ פויער אויפן מאַרק צוויי גוטע וועגעלעך קאַטשאַנעס. אַלע שכנות פונעם אַרום פלעגן קומען העלפן „שעטקעווען“, נאָכדעם פלעגט מען דאָס צעהאַקטע קרויט אַריינוואַרפן אין אויסגעווייקטע קויפן, אונטערקלאַפּן מיט קאַטשעלקעס, און אַז עס פלעגט אַביסל צוזויערן, האָט מען די קרויט אַריינגעשטעלט אין לעדניק.

אויך פלעגט די באָבע עטל אָנשטעלן אַ סך זויערע אוגערקעס. גאַנצענע צען אָדער צוועלף פולע פעסלעך פלעגן ביי איר שטיין אין לעדניק. און אין די ווינקלען פון איר קעלער האָט זיך שטענדיק געפונען אַ היפש ביסל אָפּגעשאָטענע ציבעלעס און קאַרטאָפל. און ווער נאָר עס איז געקומען מיט אַ קרוג, אָדער מיט אַן עמער, פלעגט זי אָנפילן פול מיט קרויט און

אוגערקעס, אָפט האָט זי צוגעגעבן קאַרטאָפליעס, און אַמאָל אַ לאַבן ברויט אויך.. בקיצור, זי האָט קיינעם אין איר עק־שטאָט, אַרום האַמליער וואָקזאַל, ניט געלאָזט הונגערן.

פסח־צייט פלעגט זי אַכטונג געבן, אַז אַלע נויטבאַדערפטיקע אין איר געגנט זאָלן זיין באַזאָרגט מיט מצות און מיט הון אויף אַ גאַנצער וואָך פסח. און אַז עמעצער פלעגט איר וועלן אָפּדאַנקען, האָט זי יענעם פאַר־שטאָפּט דאָס מויל און זיך אָנגעבייזערט, זאָגנדיק: „פאַר מיר אַליין דאַרף איך ניט אַזוי פיל שפייז — נו, צעטייל איך זיך מיט דיר.“

אויך די קריסטלעכע באַלמעלאָכעס, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער רעגירונגס־פאַבריק, אויף דער אַנדער זייט וואָקזאַל, און וועלכע אַלע האָבן גערופן „מאַסטעראָוויע“, פלעגט זי טאָן טובות. די „מאַסטעראָוויע“ פלעגן אָפּנעמען „פּאָלוטשקע“ (שכירות) איין מאָל אין חודש און זיך גלייך אַוועק־לאָזן אין די דערבייאיקע שענקן און פאַרטרינקען ביז אַ פּרוטה... אָבער — פלעגט איינער אַזעלכער אַריינפאַלן צו דער באָבע עטל אין שענק, אָדער ווי די קריסטן האָבן זי גערופן: „די גאָלדענע מאַרפוטקאַ“, — פלעגט זי אים געבן נאָר איין פלעשל בראַנפן, אויף אים זיך גוט אָנבייזערן, און צו־נעמען ביי אים די גאַנצע „פּאָלוטשקע“. און שפּעטער, ווען די פרוי פון דעם „מאַסטעראָוואַי“ פלעגט קומען, אַ וויינענדיקע, נאָך איר שיכורן מאַן, האָט איר די באָבע עטל אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע געלט.

די באָבע עטל האָט אויך אַוועקגעגעבן אַ סך צייט מיט זוכן שטעלעס פאַר אָרעמע מיידלעך. געפאַלענע באַלעבאַטים פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי אזאריטש, פּאַדאָבראַנקע, קאַלענקאָוויטש, כיימעטש, טשעטשערסק, פלעגן אַריינפאָרן גלייך צו דער באָבע עטל אין שענק אַריין, איבערלאָזן איר אַ יונגע טאָכטער, זיך גוט אויסוויינען און אַוועקפאָרן רואיקע, גלייך ווי זיי זאָלן שוין האָבן זייער טאָכטער פאַרזאָרגט לעולם־ועד.

און די באָבע עטל פלעגט די אָרעמע, איינזאַמע קינדער מקרב זיין, און טאַקע פאַרזאָרגן זיי מיט גוטע דינסטמיידל־שטעלעס ביי בכבודיקע, נגידישע באַלעבאַטים, און האָט געזען אַרויסצובאַקומען וואָס־מער יערלעכן געהאַלט. אין צוויי־דריי יאָר שפּעטער, מיט די אָפּגעשפּאָרטע הונדערט קערבלעך, אויך זיי חתונה געמאַכט פאַר אַן אָנשטענדיקן באַלמעלאָכע.

נו, איז געווען איינע אַ מיידל, גישע האָט זי געהייסן, וועלכע האָט געדינט ביי דער באָבע עטלס מיטעלער טאָכטער, חיה.

אָט די גישע האָט ניט געקאָנט גאָרנישט אָפּשפּאָרן, ווייל זי איז געווען

אַ יתומה, און זי האָט מיט איר געהאַלט באַזאָרגט אירס אַ ברודערל און אַ קראַנקע שוועסטער.

קיין צו־גרויסע פּאַרשוין איז גישע ניט געווען. אַ הויכע, אַ דאַרע, ווי אַן איבערגעוואַקסענער בורעק, און נאָך דערצו אַביסל אַ סוטולעוואַטע.

גישע איז שוין געווען אַ מיידל אין די יאָרן, אַוודאי פינף־און־צוואַנציק אָדער זעקס־און־צוואַנציק יאָר אַלט. די באָבע עטל האָט איינגעלייגט וועלטן, געזוכט פאַר גישען אַ פּאַסנדיקן שידוך. ענדלעך, האָט זי דורך ציפּען, דער האַלבער מעקלערקע און האַלבער שדכנטע, געקראָגן פאַר גישען אַן אויסגעדינטן סאָלדאַט.

אויך דער אויסגעדינטער סאָלדאַט איז ניט געווען קיין צו־גרויסער פּאַרשוין, — אַ קורצער, אַ גראָבער, מיט אַ פּנים פול מיט טיפע שטופּלען, און מיט קאָסאָקע אויגן.

די באַדינגונגען זיינען געווען זייער שווערע: ביינציק רובל נדן, אַ לייטישע אויסשטאַטונג, אַ פיינע חתונה און אַ האַלב יאָר דירה־געלט.

מען האָט געבראָכן טעלער, ווי דער מנהג איז, און די באָבע עטל האָט זיך גלייך גענומען צו דעם ענין מיט איר געוויינלעכער ערנסטקייט און ברען. וואָס הייסט — זי וועט לאָזן אַן אָרעמע יתומה פאַרזעסן ווערן!... און נאָך אַזאַ, וועלכע דינט ביי איר אייגענער טאָכטער חיה!...

זי האָט צעוערשט מיט מאַטערניש אַרויסגעקראָגן פון דער האָמליער „הכנסת כלה״ גאַנצע צען רובל, צוזאַמענגעשלעפּט פון אַלע עקן שטאָט די אויסשטאַטונג, אַרומגעגאַנגען קלייבן ביי נגידים און באַלעבאַטים צושטייער אויפן נדן, און אַליין האָט זי צוגעטראָגן וויפיל זי האָט געקאָנט.

די חתונה האָט די באָבע עטל געמאַכט אין אַ מיטנוואָך ביי זיך אין שענק. מען האָט דעם ביליאַרד פאַררוקט אַן אַ זייט; די טישן האָט מען געדעקט מיט שבתדיקע טישטעכער; סטעאַרין־ליכט האָבן געברענט אין די אויסגעשייערטע מעשענע לייכטער, און מען האָט אויך אָנגעצונדן דעם בליץ־לאָמפּ.

די הויכע, אימפּאָזאַנטע באָבע עטל — אַן אויסגעפּוצטע אין איר יום־טובדיקער, סאַמעטענער קלייד, מיט אַ ווייסער, זיידענער שאַל אויף די רונדע פּלייצעס — האָט אַ שטראַלנדיקע אַרומגעשמייעט, אַכטונג געגעבן, אַז אַלץ זאָל צוגיין ווי עס באַדאַרף צו זיין.

ווייבער, אויסגעצוואָגענע, אין שבתדיקע מלבושים, מיט אויסגעגלעטע שייטלען, האָבן געקאָכט אַ פיינע חופּה־וועטשערע; עטלעכע ווייבער האָבן

זיך געפּאָרעט, אונטערוויינענדיק ווי געוויינלעך, אין אַ דערבייאיקן צימער אַרום דער כּלה, צורעכט געמאַכט די אויסגעבאָרגטע ווייסע חופּה־קלייד מיט דער „פאטא״.

מאָדיק, דער בלינדער קלעזמער, האָט זיך פאַנאַנדערגעלאָזט אויף זיין פידעלע, און זיין יינגסטער זון סענדערקע, אַן אָפּגעריסן, באָרוועס יינגל מיט ברענענדיקע שוואַרצינקע אייגעלעך, האָט מיט גאווה געקוקט אויפן אַרומיקן קליינוואַרג און הילכיק געפּייקלט.

יונגע מיידלעך, אין קאָלירטע, לאַנגע, ציצענע קליידלעך, האָבן שעמעוודיק געטאַנצט פאָלקעס און וואַלצן.

מ׳האַלט שוין ביי באַזעצן די כּלה, און מען וואַרט שוין אויפן חתן. נאָר דער געשטופּלטער חתן, מיט די קאַסאָקע אויגן, אויסגעפּוצט אין אַ ברייטן קאַפּעליוש, און אין זיידע יאָשעס שמאָל און לאַנג סורדוטל און אין זיינע סאָלדאַטסקע שטיוול, איז געזעסן אין אַ חדר מיוחד, אַן אָנגעבלאָזענער. מיט אים איז געזעסן זיינער אַ פעטער, אַ מגושמדיקער ייד, מיט אַ נאַריש־לאַנגער באָרד און מיט אַ קאָלירטן גאַרטל, ווי ביי פערד־הענדלער. דער מגושמדיקער פעטער האָט געהאַקט מיטן קולאַק אָן טיש און אַרויסגערעוועט, מיט אַ גראָבלעך, זאַט קול: — מען גייט ניט צו דער חופּה, ביז וואַנען מען וועט ניט אָפּשטעקן די גאַנצע ניינציק רובל נדן!... און ציפּע, די האַלבע שדכנטע און האַלבע מעקלערקע, האָט געקוקט מיט אירע קעצישע אויגן און אַריסגעפּישטשעט: — געהערט אַ חוצפּה!... אָפּ־גערעדט איז אָפּגערעדט!... מען גייט ניט!...

די באָבע עטל האָט אָבער נאָר קוים צוזאַמענגעשלעפּט זעכציק רובל, גערעכנט, דאָס איבעריקע וועט אַריינפאַלן פון דרשה־געשאַנק, — האָט זי גענומען אַריינטענהן מיטן גראָבן מחותן, צוגעזאָגט אָפּצוצאָלן, געוואָלט געבן אַ תּקיעת־כּף, געוואָלט אפילו געבן אַן אונטערשריפט...

דער גראָבער, מגושמדיקער מחותן האָט געהאַלטן אין איין צופּן זיין נאַרישע, לאַנגע באָרד און אַרויסגעמרוקעט ווי אַן אָקס: — יאָסל־הענעך, וואָס זיצסטו ווי אַ געפּייגערטע שקאַפּע?! לאָמיר גיין שפּאַנען די פערד, און האָדיע!...

די שטאָלצע, בראַווע באָבע עטל איז שיער ניט צעפּלאַצט געוואָרן פון ערגערניש. אָבער זי האָט זיך ניט פאַרלאָרן, און מיט איר געוויינלעכער ענערגיע, מיט אַ געשריי און געבייזער, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן, שוין היפּש שפּעט אין דער נאַכט, צו אירע אַרומיקע שכנים, אַרויסגעשלעפּט

אַ סך פון זיי פון די בעטן, אויסגעטרייסלט ביי זיי די קעשענעס, און געמאַכט זיי תיכף־ומיד צו לאָזן זיך גיין מיט „פּאַטשיילקעס" איבערן שטאָט, און אַליין האָט זי צוזאַמענגעשקראַבעט יעדע מטבע וואָס זי האָט געהאַט ביי זיך און ביי אירע קינדער.

אין דער זעלבער צייט איז די באַליידיקטע און דערנידעריקטע גישע די יתומה געזעסן אַ בלאַסע, פון פאַסטן אין חופה־טאָג, צווישן די פאַר־יאָמערטע ווייבער, געקוקט ווי אַ נאַכט־וואַנדלעריק, מיט טריבע אויגן, וואָס האָבן געקוקט גאָרניט זעענדיק. לכתחילה האָט זי ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. אָבער שפּעטער האָט זי מיטאַמאָל גענומען שלוכצן און וויינען. און זי האָט אַזוי לאַנג געוויינט, ביז זי איז, אַן אָפּגעשוואַכטע און פאַרחלשטע, איינגעשלאָפן...

שפּעט נאָך האַלבע נאַכט האָט מען צוזאַמענגעקליבן מיט זילבער־ און קופּער־מטבעות די גאַנצע ניינציק רובל. ערשט דאַן האָט מאָדיק, דער בלינדער קלעזמער, גענומען וועקן זיין איינגעשלאָפענעם זון, סענדערקען דעם פּייקלער, און זיי האָבן גענומען שפּילן דאָס באַרימטע חופּה־מאַרש.

עלטערע יידן האָבן געהאַלטן אַ חופה־טוך אויף פיר דרענגלעך. ר' מרדכי, אַ הדרת־פּנים ייד, דער באָבע עטלס אַן איידעם, אַ גוטער בעל־תפילה, איז געשטאַנען מיט אַ פלאַש וויין און גלעזלעך און גרייט געווען צו פראַוועןן די חתונה־צערעמאָניע.

באַלד האָט זיך באַוויזן די באָבע עטל, אַ שטאָלצע, מיט אַ שטראַלנדיקן, ליכטיקן פּנים, פון איין זייט; און דער הויכער, דאַרער, פאַרשלאָפענער זיידע יאָשע פון דער צווייטער זייט. זיי האָבן געפירט די בלאַסע, פאַר־חלשטע גישע צו דער חופּה.

און באַלד האָט מען אַרייינגעפירט דעם געשטופּלטן, קורצן חתן, מיט די קאָסאָקע אויגן, און אַלס אונטערפירער זיינען געגאַנגען דער מגושמ־דיקער, גראָבער ייד, מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן און מיט די הענט פאַר־רוקט אין זיין קאָלירטן גאַרטל, און ציפּע די מעקלערקע, וועלכע האָט אַלעמען געקוקט חוצפּהדיק אין די אויגן.

און כאָטש עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט, פונדעסטוועגן האָבן ניט אויסגעפּעלט אויף גישעס חתונה עטלעכע אָרעמעלייט, מיט פאַר־וואָרלאָזטע בערד, אַ פּאָר ווייבער־בעטלערקעס, אין שמאַטעס איינגעוויקלטע, און באַלד האָט זיך, ווי פון אונטער דר'ערד, באַוויזן אַ ניט־געבעטענער, נאַוואָטנער בדחן, אַ געל יידל מיט אַ רויט בערדל, און האָט גענומען זאָגן

אַזאַ האַרץ־רייסנדיק זאָגעניש, װעגן דער װיכטיקייט פון יום־החופּה, און װעגן דער גרעסטער מצװה פון אַלע מצװות, װי חתונה צו מאַכן אַ יתומה. און ער האָט אַזױ אַלעמען צענומען מיט זיין װיינענדיקער שטימע, אַז דער גאַנצער עולם, צוזאַמען מיטן גראָבן מחותן, און מיט ציפּע דער מעקלערקע, האָבן זיך צעװיינט.

שפּעטער, װען מען האָט דערלאַנגט די פיינע חופּה־װעטשערע, איז זי שוין געװען גוט קאַלט. און קיין דרשה־געשאַנק האָט קיינער ניט געגעבן...

אָט אַזױ האָט די באָבע עטל חתונה געמאַכט גישע די יתומה.

.1945

# די באָבע און דאָס אייניקל

די פאַמיליע לעוויצקי האָט פון דור־דורות געוואוינט אין דעם שטעטעלע כאָלמיטשי, מינסקער גובערניע. דער גרעסטער טייל פון לעוויצקיס אָפּשטאַם איז זיך צעלאָפן פון שטעטעלע נאָך אין ניקאָלאַי דעם צווייטנס צייטן — ווער קיין ענגלאַנד, ווער קיין קאַנאַדע, ווער קיין אַמעריקע, און אייניקע אַפילו קיין אַפריקע. אין כאָלמיטשי איז נאָר פאַרבליבן דער ייִנגסטער פון יוזשעס זין — דער ברייטלעכער, שוואַרץ־באַוואָקסענער מאָטל. אויסער מאָטלען איז די פאַמיליע באַשטאַנען פון דער שוואַרץ־חנעוודיקער מאַמע חיה, פונעם צוואַנציק־יאָריקן זון מיניי, פון סאָניען און טאַניען, נאָך גאָר יונגע מיידלעך מיט לאַנגע שוואַרצע צעפּ, און דער באָבע שׂרה.

דאָס איז געווען אַן איינגעבירגערטע צופרידענע סאָוועטישע פאַמיליע. די קינדער, געבאָרן אונטער דער סאָוועטן־מאַכט, זיינען דערצויגן געוואָרן אין סאָוועטישן גייסט. זיי האָבן שוין ניט געוואוסט פון ראַסע־ און רעליגיע־דיסקרימינאַציעס; פון די אַמאָליקע צאַריסטישע אונטערדריקונגען האָבן זיי נאָר געוואוסט פון ביכלעך און פון דעם, וואָס עלטערע מענטשן האָבן זיי דערציילט.

אַלע מיטגלידער פון דער פאַמיליע לעוויצקי זיינען געווען באַשעפטיקט אויף דער דאָרטיקער מעבל־פאַבריק, נאָר די אַלטע באָבע שׂרה, אַ קורצ־ינקע, שוין אַ גרויע, אָבער אַ געפּאַקטע און זשוואָווע יידענע, איז געווען אין די שטובן, געראַמט, געקאָכט, אַכטונג געגעבן אויף דער באַלעבאַטישקייט און אויך אויפן גאָרטן. נאָר שבת פלעגט די באָבע שׂרה גאָרניט טאָן. זי פלעגט אָנטאָן אַ שוואַרצע קלייד, אויסגלעטן איר פאַרוק, אַרויפציען אַ ווייס הייבל, אַזוי ווי אין די גאָר אַלטע צייטן, און אַן אייניקל פלעגט איר מיטטראָגן איר טייטש־חומש אין דער ליובאַוויטשער שול, וואו איר יוזשע האָט דעם גאַנצן לעבן געדאַוונט פאַרן עמוד.

איר טייטש־חומש האָט די באָבע שׂרה געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ.

דאָס האָט זי באַקומען אַ מתנה צו איר חתונה. חוץ דעם איז דער באָבע שרהס טייטש־חומש געװען אַ יקר־המציאות, מיט עלפּענבײן־טאָװלען, אַ װאָרשעװער רײכע אױסגאַבע, געדרוקט נאָך בײ די „האחים ראָגעלבראַנד״.

• • •

װען היטלער איז באַפאַלן דעם סאָװעטן־פאַרבאַנד, איז דער יונגער מיניי לעװיצקי גלײך אַװעק אין מינסק און זיך געמאָלדן צו מיליטער־דינסט. מיניי איז געװען עטלעכע מאָנאַטן אין טרענירונג און באַלד נאָכ־דעם אַװעק אױפן פראָנט. ס׳איז אים אױסגעקומען װאָכן־לאַנג צו ליגן אין טראַנשײען, צו ניט־דערשלאָפן און צו הונגערן; אײנמאָל איז ער צװײ טעג געלעגן אין אַ זומפּיקער סאַזשעלקע; אױסגעקומען אױך צו קריכן אױף אַלע פיר דורך באַצישע רײען, כדי צוצוקומען צו די רויט־אַרמײאישע טײלן. צװײ מאָל איז ער געװען פאַרװאונדעט פון שטיקלעך שראַפּנעלן; אױסגעקורירט זיך, און באַלד װידער מיט זײן גאַנצן יוגנטלעכן ברען אַװעק אױפן פראָנט.

פון זײן פאַמיליע האָט מיניי גאָרניט געהערט. ער האָט געװאוסט, אַז זײן שטעטעלע כאַלמיטשי איז פאַרנומען פון די נאַצים, אָבער װאָס איז געװאָרן פון זײן פאַמיליע, האָט ער ניט געװאוסט. זײן האַרץ איז אָפט אױסגעגאַנגען אין בענקעניש און אַנגסטן.

אײנמאָל, װען זײן דיװיזיע איז געשטאַנען אױף „פּאָפּראַװקע״ אין סטאַלינאָ, גײט ער זיך אַ זונטיק נאָך האַלבן טאָג אַ פּאַרחלומטער אין גאַס און קוקט זיך צו, װי װאָלונטירן־„סובאָטניקעס״ פאַרריכטן די צעשטערטע געבײדעס, װי מען פאַרריכט די װאַסער־לײטונג און װי מען ברוקירט פון דאָס נײ די גאַסן...

מיטאַמאָל דערהערט ער אַ געשרײ: „מיניי, מײן מיניי!...״ און אײדער ער האָט נאָך צײט געהאַט זיך אַרומצוקוקן, איז אױף זײן האַלדז געהאַנגען אַ גרױע, דאַרע פרוי. לכתחילה האָט ער ניט געװאוסט װער די פרוי איז, אָבער באַלד האָט ער אַרױסגעברומט: „אױ, מאַמע, װאָס די נאַצי־בעסטיעס האָבן פון דיר געמאַכט!... אױ, װי דו ביסט פאַרעלטערט געװאָרן!...״ אַ לאַנגע צײט איז די יונגע־אַלטע מאַמע חיה געהאַנגען אױף איר זונס שטײפן האַלדז און ביטער געװײנט... און אַז זי האָט זיך גוט אױסגעװײנט און זיך באַרואיקט, זײנען מאַמע און זון אַװעק צו איר אױף דער קװאַרטיר.

די מאַמע חיה האָט איר גאַנץ ביסל עסנװאַרג, װאָס זי האָט פאַרמאָגט, אַרױפגעשטעלט אױפן טיש, אָפּגעקאָכט קאַרטאָפל, געמאַכט טײ, נאָר קײן

צוקער האָט זי ניט געהאַט... איר פּנים, וואָס איז פריער געווען געל ווי זאַפראַן, האָט איצט אָפּגעלעבט. זי האָט זיך גאָרניט געקענט אָנזעטיקן מיטן זון אירן.

זי איז געווען איבערגעפילט מיט פרייד. זי האָט געגלעט און גע־צערטלט זיין „אָרדן פון דעם רויטן שטערן". און באַלד האָט זי באַמערקט ביי אים הינטערן אויער אַ טיפן שראַם, האָט זי בלויז מיט באַשיידענע בליקן, קוים עפענענדיק דאָס מויל, געפרעגט וואו און ווען דאָס איז געשען, און שטילע טרערן האָבן זיך ווידער גענומען קייקלען אויף אירע פאַרדאַרטע באַקן.

— עט, גאָרנישט, מאַמע, — האָט מיכיי רואיק אַרויסגערעדט, — ניט אין דייטשן פריץ האָב איך פאַר דעם שראַם קאָלט געמאַכט...

און שפּעטער, ווען די מאַמע חיה האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט אירע פּלוצימדיקע, פריידיקע געפילן, האָט זי אָנגעהויבן מיט אַ ציטערדיקער שטימע דערציילן:

—... אַריינגעקומען זיינען די דייטשן אין כאַלמיטשי מאָנטיק פאַרנאַכט. צוערשט האָבן זיי צוגענומען ביי אַלעמען די פערד און די קי. באַלד נאָכ־דעם האָט אַ מחנה ווילדע נאַציס, באַלאָדענע מיט זעק און מיט אַלערליי געווער, גענומען גיין פון הויז צו הויז, געראַבעוועט, געשאָכטן אָן אַ פאַר־וואָס. האָט איינער אויסגערעדט אַ וואָרט, איז ער גלייך אומגעקומען.

סאָניען און טאַניען האָבן די נאַצי־באַרבאַרן אַוועקגעשיקט אין דייטש־לאַנד אויף שקלאַפן־אַרבעט. צי זיי לעבן נאָך, ווייס איך ניט. דיין באָבע שרה האָט פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט אַרויסגיין פון הויז. אָן מורא האָט זי די גזלנים אַריינגעשריען: דאָ האָב איך אַלע מיינע יאָרן געלעבט און דאָ וועל איך שטאַרבן... די נאַציס האָבן אונטערגעצונדן די הויז פון אַלע זייטן... מיך מיטן טאַטן האָט מען אַוועקגעשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אויף צוואַנג־אַרבעט. דער טאַטע, ווייסט דאָך, איז אַלעמאָל געווען אַ שטאָלצער ביי זיך, אַ ניט־געדולדיקער. ער האָט ניט געקאָנט אַריבער־טראָגן די יסורים און איז אויפן דריטן טאָג געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג... אין צוויי וואָכן שפּעטער בין איך און נאָך עטלעכע, אין אַ פינצטערער נאַכט, אַנטלאָפן... זיך געשלעפּט אַ נאַקעטע אין וועלדער, זיך דערנערט מיט גראָז און רויע קאַרטאָפל, ביז איך בין אָנגעקומען צו אונדזערע... איצט אַרבעט איך דאָ אין סטאַלינאָ אין אַ גוס־פאַבריק: איך מאַך קוילן פאַר דער רויטער אַרמיי. . . .

אין עטלעכע טעג אַרום, װען די מאַמע חיה האָט שױן געװאוסט פון איר זונס העלדן־טאָטן און אָפּערװיליקײט אױפן פראָנט, האָט זי זיך דער־פילט זײער אױפגעהײטערט. זי איז געװען שטאָלץ מיט איר בראַװן, קעמפערישן זון. און בײם געזעגענען זיך האָט זי אים געקושט און עג־זאָגט: „גײ, זון מײנער, און נעם נקמה פאַרן אומשולדיק־פאַרגאָסענעם בלוט פון אונדזערע סאָװעטישע פעלקער!... פאַרן בלוט פון אונדזערע יידן! און פאַרן בלוט פון אַלע בראַװע קעמפער!..."

זינט מינײ האָט זיך דערװאוסט, װי די נאַציס האָבן פאַרניכטעט זײן שטעטעלע, האָט זיך אין אים אָנגעצונדן אַזאַ האַס קעגן די נאַציס, אַז די מורא פאַר זײן אײגן לעבן איז בײ אים אינגאַנצן פאַרשװאונדן. ער איז געקראָכן אין שלאַכט אין די געפּערלעכסטע פּלעצער. ער האָט זיך אונטער־גענומען צו װאַרפן גראַנאַטן אױף דײטשע טאַנקען. ער פלעגט צופּױזען גאָר באַענט צום שונאס טאַנק און אַ שלײדער טאָן אַ ברענענדיקן גראַנאַט. דער טאַנק צינדט זיך אָן, די נאַציס קריכן פון אים אַרױס, לאָזן זיך לױפן װי די פאַר׳סמ׳טע מײז. ניט אײן מאָל האָט מינײ אַזעלכע צעשראָקענע נאַציס דערשטיקט מיט זײנע שטײפע הענט...

די נאַציס האָבן שפּעטער גענומען אָפּטרעטן. זײ האָבן אָפּגעגעבן צוריק סטאַלינגראַד, כאַרקאָװ, סמאָלענסק, און אָט האָט מען שױן אָפּ־גענומען צוריק קיעװ, האָמעל. ס׳האָט ניט גענומען לאַנג און מינײס דיװיזיע איז שױן געװען אין מינסקער גובערניע. ער דערקענט די שליאַכן און די װעלדער, װאו ער האָט פאַרבראַכט אַלע זײנע יונגע יאָרן. און אָט האָט זײן דיװיזיע צוריקגענומען דאָס שטעטעלע כאַלמיטשי. ער איז געװען פון די ערשטע רױט־אַרמײער, װעלכע האָבן זיך אַרײנגעריסן אין זײן שטעטעלע. ס׳איז געװען אַ כמורנער, אָנפאַנג־װינטערדיקער טאָג. מינײ לאָזט זיך לױפן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם איבער זײנע גוט־באַקאַנטע שטעגן און װעגן. אָבער אָנשטאָט הײזער געפינט ער הורבעס מיט אַש און קױלן. עס ברענען שטאַלן און בײמער. דאָ און דאָרט ברענען נאָך די פונדאַמענטן פון געבײדעס. ער שלאָגט זיך אָן אַלע װײלע אױף טױטע קערפּערס... און אָט איז ער שױן בײ זײן הױז...

יאָ, ער דערקענט עס. דאָס איז דער הױף, װאו ער האָט אַלע זײנע יאָרן פאַרבראַכט. אָבער אָנשטאָט אַ הױז האָט ער געטראָפן אַ באַרג אַש. אין גאָרטן האָבן נאָך אַ צאָל יונגע בײמלעך געברענט... מינײ, ניט אָפּגעבנדיק זיך קײן חשבון, נעמט זיך מיט אימפּעט גראָבן מיט זײן „שטיקע" און

מיט זיינע קנאָכיקע פינגער אין די אַשיקע חורבות פון זיין הויז. ס'האָט ניט גענומען לאַנג און ער האָט אַרויסגעשלעפּט עטלעכע שטיקלעך פאַר־סאַרפּעט מעבל. ער האָט עס גלייך דערקענט. באַלד נאָכדעם האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ פאַרסמאַליעטן שוך מיט צוזאַמענגעקנוילטע, צוגע־ברענטע גומעלאַסטיק. יאָ, ס'איז זיין באָבעס שוך. אַזעלכע שיך פלעגט זי טראָגן... און צי זיינען ניט אַמאָל די ביינדלעך שטיקלעך פון אירע פוס־פינגער !...

מיניי איז געבליבן שטיין אַ פאַרשטיינערטער. ער האָט ביז בלוט גע־ביסן זיינע פאַרטריקנטע ליפּן. זיין פאַרגליווערט האַרץ האָט נאָכגעלאָזן, — אין זיינע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. אָבער באַלד האָט ער זיך אַ פאַרשעמטער אומגעקוקט, צי עמעצער זעט אים אַ פאַרוויינטן... און ער האָט זיך ווידער געגראָבן אין די חורבות ביז ער האָט דערטאַפּט אַ האַרטע, גלאַטיקע זאַך. ווען ער האָט עס אַרויסגעשלעפּט, האָט ער עס גלייך דער־קענט,—יאָ, דאָס איז דער באָבע שרהס טייטש־חומש, די עלפּענביין־טאָוולען פאַררויכערט, אויפגעפּענכערט און פאַרבלוטיקט. ער האָט דעם ספר אַרומ־געווישט און אויסגעפּרעסט. אַ לאַנגע צייט האָט ער אויפן ספר געקוקט און געטראַכט: דאָס אַלץ איז פאַרבליבן פון מיין טייערער באָבע שרהן און פון אונדזער האָב און גוטס. און כאָטש אַן אַטעאיסט, האָט ער דעם טייטש־חומש אַ קוש געטאָן און פאַרזיכטיק אַריינגעלייגט אין בוזעם.

מיניי לעוויצקי איז אויף מאָרגן שוין ווידער געווען אין שלאַכט. און זיך געשלאָגן מיט נאָך מער ברען.

אַ קויל האָט אים געטראָפן און ער איז אַוועקגעפאַלן אין אָנמאַכט.

אַ לאַנגע צייט איז מיניי געלעגן אין אַ פעלד־שפּיטאָל, און אַז ער האָט זיך גענומען בעסערן האָט אים אַ קראַנקן־שוועסטער געוויזן דעם טייטש־חומש מיט אַן אויסגעברענטן שוואַרצן רינג. זי האָט אים דערביי אויפ־געקלערט, אַז אַ קויל האָט געטראָפן אין זיין לינקער ברוסט, האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן די ביינערנע טאָוולען פון ספר, און זיך אַוועקגעגליטשט צום אַקסל.

און אָט אַזוי האָט זיך מיניי לעוויצקי דערוואוסט, אַז דורך זיין באָבע שרהס טייטש־חומש איז ער געבליבן לעבן.

.1945

# אַ באַגעגעניש אויף דזשענינגס סטריט

די צוויי שוועסטער, שרה־באַשע און דבורה, האָבן פֿאַר די דרייסיק יאָר, וואָס זיי זײַנען אין אַמעריקע, זיך ווייניק־וואָס געזען, ניט געהעריק זיך אָנגעקוקט, און זייער ווייניק פֿאַרבראַכט צוזאַמען. ווײַל די עלטערע שוועסטער, שרה־באַשע, — אַ הויכע, גרויסגעוויקסיקע ייִדענע, מיט אַ פֿלאַכן פּנים פֿול מיט זומער־שפּרענגלעך און מיט האַרטע, מאַנסבילישע הענט, — האָט די אַלע יאָרן געוואוינט אין שיקאַגאָ; און די ייִנגערע דבורה, — אַן איידעלע, אַ קליינע, מיט געפּאַרבטע ביר־קאָליר האָר, מיט אַ לענגלעך אָנגעפּוידערט פּנים און מיט בלויע, ליכטיקע אויגן, — האָט געוואוינט אין ניו־יאָרק.

די יאָרן דאָ אין לאַנד זײַנען דורכגעלאָפֿן, ווי שטראָמען אין אַ טײַך, מיט דאגות־פּרנסה, מיט האָדעווען קינדער, מיט אַרויסשלעפּן זיי פֿון קראַנקהייטן...

איצט זײַנען שוין זייערע קינדער גרויס. די מערסטע האָבן שוין חתונה געהאַט און דאַרפֿן ניט מער קיין הילף. האָט שרה־באַשע פֿאַרקויפֿט איר קענדי־סטאָר, זיך אַביסל אויסגעדאָקטערט, זיך אויסגעקליידט און געקומען צוגאַסט צו איר שוועסטער דבורה אין די בראָנקס... זיצן זיך ביידע שוועסטער אין שאַרלאָט סטריט אויפֿן פֿינפֿטן שטאָק, אין די אָרעמע, ציכטיקע, צוגערוימטע צימערן, טרינקען הייסן טיי מיט ציטרינען, און רעדן און רעדן און קאָנען זיך צו זאַט ניט אָנרעדן...

דערציילט די עלטערע שוועסטער, שרה־באַשע, מיט אַ מאַנסבילישער, הייזעריקער שטימע, מאַכט צורעכט אירע גרויע, שיטערע האָר, פֿאַרריכט אַלע ווײַלע איר געבלומט טיכל, וואָס איז פֿאַרבונדן אונטער איר גע־קנייטשטער גאָמבע. זי דערציילט, ווי אַזוי זי איז געבליבן צו צוויי־און־דרייסיק יאָר אַן אלמנה מיט פֿיר פּיצלעך קינדער אויף די הענט; ווי

אַזוי זי האָט זיך אָנגעפּלאָגט אין אַ קענדי־סטאָר ערגעץ אין אַ פאַר־וואָרפּענער, שמוציקער געגנט אין שיקאַגאָ, לעבן די סטאָק־יאַרדס; ווי אַזוי אירע קינדער האָבן אָפּט געקרענקט; מיט וואָס פאַר אַ מאַטערניש זי האָט געגעבן אירע קינדער אַ דערציאונג. — געווען שווער, זייער שווער!... — האָט זי מיט אַ הייזעריקן כליפּ אַרויסגערעדט און אָפּגעווישט אַ גרויסע, קאַלטע טרער פון איר פאַרטריקנטן, פלאַכן פּנים. — אָבער איצט איז מיר ניט שלעכט, — דערציילט זי ווידער, און איר פּנים האָט מיטאַמאָל אויפגעלויכטן. — די טעכטער חתונה געמאַכט פאַר לייטישע יונגעלייט. פון דעם עלטערן זון האָב איך גאָר אַ סך נחת, — ער איז אַן ערשטער פידלער אין דער שיקאַגאָ פילהאַרמאָניק, שפּילט אויך אויף דער ראַדיאָ. ער שיקט מיר אַריין בכבוד פינף־און־זיבעציק דאָלער אַ חודש, קומט מיך אָפּט זען...

און באַלד איז איר פּנים געוואָרן רויטלעך־גרוי און פאַרחושכט, און זי דערציילט מיט אַ סך איינצלהייטן וועגן איר ייִנגערן זון בעני, וועלכער איז שוין באַלד אַ יאָר אין דער אַרמיי און פון וועלכן זי האָט דריי חדשים ניט געקראָגן קיין בריוו. און זי וויינט הויך אויפן קול, ווי מען וויינט צו קינות אין שול, שעלט מיט ביטערע קללות היטלערן און היראָהיטאָן און בעט גאָט, אַז איר זון זאָל צוריקקומען בשלום...

און דבורה, די ייִנגערע שוועסער, אָט די מיט די בלויע, ליכטיקע אויגן און מיט די געפאַרבטע ביר־קאָליר האָר, טרייסט זי: — דו וועסט זען, שרה־באַשע, די נאַציס וועלן כאַפּן אַ מפּלה!... אונדזערע רוסן, די באָל־שעוויקעס, אַ לעבן אויף זיי, — האַרגענען זיי אויס אין די צענדליקער טויזנטער... מען דאַרף לעבן מיט בטחון!... — און באַלד האָט דבורה גענומען דערציילן וועגן איר פאַרהייראַטער טאָכטער אין פילאַדעלפיע, און וועגן איר אייניקל. און נאָכדעם האָט זי גענומען רעדן וועגן איר מאַן דעם פּעינטער, און איר פּנים איז געוואָרן בלאַס און זויער: — מיין הערי, — זאָגט זי, — איז אויפן אויסזען נאָך גאָר אַ העלד: פּלייצעס ברייטע, נאָך אַ גלייכער ווי אַ סטרונע, די האָר נאָך שוואַרץ, אָבער די פיס ווערן אים געשוואָלן און ער קלאָגט זיך אויף דער לינקער זייט און אויפן האַרץ. ער שלעפּט זיך נעבעך אַרום אין די שפּיטאָלן. אָבער ווי נאָר עס קומט דער סעזאָן ביי די פּעינטערס, קאָנסטו אים אין הויז ניט איינהאַלטן און ער גייט אַוועק שמירן.

און אַז ביידע שוועסטער האָבן זיך צו זאַט אָנגערעדט וועגן זייערע

אייגענע צרות, און זיך גוט אָנגעוויינט אויף די שחיטות און חורבנות, וואָס פאַרפלייצן איצט די גאַנצע וועלט, האָבן זיי זיך דערמאָנט אויף זייערע קינדער־יאָרן, אויף זייער שטעטעלע סוראַזש, וואָס ליגט ביים דניעפּער, ערגעץ אין טשערניגאָווער גובערניע...

זייערע פּנימער האָבן אויפגעלויכטן, די קנייטשן אַרום די מויל־ווינקלען האָבן זיך אויסגעגלייכט, און ביי דבורהן האָבן זיך די באַקן פאַר־רויטלט און אירע ליכטיקע, בלויע אויגן זיינען גרעסער געוואָרן און געגומען פינקלען, ווי אין גאַר די אַמאָליקע צייטן.

שרה־באַשע פאַרבינדט שטייף איר געבלומט טיכל אונטער איר גע־קנייטשטער גאָמבע, הוסט זיך אויס, און נעמט זיך דערציילן מיט אַזעלכע פּרטים, גלייך עס זאָל ערשט נעכטן געשען, — פון דער אָרעמקייט, וואָס האָט געהערשט ביי זייער טאַטן דעם קירזשנער; ווי צו עלף יאָר זיינען זיי שוין אַוועק אַרבעטן אויף יאַנקל לאָוויאַנאָווס פּאַפּיר־פאַבריק; ווי זיי פלעגן אויפשטיין אין די ווינטער־חדשים, ווען ס'איז נאָך געווען שטאָק־פינצטער; און ווי זייער קראַנקע מאַמע, די הוסטערקע, פלעגט אויפשטיין מיט זיי צוגלייך, זיי אָנפּעלצן און איינוויקלען אין וואַרעמע פאַטשיילעס און מיט־געבן וואַרעם עסן און אַ לאַמטערנע; ווי זעקס פאַרטאָג איז מען שוין געווען ביי דער אַרבעט, און מען האָט געאַרבעט ביז זעקס פאַרנאַכט פאַר גאַנצע פופצן קאָפּיקעס אַ טאָג; און די פאַבריק איז געווען ווייט הינטערן שטאָט, מען פלעגט דאַרפן אַריבערגיין אַ בריק איבערן דניעפּער...

— אָבער דערפאַר איז זומער געווען אַ מחיה! — שלאָגט איר איבער די יינגערע דבורה, און איר לענגלעך־בלאַס צוגעפּוידערט פּנים לויכט אויף. — די פאַבריק איז דאָך געווען אין וואַלד... די סאָסנעס פלעגן שמעקן מיט טויזנט טעמים... נו, און ווי מיר פלעגן גיין זיך באָדן אין דניעפּער, געדענקסטו?... און ווי מיר פלעגן גיין שבת נאָך וואַרמעס שפּאַצירן אין האָלאָדעצעס וואַלד, געדענקסטו?...

אוןביידע שוועסטער האָבן זיך פאַררויטלט פון די אויפגעטויכטע יוגנטלעכע דערנירונגען.

— אַ שאלה!... זיכער געדענק איך, — כאַפּט באַלד אונטער די עלטערע שוועסטער שרה־באַשע, און די ווערטער אירע שיטן זיך, ווי האַרטע אַרבעס פון אַ פאַס...

לאַנג האָבןביידע שוועסטער גערעדט. זיי האָבן זיך דערמאָנט אָן דוראָווס צירק, וואָס פלעגט אָנקומען מיט גרויס טאַראַראַם; אָן זאַגעטיס

„זווערינעץ"; אַן מיליטערישן אָרקעסטער, וואָס פּלעגט שפּילן אין שטאָטישן בולוואַר, וואו מען פלעגט אויך וואַרפן פייערווערק; אַן דעם מיידל, מאַדמואַזעל ראָזענבאַום, וואָס פלעגט גיין אויף אַ קאַנאַט אין פרייען פעלד אַרום דער האַרעלער באַלאָטע; אַן „טרעק", וואו ס'זיינען פאַר־געקומען וועלאָסיפּעד־געיעגן; אַן די פייער־לעשער־מאַרשן מיט מוזיק, און דער משוגענער איצעלע פלעגט לויפן פאָראויס און דיריגירן...

און נאָכדעם איז דער געשפּרעך אַרויף אויף די היימישע שטאָט־משוגעים, און מען האָט זיך דערמאָנט אַן הינדעטשקען, עזריאלן, פּיצען און וואַסילן; און אַן די גאַסטראָליאָרן־משוגעים: ליפּמאַן מיטן זיידענעם צילינדער, קלמן־ריפּע פון וויעטקע מיט זיין פידל...

— הער נאָר, שרה־באַשע! — רייסט זיך אַריין די יינגערע דבורה אין געשפּרעך, — און אונדזערע באַלעבאַטים — יאַנקל און בראָכקע לאָ־וויאַנאָוו, אָט די, וועלכע זיינען אָנגעקומען פון האָמליע, געדענקסטו?

— געוויס, — ענטפערט שרה־באַשע מיט אַ האַרטער, זיכערער שטימע, און זי פאַרשטייפט ווידער איר געבלומט טיכל, וואָס האָט זיך אינגאַנצן אַרונטערגערוקט און אַנטבלויזט אירע שיטערע, גרויע האָר, — איך געדענק נאָך ווי היינט, ווי די דריי־הונדערט־פונטיקע בראָכקע איז געפאָרן אין אַ פאַיעטאָן מיט ווייכע רעסאָרן אום תשעה־באב. די רעסאָרן האָבן זיך איינ־געבראָכן און בראָכקע האָט זיך, אַ צעשעדיקטע, אַרויסגעקייקלט ווי אַן אָנגעלאָדענע פאַס אין מיטן גאַס. און איך געדענק נאָך, ווי זייערע צוויי בנים, וואָלאָדקע און הילקע, די שיקסע־יונגען, די הולטאַיעס, פלעגן ווי אויף צו־להכעיס, גראָד אום שבת, אַרומפאָרן איבערן שטעטל, רייטנדיק אויף פערד, און רויכערן סיגאַרעטלעך...

— הערסט, שרה־באַשע, — שלאָגט איר איבער די יינגערע שוועסטער, — דו וועסט עס אפשר ניט גלויבן. אָט דער וואָלאָדקע לאָוויאַנאָוו איז דאָ אין ניו־יאָרק. דו וועסט אים ניט דערקענען... ניטאָ מער קיין זכר פון דער אַמאָליקער גבירעשאַפט. ער איז איצט אַן אַלטער, פרומער ייד, פאַר־קויפט באַנאַנעס אָט דאָ ניט ווייט, אויף דזשענינגס סטריט, און גייט דריי מאָל אַ טאָג אין שול דאַוונען.

— איך וואָלט אים געוואָלט אָנקוקן! — זאָגט שרה־באַשע מיט נייגיר.

— גוט, קום! איך דאַרף סיי־ווי־סיי גיין איינקויפן אויף „סאַפּער".

ביידע שוועסטער נעמען זיך מאַכן גרייט. שרה־באַשע טוט אָן אַ וואַרעמען מאַנטל, אַרומגעזוימט מיט פוקסענע רויכוואַרג, און אַ וואַרעם

היטעלע; דבורה שפּיגלט זיך, פאַרריכט אירע געקירצטע ביר־קאָליר האָר, שמינקט אָן די דינע ליפּן, טוט אָן אַ קורצן דזשעקעטל, און זיי לאָזן זיך גיין פון פינפטן שטאָק. און שרה־באַשע קרעכצט אַרויס: — אוי, מיינע געשוואָלענע פיס!... ס'איז ניט אויסצוהאַלטן פון אייערע ניו־יאָרקער שטיגן...

ס'איז געווען סוף נאָוועמבער. דער הימל אָנגעכמורעט און ס'האָט געבלאָזן אַ פייכטער ווינט. אויף שאַרלאָט סטריט איז איצט שטיל, ווייל די קינדערלעך זיינען געווען אין די שטובן. נאָר געציילטע ווייבער האָבן מיט קוישן אין די הענט זיך געצויגן צו די שפּייז־קראָמען, איינצוהאַנדלען פרישע שפּייז אויף וועטשערע.

און אָט זיינען שוין די שוועסטער אויף דזשענינגס סטריט. זיי גייען פאַרביי באַשטאַנדן, אָנגעלאָדענע מיט הורדעס רויטע און גרינע עפּל, צייטיקע טאָמאַטן, מערן, טונקל־רויטע בינטלעך בורעקעס; קאַסטנס מיט געלע און גרינע באַרנעס; בערג מיט גאָלדענע, גלאַנציקע ציבעלעס, מיט געשטרייפטע, גרינע אוגערקעס; פּריזמעס מיט בלוט־רויטע מאַראַנצן און געלבע, זאַפטיקע גרעיפּ־פרוטס... עלטערע ווייבער אין היימישע פאַ־טשיילעס פאַרען זיך ביי די באַשטאַנדן, דינגען זיך און קויפן איין מציאות... אַרום און אַרום — מאַרקעטס, אָנגעלאָדענע מיט פליישן, הינער, גראָסעריס, גאַלאַנטעריי, כל המינים נאַשערייען; אַ בעקעריי, פון וועלכער עס טראָגט זיך אַ ריח פון פריש געבעקס און קימל.

די הענדלער, מיט צוווינטיקטע, פאַררויטלטע פּנימער, אין שמוציק־ווייסע כאַלאַטן, לויבן זייערע סחורות און לאַדן איין די קונים. מער פון אַלעמען צייכנט זיך אויס אַ יונגער נעגער מיט אַ לאַכנדיק פּנים, מיט ווייסע ציין, וועלכע שיינען ווי ווייסע ליכטלעך. ער שרייט אַרויס שטי־פעריש מיט אַן איבערטריבענעם ליטווישן דיאַלעקט: — פריסע ווייבער, סאַבעסדיקע ווייבער, אַהערצוצו!... קויפט מיינע געסמאַקע עפּעלעך אויף סאַבעס!...

און אָט גייען זיי פאַרביי אַ באַשטאַנד מיט געזויערטע אוגערקעס, עפּל, טאָמאַטן און זויערע קרויט. עס רייסט פּשוט אויף די נאָזלעכער און רייצט דעם אַפּעטיט. דבורה האַנדלט איין טאָמאַטן און קרויט און זוכט אַרום איר לאַנסמאַן...

און אָט שטייען שויןביידע שוועסטער לעבן אַן אַלטן, פעטלעכן, איינ־געהויקערטן יידן מיט אַ קויש באַנאַנעס. ער טראָגט אַן אָפּגעניצטן מאַנטל

מיט אַ וואַרעמער היטל, פון וועלכער עס שטעקן אַרויס גרויע, געקרייזלטע פאות. זיין גרוי בערדל איז אויסגעצופּט. זיינע אויגן פאַרמורזשעטע, אויס־געלאָשענע. דער אַלטער פּעדלער איז געשטאַנען אַ האַלב־פאַרשלאָפענער, פאַררוקט אָן אַ זייט, גלייך ווי דאָס גאַנצע הור־האַ און געפּילדער פון דזשע־נינגס סטריט קער זיך מיט אים ניט אָן.

דבורה קויפט ביי אים באַנאַנעס און פרעגט אים העפלעך: — וואָס מאַכט איר, ר׳ וועלוול? — און זי שטורכעט איר שוועסטער אין זייט.

דער אַלטער מרוקעט עפּעס אַרויס, קוקט אָן אַ זייט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט עמעצן צו פאַרטשעפּען.

שרה־באַשע באַטראַכט לאַנג דעם אַלטן, איינגעהויקערטן יידן, שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ, און שיסט אַרויס מיט איר הייזעריק־מאַנסבילישער שטימע:

— זאָגט דעם אמת, ר׳ ייד! איר זייט טאַקע וועלוודיע פון סוראַזש? פון יאַנקל לאָוויאַנאָווס פאַמיליע, וועלכע איז אַריינגעפאָרן פון האָמליע?... מיר האָבן ביי אייער טאַטן אויף דער פאַבריק געאַרבעט... מיר זיינען לאַנדסלייט!...

דער אַלטער באַנאַנע־פּעדלער האָט קוים אַ קוק געטאָן אויף איר, און האָט אַרויסגעברומט מיט אַ מאָדנעם כריפּ, וואָס האָט זיך געריסן פון זיין פאַנאַנדערגעצויגענעם, צאָנלאָזן מויל:

— ווייס איך וואָס!... לאָוויאַנאָוו, שמאַנאָוו... פּוסטע רייד!... ניטאָ מער קיין זכר פון יאַנקל און ברכה, און ניטאָ קיין הילקע, און אויך ניטאָ קיין וועלוודיע!... מאַלע וואָס אַמאָל!... ס׳אַ וויסטער חלום!... ס׳איז דאָ — אַ ר׳ וועלוול דער באַנאַנע־פּעדלער. איר הערט? — אַ באַנאַנע־פּעדלער און מער גאָרנישט!...

די צוויי שוועסטער האָבן זיך, מיט אַ שווער געמיט, געלאָזט גיין צוריק אויף שאַרלאָט סטריט.

אין דרויסן איז שוין געווען גוט טונקל. דער הימל איז געווען אָנגע־כמורעט, אָנגעדראָלט. אַ פייכטער ווינט האָט געבלאָזן און דורכגענומען די גלידער...

.1943

# האָזן

אין אָדעס, אויף אַ זייטיקער שטילער גאַס אַרום דער דערעבאַסאָווסקע, האָט געוואוינט דער אַלטער דאָקטאָר גימעלמאַן. רייך און אָרעם פון אַלע עקן שטאָט זיינען געגאַנגען צו אָט דעם אומגעלומפּערט־הויכן, גרוי־באַוואָקסענעם דאָקטאָר. די הויז, וואו ער האָט געוואוינט, איז געווען אַ רייכע, אַ פונדאַמענטאַלע; די פענצטער גרויסע, אַכט־שויביקע; דער אריינגאַנג געמאַכט פון דיקע, ציכטיקע מירמלשטיינער, מיט אַ שווערער פּאַלירטער טיר.

דעם דאָקטאָרס פרוי, אַ קליינע, דאַרע, גרויע און קינדערלאָזע, האָט זיך ווי אַ שאָטן אַרומגעשלייכט גאַנצענע טעג איבער די צימערן; און לעבנלאָז, גלייכגילטיק געקוקט מיט אירע שפּיציקע, אויסגעלאָשענע אויגן אויף די היסטאָריש־ביבלישע, אָפּגעבליאַקעוועטע מאָלערייען, אויף די מאַסיווע, באַגילדעטע לוסטרען און אויף די אַלטמאָדישע מעבל־שטיקער...

דאָקטאָר גימעלמאַן האָט געהאַט אַ נאָמען אין אָדעס ווי אַ גרויס־געלערנטער, ליבעראַלער מענטש, כאָטש קיינער האָט גענוי ניט געוואוסט אין וואָס זיין געלערנטקייט און ליבעראַליזם באַשטייט. צו קיין פּאַרטיי האָט ער ניט באַלאַנגט. אין זיינע געשפּרעכן מיט ראַדיקאַלע מענטשן פלעגט ער זיך אַרויסזאָגן, אַז רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען זיינען געגליכן צו די אָרגאַנען פון מענטשלעכן קערפּער — יעדער אָרגאַן האָט זיין באַ־שטימטע פונקציע און טוט זיין חלק אַרבעט פאַרן קערפּער, אַזוי אויך מיט די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, — יעדע פּאַרטיי האָט אירע אויפגאַבן, און אַלע פּאַרטייען צוזאַמען טוען גוטע אַרבעט פאַר דער מענטשהייט.

אין זיין פרייער צייט האָט דאָקטאָר גימעלמאַן ליב געהאַט צו שפּילן שאַך. צו יענער צייט האָט זיך דער דאָקטאָר צופעליק באַקאַנט מיט נאָך גאָר אַ יונגן, בלאָנד־באַוואָקסענעם סטודענט, אַן אויסגעצייכנטן שאַך־שפּילער, מיטן נאָמען באָריס. דער סטודענט האָט גענומען אָפט אַריינ־קומען צו די גימעלמאַנס, כאַפּן מיטן דאָקטאָר אַ שמועס איבער פּאָליטיק,

און ביז שפּעט אין דער נאַכט געשפּילט שאַך. איינמאָל, װען דער דאָקטאָר איז געװען פאַרטיפט אין אַ שאַך־גאַנג, האָט אים דער סטודענט באָריס פּלוצים אַ פרעג געטאָן:

— הערט זיך איין, דאָקטאָר, מיין גרופּע „עס־דעקעס", אַ פיר אָדער פינף מענטשן, קליבט זיך צונויף יעדן מיטװאָך אָװנט. קאָנט איר אונדז לאָזן נוצן אייער קװאַרטיר ?

דער אַלטער דאָקטאָר האָט פאַרריסן זיין גרויען קודלאַטן קאָפּ, צו־רעכט געמאַכט זיינע גאָלדענע ברילן און אַ לאַנגע צייט, אַ פאַרדרויטלטער, געקוקט מיט ישוב־הדעת אויף באָריסן, און אַרויסגעזייט דורך זיינע געלע, שיטערע ציין :

— נו, גוט, איר קאָנט !...

אָבער שפּעטער, װען דער סטודענט איז אַװעק, האָט זיך דער דאָקטאָר באַקלערט װאָס אַזױנס ער האָט אָפּגעטאָן... ער האָט שוין יענע נאַכט ניט געקאָנט מער איינשלאָפן. עס האָבן זיך אים געפּלאָנטערט פאַרשיידענע קאָשמאַרן : די פּאָליציי פאַרפאָלגט אים ; שפּיאָנען דרייען זיך אַרום הינטער זיינע פענצטער ; מען שלעפּט אים צום זשאַנדאַרמסקן פּאָלקאָװניק ; מען אַרעסטירט אים... זיין פרוי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, און װי נאָר זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן האָט זי גלייך דערקענט, אַז עפּעס האָט פּאַסירט, און זי האָט גענומען אויספרעגן װאָס אַזױנס איז געשען. דער דאָקטאָר האָט איר דערציילט װעגן דער געהיימער פאַרזאַמלונג, װאָס דאַרף פאָרקומען ביי זיי אין הויז.

איר גאַנץ קליין קערפּערל האָט מיטאַמאָל אויפגעברויזט, אירע קליינע אייגעלעך האָבן זיך צעפינטלט, און זי האָט גענומען קװיטשען :

— איך װיל ניט מאַכן מיין הויז פאַר אַ נעסט פון רעװאָלוציאָנערן !... איך װיל ניט האָבן קיין עסקים מיט דער פּאָליציי !... מיר דאַרפן זיך ניט מישן אין די זאַכן !...

— סטייטש, — האָט דער דאָקטאָר זי איבערגעשלאָגן, — דו ביסט דאָך אַמאָל אַליין געװען אַן „עסעראָװקע" !

— דאָס איז אַלץ געװען אַמאָל, אין די יונגע יאָרן. איצט זיינען מיר אַלטע לייט, מיר דאַרפן האָבן רו. מיר דאַרפן זיך אין אַזעלכע ענינים ניט מישן !... — און זי איז באַשטאַנען, ער זאָל לאָזן װיסן דעם סטודענט באָריס, אַז ער קאָן זייער הויז ניט האָבן.

אין האַרצן האָט דער דאָקטאָר גימעלמאַן איינגעשטימט מיט זיין

נערוועזער פרוי. אָבער ס'איז אים ניט אָנגעשטאַנען די מעשה. צוגעזאָגט — איז פאַרפאַלן. נו, אַ וואָרט איז אַ וואָרט. און דערצו האָט ער קיין אַנונג ניט געהאַט וואו אָט דער סטודענט באַריס געפינט זיך. ער האָט אַפילו ניט געוואוסט אויף זיכער זיין צווייטן נאָמען.

די קומענדיקע פאָר טעג איז ביים דאָקטאָר אין הויז געווען אַן אמתער גיהנום. מאַן און ווייב האָבן אַרומגעשלייכט ניט־דערשלאָפענע, אָנגעברוגזטע, און ניט גערעדט איינס מיט אַנאַנדער.

און ווען דער דאָקטאָר איז אין יענע טעג געגאַנגען באַזוכן חולאים און אָנגעטראָפן אויפן ראָג אַ גוט־באַקאַנטן פּאַליציאַנט שמייכלען צו אים, פלעגט זיך אים אויסדוכטן, אַז דער פּאָליציאַנט ווייסט שוין, אַז ער האָט זיך פאַרבונדן מיט רעוואָלוציאָנערן. און אַז איינער איז געגאַנגען הינטער אים לאַנגזאַם, האָט ער געמיינט, אַז דאָס גייט אים נאָך אַ שפּיאָן.

דער באַשטימטער מיטוואָך איז גראָד געווען אַ ליכטיקער, אַ זוניקער, ווי עס פּאַסירט אָפט אין פרילינג אין אָדעס, אָבער ביי די גימעלמאַנס אין די רחבותדיקע צימערן איז געווען כמורנע און טרויעריק. אַלע פענצטער פאַרהאַקט און די גאַרדינען אַרונטערגעלאָזן. דער טאָג האָט זיך געצויגן ווי פון פעך. די דאָקטאָרשע האָט יענעם אָוונט גאָר פרי אַוועקגעשיקט איר דינסט און אָנגעצונדן דעם קאַמין אין איר מאַנס ביבליאָטעק־צימער, כאָטש אין דרויסן איז געווען גוט וואַרעם.

פּונקט צען אין אָוונט איז דער סטודענט באַריס, אַן אויסגעפּוצטער אין ציווילע קליידער, אַריינגעקומען מיט נאָך אַ נעט־געקליידטן קורצן מאַן. אין עטלעכע מינוט שפּעטער איז אָנגעקומען אַ הויך מיידל, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער, לאַנגער קלייד און אין אַ שוואַרצער הוט מיט לאַנגע ראַנדן, וואָס האָבן פאַרדעקט דעם גרעסטן טייל פון איר פּנים. באַלד זיינען אָנגעקומען צוויי אַרבעטער, מיט ברייטע, גוטמוטיקע פּנימער, אָנגעטאָן אין שבתדיקע רעקלעך און מיט אויסגעפּוצטע שטיוולעטן. דאָקטאָר גימעלמאַן, אַ בלאַסער און דערשעפּטער פון שלאָפלאָזע נעכט, האָט מיט אַ געוויסער העפלעכקייט אַלעמען אויפגענומען און אָנגעוויזן אויף זיין ביבליאָטעק־צימער. די חברים האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די ווייכע, פּלושענע בענקלעך, באַקוקט די באַלאַדענע פּאָליצעס מיט בייכיקע, באַגילדטע ביכער און גענומען אַרויסשלעפּן פון די בוזעמער פּאַפּירן און דינע פּאַמפלעטן, און זיך גלייך גענומען צו דער „אַגענדאַ“...

די דאָקטאָרשע, אַ נערוועז־צעפלאַמטע, האָט גלייך פאַרריגלט אַלע

טירן און פענצטער און געמאַכט טונקל אין די צימערן. יעדער קלונג צום סטרוזש, אַ רויש פון אַן „איזוואָשטשיקס" רעדער, די טריט פון פאַר־שפעטיקטע דורכגייער, האָבן זי דענערווירט, און זי האָט געהאַלטן אין איין אַרומלויפן — אָט צו די פאָדערשטע פענצטער, אָט צו די הויף־פענצטער, און אַרויסגעקוקט צווישן די פאַלדן פון די שווערע גאַרדינען.

דאָקטאָר גימעלמאַן האָט זיך אַ נישטיקער אַרומגעדרייט אין די פינצטערע צימערן, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. און ענדלעך איז ער אַריין אין ביבליאָטעק־צימער, וואו די חברים האָבן זיך געפונען, און זיך געזעצט אין אַ ווינקל, כדי זיי ניט צו שטערן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, אַז ער האָט זיך געפונען אויף אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג. זיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט, זיין פּנים האָט געפלאַמט. ער האָט גענומען אויפמערקזאַם שטודירן די פאַרהאַרטעוועטע, ערנסטע פּנימער פון די חברים, באַוואונדערט זייער רואיקע געלאַסנקייט... ער האָט זיך גענומען צוהערן: מען האָט פאַרהאַנדלט וועגן אַ מאַי־דעמאָנסטראַציע אויפן ניקאָלאַיעווסקן בולוואַר; מען האָט זיך געאַמפּערט וועגן אַ פּאָנען־טרעגער; דער קורצער, נעט־געקליידטער מאַן האָט פאַרגעלייענט אַ קאַפּיטל פון אַ פּראָקלאַמאַציע; זיי האָבן אָנגענומען באַשלוסן וועגן אַ סטרייק ערגעץ אין אַ מיל אויפן פּערעסיפּ... און דער דאָקטאָר האָט בשעת־מעשה געטראַכט: „מיר, ליבעראַלן, רעדן, פּלאַפּלען, און אָט די — זיינען קעמפער, שטעלן איין זייערע לעבנס פאַר דער אָרגאַניזירונג פון די אַרבעטער..."

אַ לאַנגע צייט איז דאָקטאָר גימעלמאַן געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן און אונטערגעצויגן אייגענע סך־הכלס פון זיינע נישטיקע טאַטן, און פון די עגאָאיסטישע מעשים פון זיינע נאָענטע ליבעראַלן־קאַריערסיטן...

אָבער פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון הויפּט־אַריינגאַנג. אַלע אין הויז זיינען געבליבן זיצן שטיל מיט פאַרשפּיצטע אויערן. דאָס קלינגען האָט זיך איבערגעחזרט נאָכאַמאָל, און באַלד איז די דאָקטאָרשע, מיט אַ היסטעריש־צעשראָקן פּנים און מיט ברענענדיקע אויגן, אַריינגעלאָפן אין ביבליאָטעק־צימער, גענומען האַסטיק רייסן פון אַלעמענס הענט די פּאַפּירן, פאַרכאַפּט פון טיש אַלע פּאַמפלעטן און עס געוואָרפן אין ברענענדיקן קאַמין. די חברים האָבן פּילדייטיק זיך איבערגעקוקט, געביסן די ליפּן און געשוויגן. ווען די דאָקטאָרשע האָט געזען, אַז אַלץ איז שוין פאַרצוקט פון פייער, האָט זי זיך געלאָזט גיין צו דער טיר. זי האָט פאַרזיכטיק,

ביסלעכווייז געעפנט די שווערע טיר און זי האָט פאַר זיך דערזען אַן עלטערע, צעפּאַלאָשעטע פרוי, וועלכע האָט מיט אַ כריפּ אַרויסגעברומט:

— איך דאַרף נויטיק דעם דאָקטאָר... מיין טאָכטער גייט צו קינד.

די חברים האָבן, ניט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, זיך איבערגעקוקט...

דער סטודענט באָריס איז דער ערשטער אויפגעשטאַנען, האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: „מיט אַזעלכע מענטשעלעך וועט ניט העלפן דאָס איינטענהן“, און ער האָט, ניט זאָגנדיק קיין זיי־געזונט, פאַרלאָזן די הויז. נאָך אים האָבן די איבעריקע חברים גענומען איינציקווייז אַרויסגיין. נאָר איינער פון די אַרבעטער האָט זיך ניט איינגעהאַלטן און מיט כעס אַרויסגעשריען: „צעשראָקענע האָזן!... איר האָט אונדז פאַר־ניכטעט ווערטפולע פּאַפּירן.“ ער האָט אַ שפּיי געטאָן און איז אַוועק.

דער דאָקטאָר איז לאַנג, לאַנג געזעסן אַ צוזאַמענגעקנאָדערטער אין זיין ביבליאָטעק־צימער, און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז פון די בייכיקע ביכער קריכן אַרויס די באַזאַראָווס, די ווערע פּאַוולאָוואַס, די לאָפּוכאָווס און די קירסאַנאָווס, און לאַכן פון אים — דעם פּחדנותדיקן האָז.

1944.

# אויף אַ פּרעמדער חתונה

(פון די היימישע סטודענטן־יאָרן)

מיר זיינען געזעסן אין אַ טריבן שבת־צו־נאַכט ערגעץ אויף דער פּראַכאַראָווסקע און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיטן לאַנגן ווינטער־אָוונט. זאָגט איינער, אַ קליין־וואוקסיקער, ספּריטנער אַדעסיט:

— ווייסט איר וואָס, חברה, לאָמיר גיין אויף אַ חתונה טאַנצן!

— וואו, וואָס, ווער, ווען? — מען האָט אונדז דען איינגעלאַדן?

— קומט און פרעגט ניט קיין שאלות.

מיר האָבן זיך אַלע איינגעוואַשן, צוגעקעמט אונדזערע טשופּרינעס, צורעכט געמאַכט אונדזערע מונדירלעך מיט די גאָלדענע קנעפּ, און דער דערפאַרענער, קליין־וואוקסיקער אַדעסיט האָט אונדז אַוועקגעפירט אויף דער פּרעאָבראַזשענסקער גאַס אין אַ טאַנץ־זאַל, וואו עס איז יעדן שבת־צו־נאַכט פאַרגעקומען אַ חתונה.

אַ גראָבלעכע, בייכיקע פרוי, מיט רויטע האָר און מיט אַ מאַנסבילשער שטימע, האָט אונדז ביי דער טיר פריינטלעך אויפגענומען.

מיר האָבן אין דער גאַרדעראָבנער אַריינגעגעבן אונדזערע שווערע, שוואַרצע מאַנטלען מיט די גרינע „פּוראַזשקעס״, באַצאָלט פאַראויס מיט גרויסע, קופּערנע „פּיאַטאַקעס״, און זיך געלאָזט גיין מיט ניט־דרייסטע טריט, אין דעם מיט גאַז־באַלויכטענעם, לאַנגן זאַל.

אונדזער שרעק איז געווען אומזיסט: מען האָט אונדז אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, און גלייך אַוועקגעפירט צום פרייען בופעט, געגעבן לעקעך, בראַנפן און צובייסנס. חתנס צד האָט קאָנטיק געמיינט, אַז מיר זיינען כלהס צד; און כלהס צד — אַז מיר זיינען חתנס צד. ווי אויף מערסטע יידישע חתונות, זיינען אויך אויף דער חתונה געווען מער מיידלעך ווי יונגעלייטלעך, האָט מען אונדז אָן שאלות באַלד פאַרצוקערט, און מיר האָבן געטאַנצט מיט די אַדעסער גראַציעזע, רייצנדיקע מיידלעך — וואַלסן,

פּאָלקעס, מאַזורקעס... מיר האָבן גלייך מיט אַלעמען פון צייט צו צייט אַריינגעוואָרפן אַ זילבערנע מטבע צו די קלעזמער.

עלטערע יידן מיט אונטערגעשאָרענע, גרויע בערדלעך און באַיאָרנטע ווייבער מיט שייטלעך זיינען צו אונדז צוגעקומען און געפרעגט: „דו ביסט, מסתמא, לייזקע אַבעלעס אַ זון? און דו, מסתמא, יואליקס?...״ מיר האָבן גוטמוטיק געשאָקלט מיט די קעפּ און נאַריש צוגעשמייכלט. און שפּעטער האָבן מיר מיטגעמאַכט אַלע צערעמאָניעס פון דער חופּה, געקושט זיך ניט נאָר מיט מחותנים און מחותנתטעס, נאָר אויך מיט דער כלה...

ס׳איז אונדזער קליינער גרופּע יונגע אַדעסער סטודענטן געפעלן גע־וואָרן דער עסק. איז ווען נאָר מיר האָבן געהאַט אַ פרייען שבת־צו־נאַכט, פלעגן מיר גיין אין דעם זעלבן חתונה־זאַל אויף דער פּרעאָבראַזשענסקער גאַס.

די גראָב־לייביקע, רויט־האָריקע פאַרוואַלטערין פלעגט אונדז גוט־ברודעריש באַגעגענען, צוגעבן אַלס מתנה אַ פריינטלעכן פּאַטש אין פּלייצע, און מיט איר מאַנסבילשער שטימע אויסשרייען: „אָט גייען שוין אונדזערע שטענדיקע מחותנים! — ס׳וועט שוין ווערן לעבעדיק אין זאַל...״ און באַלד האָבן מיר זיך געלאָזט טאַנצן מיטן גאַנצן יוגנטלעכן ברען און רייץ ניט נאָר מיט די חנעוודיקע, גראַציעזע אַדעסיטקעס, נאָר מיר האָבן אויך ניט אויסגעלאָזן די שטילע, באַשיידענע, פאַרזעענע מיידלעך אין די ווייטסטע עקן פון טאַנץ־זאַל.

איין מאָל, געדענקט זיך, זיינען די קלעזמער אין אַ מיטן קאַדריל, אין סאַמע ברען פון טאַנץ, געבליבן פאַרשטומט און אַנידערגעלייגט אַ גרויסע פּאַטשיילע אויף דער גלאַנציקער פּאַדלאָגע, און געבעטן אַלעמען אַריינוואַרפן זילבערנע מטבעות, — אַנדערש האָבן זיי ניט געוואָלט אָנגיין מיטן שפּילן. אַ סך פון די אָנוועזנדע האָבן ניט געהאַט קיין זילבערנע מטבעות; נו, האָבן מיר, די יונגע סטודענטן, יענעם אָוונט אויסגעליידיקט אונדזערע קעשענעס ביז אַ פּרוטה. און נאָך אַ סך טענות און מענות האָבן די מוזיקער ווידער גענומען שפּילן, און ס׳איז ווידער געוואָרן ששון ושמחה.

אַרום פּורים־צייט זיינען מיר, אויסגעצוואָגענע און אויסגעפּוצטע אין אונדזערע „נאַריאַדנע״ מונדירלעך, אַוועק אויף אַ פרישער חתונה אין דעם זעלבן טאַנץ־זאַל.

דאָס מאָל איז דער חתן געווען אַ קליין־וואוקסיקער, מיט פאַרשפּיצטע גלידער, שוין ווייט ניט קיין יונגער. געווען איז ער זייער פּראַנטיש אויס־

געשטרודלט, — אין אַ גלאַנציקן צילינדער־הוט, מיט אַ ציגאַר אין מויל, מיט אַ גאָלדענעם קייטל און מיט גלאַנציקע קאַמאַשן. דאָס אַלץ האָט אָנגעדייט, אַז דער חתן איז אַ פאַרמעגלעכער מענטש.

די כלה איז געווען נאָך גאָר אַ יונגע, אַ בלאַסע, אַ הויכלעכע און אַ דינינקע ווי אַ שטרייעלע. דער רייכער חתן האָט מיט אַ ברייטער האַנט באַצאָלט די קלעזמער פאַר אַ גאַנצער נאַכט שפּילן, און מיר האָבן זיך, ווי אַלע מאָל, געלאָזט לעבעדיק טאַנצן פּאָלקעס, מאַזורקעס און וואַלסן מיט די גראַציעזע אָדעסער מיידלעך.

און אָט וויקלט מען שוין פאַנאַנדער די חופּה. און גראָד איז מען אונדז מכבד מיט צוהאַלטן די פיר דראַנגעס. אַן אַלטער, איינגעהויקערטער יידעלע האַלט שוין פאַרטיק אַ גראַפינטשיק מיט ווין און צוויי גלעזלעך. די קלעזמער האָבן אָנגעהויבן צו שפּילן דאָס טרויעריק־פריילעך, האַרץ־הויבנדיק חתן־כלה מאַרש.

אָבער פּלוצים איז געוואָרן אַ גערודער און אַ געפּילדער ביים אַריינ־גאַנג. די גראָב־לייביקע פאַרוואַלטערין האָט געשריגן, ניט געוואָלט עמעצן אַריינלאָזן. און באַלד האָבן זיך אַריינגעריסן מיט גוואַלד צוויי הויכע אַלטע יידן און זיי האָבן געפירט אַ פרוי, איינגעהילט אין אַ שוואַרצער, אָפּ־געקראָכענער פאַטשיילע.

די מוזיקער האָבן אָפּגעהאַקט דאָס שפּילן. דער גאַנצער עולם האָט זיך גענומען שטופּן. עס האָט זיך געפילט אין דער לופט, אַז אַ טראַגעדיע קומט. די מענטשן זיינען געשטאַנען מיט אומרואיקע אויגן און מיט פאַרקלעמטע הערצער און געקוקט אויף די הויכע סיווע יידן און אויף דער פאַרטריקנטער, פאַרגרויטער פרוי, וועמעס אויגן האָבן געפינקלט ווי שטיקלעך קוילן אין אַ צאַנקענדיקן בערגל אַש.

און אָט איז שוין איינער פון די אַלטע יידן געשטאַנען אויף אַ בענקל, הויך איבער אַלעמענס קעפּ. זיין ווייסע, פּאַטריאַכאַלישע באָרד האָט ממש פון אים אַראָפּגעלויכטן, אַרויסגערופן גרויס דרך־ארץ; און ער האָט מיט אַ האַרטער, בייזער שטימע געדונערט: „רבותי! איך, שלמה דוד, דער מאָלדאַוואַנקער רב, און אָט דער ייד, וועלכער איז רב־הכולל פון כערסאָן, זיינען געקומען עדות־זאָגן, אַז דער חתן־בחור אייערער איז אַ באַ־ווייבטער און איז אַ טאַטע פון צוויי דערוואַקסענע קינדער!...“ און ער האָט אָנגעוויזן אויף דער פאַרגרויטער, צוזאַמענגעקנאָדערטער פרוי.

די פרוי האָט זיך איינגענורעט אין איר שוואַרצער פאַטשיילע, און

פון אירע שוואַרצע, גליענדיקע אויגן האָבן זיך גרויסע טרערן גענאָסן, און זי האָט געשעפּטשעט: „אוי, שמעון! דו האָסט מיך און דיינע קינדער פאַרגעסן!...‟ — און באַלד איז די יונגע, דינינקע כלה־מיידל געוואָרן ווייס, ווי איר ווייסע חופּה־קלייד, זיך אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע און אַוועק־געחלשט...

ס׳האָבן זיך גענומען טראָגן קולות: „ראַטעוועט!... מינטערט!... אַ דאָקטאָר!...‟

אין דעם טאַנץ־זאַל, וואו ערשט ניט לאַנג האָבן זיך מענטשן משמח געווען, האָט איצט אויסגעזען, ווי אַ טשאַטע שוואַרצע רוחות זאָלן זיך האָבן מיטאַמאָל אַריינגעריסן און גענומען טאַנצן אַ ווילדן שדים־טאַנץ. מענטשן האָבן זיך צוזאַמענגעלאָפן פון דער גאַס, געשאָקלט מיט די קעפּ און געמורמלט: „אוי, וויי! אַ באַווייבער חתן גאָר! אַן אויסוואורף!...‟ ווייבער האָבן געגאָסן מיט ביטערע טרערן. אויך מיר, די יונגע סטודענטן, האָבן גענומען שלוכצן פון האַרץ־קלעמעניש, און אונדזער ספּריטנער אַדעסיט האָט זיך צעווײנט אויפן קול...

באַלד האָט זיך דערהערט דאָס געקלאַנג פון אַ פּאָליציי־וואָגן און אַן אַמבולאַנס. דאָס באַוואוסטע געקלאַנג, וואָס זאָגט אַן דער גאַס, אַז אַן אומגליק האָט פּאַסירט. דאָקטוירים אין ווייסע כאַלאַטלעך זיינען באַלד אַריין אין זאַל. ברייט־פּלייציקע פּאָליציאַנטן האָבן זיך געכעסט, פאַנאַנדער־געשטופּט די אָנגעלאָפענע, נייגעריקע מאַסע. מען האָט דאָס יונגע כלה־מיידל אַרויסגעטראָגן אויף אַ „נאָסילקע‟...

אין דעם געדרענג און געפּילדער איז דער אויסגעשטרודלטער חתן מיטן גלאַנציקן צילינדער־הוט אויסגערונען, גלייך ווי אין דר׳ערד אַריין.

באַלד האָט זיך ווידער אין גאַס דערהערט אַ הילכיק קלינגעריי. ביסלכעווייז איז דאָס קלינגעריי געוואָרן שטילער און שטילער, ביז עס איז אין גאַנצן פאַרשוואונדן.

די אָנגעלאָפענע מאַסע האָט זיך גענומען פאַנאַנדערגיין.

• • •

צי מען האָט דאָס יונגע כלה־מיידל אָפּגעראַטעוועט, און צי מען האָט דעם באַווייבטן חתן אָפּגעזוכט, ווייס איך ניט. אָבער איין זאַך ווייס איך, אַז פון דאַן אָן זיינען מיר שוין מער אויף קיין פרעמדע חתונות ניט געגאַנגען.

# שמיליק

די מעשה איז געשען אין די אַלטע צאַרישע צייטן, אין דער ברויזנ־דיקער זיד־רוסישער שטאָט אָדעס. צווישן די תלמידים איין דער מאָלדאַ־וואַנקער אָונט־שול פאַר דערוואַקסענע איז געווען איינער אַ ישיבה־בחורל מיטן נאָמען שמיליק.

שמיליק איז דאַן ערשט ניט לאַנג געקומען פון אַ קליין פוילישׁ שטעטל. ער איז געווען אַ דראָבנער בחורל מיט אַ רונדן פּנים, מיט פעטע בעקלעך און מיט אַ שפּראָץ פון אַ קאָזע בערדל. ער האָט נאָך געטראָגן זיין היימישע אַטלאַסנע קאַפּאָטקע, און פון אונטער זיין קאַשקעטל האָבן זיך, ווי צוויי הבדלות, געפלאָכטן פּיאות.

אַ קאָפּ האָט שמיליק געהאַט אַ גוטן, געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא, געווען אַפילו אַ בקי אין ש״ס און פּוסקים.

איינער פון די אָונט־שול־לערער, אַ סטודענט פונעם אָדעסער נאָוואָ־ראָסיסקי אוניווערסיטעט, אויך אַ געוועזענער ישיבה־בחור, האָט זיך מיט שמיליקן פאַראינטערעסירט און גענומען אים געבן פּריוואַטן אונטערריכט אין וועלטלעכער וויסנשאַפט. אָבער שמיליק, אַנשטאָט אַריינצולייגן דעם קאָפּ אין מאַלינין־בורינינס אַריפמעטיקע און אין אילאָוואַיסקיס היסטאָריע, האָט געהאַלטן אין איין פאַרמאַטערן זיין לערער מיט פראַגן: צי גלויבט ער אין גאָט, אין שכר ועונש, אין גן־עדן, אין כשרות און אין די יידישע מנהגים.

נו, האָט דער אָדעסער לערער־סטודענט באַשלאָסן צו געבן שמיליקן אַ לעקציע איבער רעליגיע, און געזאָגט אַזוי:

— דער רמב״ם זאָגט אין זיין ספר „מורה נבוכים" („דער וועג־ווייזער פון די פאַרבלאָנדזשעטע"): זייט וויסן, רבותי, אַז אַ מענטש דאַרף נאָר גלויבן אין איינער פון די זאַכן: דאָס ערשטע, — דאָס וואָס דער שכל ווייזט מיט שטאַרקע ראיות. דאָס צווייטע, — וואָס אַ מענטש באַנעמט מיט זיינע פינף חושים. משה העס, דער גרויסער יידישער פילאָסאָף, זאָגט:

די יידישע רעליגיע איז די רעליגיע פון דער וועלט און ניט פון יענער וועלט. עס איז דאָס גלויבן פון דער דערלייזונג; דאָס גלויבן פון דער צוקונפטיקער, סאָציאַל־באַנייטער און באַפרייטער מענטשהייט. ליעוו טאָלסטאָי זאָגט: גאָט מיינט דער אַלוועלטלעכער וואונטש נאָך גליק, וועל־כער איז דער קוואַל פון לעבן. אין די ספרים הקדושים ווערט אָנגעגעבן אַלס הויך־פונקט פון רעליגיע — ואהבת לרעך כמוך, דו זאָלסט ליב האָבן דיין מיטמענטשן ווי זיך אַליין, און — מה דעלך סני לחברך לא תעביד, וואָס דו האָסט אַליין פיינט זאָלסטו ניט טאָן צו דיין חבר. ישעיה הנביא שטראָפט די זינדיקע מענטשן, וועלכע ווילן זיך אויסקויפן מיט קרבנות. ער זאָגט: מי בקש זאת מידכם רמס חצרי? ווער בעט אייך, איר זאָלט צעטרעטן מיינע הויפן? ברענגט ניט מער קיין פאַלשע קרבנות! קטורת — רויכאָפּפער — ווידערווילק איז עס מיר!... רחצו הזכו! הערט אויף שלעכטס טאָן! למדו היטב! זוכט רעכט! שטיצט דעם באַרויבטן! נעמט זיך אָן פאַרן יתום און פאַר דער קריוודע פון דער אלמנה...

און צום ענדע האָט דער אַדעסער סטודענט צוגעגעבן:

— דו, שמיליק, טראַכט וואָס ווייניקער וועגן גן־עדן העליון, נאָר טראַכט מער וועגן גן־עדן התחתון. שליס זיך אָן אָן דער רעליגיע, וועלכע וועט העלפן ברענגען פרייהייט, גלייכהייט און סאָציאַליזם אויף דער וועלט.

אויפגעהאַלטן האָט זיך שמיליק אין דער סטאָליאַרנער שולכל אויף דער מאָלדאַוואַנקע. דאָס שולכל איז געווען זייער אַן אַלטס און אַ פאַר־לאָזטס. שוין יאָרן לאַנג אַז מען האָט עס ניט רעמאָנטירט. אינעווייניק איז אין אַ סך פּלעצער די שטוקאַטורקע אָפּגעפאַלן. קיין באַהייצונג־מיטלען האָט דאָס שולכל ניט פאַרמאָגט, און דערפאַר האָט מען דאָרט געדאַוונט נאָר שבתים און יום־טובים. אַפילו אָרעמע ישיבה־בחורים האָבן זיך אין דעם נאַסן און קאַלטן שולכל לאַנג ניט געהאַלטן.

דאָס נייע, פרייע לעבן אין דער גרויסער שטאָט אָדעס, וואו האַנדל־וואַנדל איז אָנגעגאַנגען אַפילו שבת אין די מערסטע גאַסן; וואו יידן גייען קורץ־געקליידט גלייך מיט די אומות העולם; וואו יידן גילוחים רויכערן סיגאַרעטלעך אום שבת בפרהסיה; וואו פרויען, אין קורצע קליידלעך און אין אייגענע האָר, רעדן הויך און לאַכן חוצפּהדיק גלייך ווי די מענער, — דאָס אַלץ האָט אין גאַנצן צערודערט שמיליקס רעליגיעזן געמיט.

מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אונדזער קליין־וואָוקסיקער שמיליק, מיט די פעטע בעקעלעך און מיט אַ שפּראָץ פון אַ קאָזע רויט בערדל, האָט

נאָך אַלץ געטראָגן זיין היימישע אַטלאַסנע קאַפּאָטקע, און פון אונטער זיין קאַשקעטל האָבן זיך נאָך אַלץ צוויי פּיאות ווי הבדלות געפלאָכטן. און דערצויגן געוואָרן איז שמיליק אין אַן עקסטרעם־רעליגיעזער אַטמאָספערע, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל פון לאָמזשער גובערניע, וואו ער איז פון קינדהייט אָן געווען אַרומגערינגלט מיט פרומע יידן, מיט רביים, מיט אַלעקסאַנדער־שטיבלעך און מיט געררער חסידים. ער האָט נאָך ביז יענער צייט ניט פאַרפעלט קיין מנחה, אָפּגעהיט שבת און אָפּגעהיט כשרות ווי ווייט ער האָט נאָר געקאָנט.

נו, פלעגט שמיליק אין יענע טעג אַרומגיין אַ טרויעריקער און אַ פאַרצווייפלטער און טראַכטן: „סטייטש, מיינע טאַטע־מאַמע גלויבן אַזוי שטאַרק אין גאָט, מיינע זיידעס און עלטער־זיידעס זיינען געווען העכסט־רעליגיעזע מענטשן, צדיקים, און דאָ קומען סטודענטן און אַפילו אייניקע ישיבה־בחורים, מיט קורץ־געשאָרענע בערדלעך, און זאָגן, אַז רעליגיע איז ניט קיין באַגרינדעטע זאַך, פאַרבונדן מיט סענטימענטן און איז אַן אַבסטראַקטע טעאָריע...“

וואָכן לאַנג איז שמיליק אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ היגער־פּלעט, אָנגעפילט מיט צווייפל און פינצטערע מחשבות. ביז איין מאָל אין שפּעטן אָוונט, ווען קיין לעבעדיקער מענטש איז אין דעם סטאָליאַרנעם שולכל ניט געווען, און אין דרויסן האָט געוואָיעט אַן אָסיענדיקער ווינט און גע־פליוכעט מיט אַ שטאַרקן רעגן, איז שמיליק געזעסן אין אַ ווינקל, צוזאַמענ־געקנוילט פון קעלט. און מיטאַמאָל איז אים באַפאַלן אַ מרה־שחורה און ער האָט באַשלאָסן אויספּרובירן דעם רבונו של עולם.

שמיליק האָט גענומען אַ שטענדער, אָנגעצונדן אַ חלבן ליכטל און זיך אַוועקגעזעצט האַרט ביי דער מזרח־וואַנט לעבן אָרון־קודש. דאָס ליכטל האָט זיך געטוקט און געוואָרפן משונהדיקע, טונקעלע שאָטנס אויף די קרישלדיקע, ברודנע ווענט. די מיסטישע פינצטערניש אין שולכל, דאָס מאָנאָטאָנע קלאַפּן פון שווערע טראָפּנס רעגן אין די שויבן, דאָס וואָיען פונעם אָסיענדיקן ווינט, די אומהיימלעכע אומגעבונג האָבן אויף שמיליקן אָנגעוואָרפן אַן אימה.

ער האָט גענומען טינט און פעדער און פּאַפּיר און זיך געזעצט שרייבן, און אָפּגעמאַכט ביי זיך: ווען מיך גאָט באַשטראָפן פאַר מיין לעסטערן אים, איז אַ סימן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ השגחה־פּרטית, און אויב ניט, איז אַ סימן, אַז ס׳איז ניטאָ...

מיט ציטערנדיקע הענט און מיט אַ געבראָכן געמיט האָט ער אָנגעהויבן פּאַרפּאַסן אַ שיר בזה הלשון:

שמעו שמים והאזיני ארץ!
דאָס רעדט אני שמיליק פּערעץ.
גאָט, דו גרויסער גאָט, אַלמעכטיקער!
דו ביסט דאָך איבער אַלעמען דער געוועלטיקער!
באַוועגער פון אַלע באַוועגונגען,
קוואַל פון אַלע נאַטור־דערשיינונגען, —
טאָ באַוויז דיין גבורה און דיין ווערט,
און באַשטראָף מיך פאַר לעסטערן דיך אַליין — גאָט, —
אַניט הער איך אויף צו גלויבן אין דיין געבאָט...
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

און אָט אַזוי ווי ער האָלט אין פּאַרפּאַסן אָט די אַפּיקורסישע שורות, האָט זיך מיטאַמאָל פון הינטערן אָרון־קודש אַרויסגערוקט אַ טונקעלע געשטאַלט, אַ מלאך־הדומה, איינגעוויקלט אין אַ שוואַרצן טלית, און אים געגעבן זעץ מיט אַ פלאַכן שטיין איבערן קאָפּ. שמיליק האָט זיך באַגאָסן מיט בלוט. אַ טויט־שרעק, ווי אַ מלאך־המות זאָל אים ווערגן, האָט אים אַרומגעכאַפּט. ער האָט מיט ניט קיין מענטשלעכע כוחות גענומען שרייען: „יי, יי, אל רחום וחנון! זיי מיר מוחל, גאָטעניו! פשעתי, חטאתי!...״ — און כמעט אַ האַלב־נאַקעטער, בלויז אין אַן אונטערשטער קאַפּאָטע און מיט אַ יאַרמולקע, איז ער אַרויסגעלאָפן אויפן גאַס.

ער האָט אַפילו מורא געהאַט זיך אומקוקן אויף צוריק. ער איז געלאָפן מיט אַזאַ אימפּעט, גלייך ווי אַלע מלאכי־חבלה פון גיהנום זאָלן אים נאָכיאָגן. אַ לאַנגע צייט איז ער אַזוי געלאָפן אין גוס־רעגן. בלוט האָט פון אונטער זיין יאַרמולקע זיך געשנירלט... ענדלעך איז ער, אין גאַנצן אַ נאַסער און אַ טויט־מידער, ערגעץ אַריינגעקראָכן אין אַ קעלער, זיך איינגעקנוילט אין אַ ווינקל, און קלאַפּנדיק אַ צאָן אָן אַ צאָן איבערגעלעגן די גאַנצע נאַכט. איצט איז ביי אים מער קיין ספק ניט געווען, אַז גאָט האָט אים באַשטראָפט...

ווען ס'איז נאָר טאָג געוואָרן, איז שמיליק אַרויסגעקראָכן פון קעלער און זיך גלייך געלאָזט גיין צו דער פּראָכאָראָווסקע, צו זיין לערער־

סטודענט, און מיט אַ שברות־הלב אים דערציילט, מיט אַלע איינצלהייטן, ווי דער רבונו של עולם האָט זיך מיט אים אָפּגערעכנט.

דער סטודענט האָט אַרומגעוואַשן דאָס פאַרטריקנטע בלוט פון שמיליקס באַוואָקסענעם, פוכלען פּנים, פאַרבאַנדאַזשירט זיין קאָפּ, אָנגעטאָן אויף אים אַ קורץ רעקל און אים געגעבן עטלעכע הייסע גלעזער טיי צום טרינקען.

עס האָט דעם סטודענט גענומען אַ לאַנגע צייט, ביז ער האָט שמיליקן איינגערעדט, ער זאָל מיט אים מיטגיין צו באַטראַכטן די זאַך אויפן פּלאַץ.

נאָך אַ גאַנצער נאַכט רעגענען, האָט דער אדעסער הימל אַזוי געלויכטן, ווי דאָס פּנים פון אַן אָפּגעוואַשענער כלה, און די זון, כאָטש אַ האַרבסטיקע, האָט באַגאָסן מיט גאָלדענע שטראַלן און ליבלעכער וואַרעמקייט די אָפּ־געשווענקטע אָרעמע גאַסן פון דער מאָלדאַוואַנקע.

ווען זיי זיינען אַריין אין דעם אַלטן סטאָליאַרנעם שולכל, האָט זיך דער סטודענט גלייך געלאָזט גיין צום אָרון־קודש, און שמיליק איז געבליבן שטיין ביי דער טיר, אַלץ מורא געהאַט אַריינצוגיין. דער סטודענט האָט געטראָפן אַ סך אָפּגעפאַלענע שטוקאַטורקע און ליים. אויפן שטענדער זיינען געלעגן פאַרברודיקטע און פאַרבלוטיקטע בייגעלעך פּאַפּיר מיט שמיליקס פאַרפּאַסונגען, און ער האָט עס גענומען מיט נייגיר לעייענען. אָבער באַלד האָט זיך דער סטודענט, דער אַמאָליקער ישיבה־בחור, אַרומ־געקוקט, באַטראַכט דעם סופיט און די ווענט, און זיך שטאַרק פאַנאַנדער־געלאַכט. שמיליק איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און גע־טראַכט, אַז זיין לערער איז אַרונטער פון זינען. אָבער דער סטודענט האָט מיט גוואַלד צוגעשלעפּט שמיליקן צום אָרון־קודש און אים דערקלערט, אַז ס'איז ניט געווען קיין מלאך־הדומה איינגעוויקלט אין אַ שוואַרצן טלית, און ניט קיין מלאכי־חבלה פון גיהנום, נאָר גאָר פּשוט, — היות דאָס שולכל איז אַ פאַרלאָזטס, און פון דאַך רינט אַריין, און היות נעכטן האָט גע־פליוכעט און געשטורעמט, איז אָפּגעפאַלן פון סופיט אַ שטיק שטוקאַטורקע און האָט אים, שמיליקן, גראָד געטראָפן אין קאָפּ...

פון דאַן אָן האָט שמיליק אויפגעהערט צו מאַטערן זיך און זיינע לערער מיט פראַגן פון יענער וועלט, און זיך מער אָפּגעגעבן מיט פּראָבלעמען פון דער וועלט.

1938

# דער גאָטספּאַרכטיקער דזשאַני

ווען מען האָט אַריינגערעדלט דעם 21־יאָריקן דזשאַנין אין „וואַרד סי״, איז ער געווען מער טויט ווי לעבעדיק. דזשאַני האָט די ערשטע טעג גאָר ניט געזען און גאָר ניט געהערט. זיינע גרויסע, ברוינע, קעלבערנע אויגן זיינען געווען פאַרשטיינערט; זיינע שוואַרצע, דיקע, קודלאַטע האָר זיינען געווען נאַס, און ער האָט מאָנאָטאָן אַרויסגעזשיפּעט: „מאַמאַ מיאַ!... סאַנטאַ מאַריאַ!... העלף מיר!...״

דזשאַני האָט אויך ניט געזען און ניט געפילט ווי די יונגע, געוויקסיקע „אינטערן״־דאָקטוירים און די פלינקע, שניי־ווייס געקליידעטע קראַנקן־שוועסטער האָבן איבער אים שטונדן־לאַנג געאַרבעט און געמאַכט פאַר־שיידענע „טעסטס״: זיי האָבן אַנאַליזירט זיין בלוט און השתנה, געמאָסטן די היץ, געציילט דעם בלוט־דרוק, גענומען פון אים עקס־רעי בילדער און קאַרדיאָגראַמעס...

ערשט אויפן פערטן טאָג האָבן די „אינטערנס״, מיט דער הילף פון די עלטערע דאָקטוירים און פון אַלע „טעסטס״ אויסגעפונען, אַז דזשאַניס האַרץ איז אומגעהויער פאַרגרעסערט, אַז ער האָט „רומאַטיק פיווער״ און צופיל פעטס.

צום סוף וואָך האָט דער שוואַרץ־האָריקער, קודלאַטער דזשאַני גענומען פילן אַביסל בעסער. ער האָט זיך גענומען אַרומקוקן, און ווי איבעראַשט איז ער געווען, וואָס וואו נאָר ער האָט געוואָרפן מיט אַן אויג, האָט ער געטראָפן בלויז יידן: אויף זיינע ביידע שכנישע בעטלעך זיינען געלעגן צוויי באַוואַקסענע, אויסגעקרענקטע, דאַרע יידן; אַרום און אַרום ביי די גרויסע, געלע ווענט זיינען געלעגן בלאַסע, אויסגעווייטיקטע יידן; די דאָקטוירים — יידן; דער פערזענלעכער באַדינער — אַ דייטשער ייד; אויך אַ צאָל פון די קראַנקן־שוועסטער זיינען געווען יידישע.

די יידישע סביבה האָט דזשאַנין שטאַרק געערגערט און פאַרביטערט זיין געמיט. אַזאַ נבלה! — האָט ער פאַר זיך געטראַכט, — ער, דער

פרומער קאַטאָליק, איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ ײדישן שפּיטאָל און דאַרף אָנ־פּאַרטרויען זײַן לעבן צו גאָט־לעסטערנדיקע, טײַוולאָנישע ײדן. װער װײס! זײ קאָנען נאָך אים פאַרסמען... און כדי צו צעשטערײען זײַנע פינצטערע רעיונות, פלעגט ער אַרויסשלעפּן פון זײַן צוקאָפּנס אַ באַלעדערט, פאַר־געלט תהילימל און מיט פאַרטרערטע אויגן אַרויסלײענען פון די אָפּ־געבליאַקעװעט בלעטלעך...

דזשאַניס מוטער, אַ גרויע, אײַנגעהויקערטע איטאַליענערין, װעלכע האָט אויסגעזען װי זײַנע אַ באָבע, האָט זיך די גאַנצע צײַט גענורעט אין די ברײטע קאָרידאָרן, װי אַ דערשראָקענע קאַץ, און געװײנט.

און װײנען האָט זי געהאַט פאַרװאָס: עלף קינדער האָט זי געהאַט, און איבערגעבליבן זײַנען בײַ איר נאָר צװײ — אַ פאַרהײראַט טאָכטער און אָט דער דזשאַני. איר מאַן איז שוין אויך לאַנג טויט. און אַז זי פלעגט זען װי די זױבערע, געװויקסיקע, יונגע דאָקטוירים פאָרען זיך אַרום איר זון, פלעגט זי זיך אונטערגענבענען מיט קעצישע טריט, כאַפּן זײ פאַר די הענט און רעדן גיך, גיך מיט אַ האַרטער תחנונים־שטימע אויף איר הײמישן לשון. די „אינטערנס" האָבן ניט פאַרשטאַנען װאָס זי רעדט און אויפ־געכאַפּט בלויז געצײלטע װערטער: „מיאַ סאָן... אונע סאָן... סאַנטאַ מאַריאַ... בענע..." זײ פלעגן זי טרײסטן און הײסן איר גײן זיך אויסשלאָפן.

יעדן טאָג, באַלד נאָך מיטאָג־עסן, פלעגט צו דזשאַנין קומען נאָך גאָר אַ יונגער גלח, אַ שטײַפער, מיט אַ פאַרהאַרטעװעטן, רײן־ראַזירטן פּנים. ער האָט געטראָגן אַ שװאַרצע דעליע, פאַרשפּיליעט אויף אַלע קנעפּ ביזן האַלדז. אויפן זײַן ברוסט — אַ היפּשער גאָלדענער צלם. נאָך שטײענדיק בײַ דער טיר פלעגט ער אָנשטעלן זײַנע שאַרפע בליקן אויף דזשאַנין און אים צלמען. נאָך דעם פלעגט ער מיט לאַנגזאַמע טריט, װי אַ פּאַװע, צוגײן צו דזשאַניס בעט און מיט קוים־געעפּנטע דינע ליפּן אַרויספּליסטערן תפילות.

דזשאַני פלעגט דאַן אויפלעבן, זײַן פּנים פלעגט אויפלויכטן און זײַנע גרויסע, ברוינע, קעלבערנע אויגן פלעגן אויפשײַנען. ער פלעגט גערן מיטזאָגן די תפילות און פון צײַט צו צײַט אַרויסמורמלען: „העלף מיר, פּאַדרע! ראַטעװע מיך!..."

דזשאַניס מוטער פלעגט דאַן צופאַלן צו די ראַנדן פון גלחס דעליע און עס קושן און װײנען. צום סוף פלעגט דער יונגער גלח אַרויסנעמען אַ בײַכיק מעשן פלעשל און דזשאַנין באַשפּריצן, און ניט אומקוקנדיק זיך

אויף קיינעם, פלעגט ער אַפּגיין, אַביערלאַזנדיק נאָך זיך אַ ריח פון ווייררויך. אויף די אַרומיקע יידישע חולאים פלעגט די רעליגיעזע צערע־מאָניע מאַכן אַ שווערן איינדרוק; און די יונגע דאָקטוירים האָבן בשעת מעשה געצופּט זייערע דינבע וואָנצעלעך מיט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל.

ביינאַכט פּילן די חולאים ערגער. פון אַ סך בעטן הערט זיך אַ קרעכצעריי. אין אַ ווינקל הוסט אויס אַ חולה זיין לעצט ביסל לעבן. פון ערגעץ־וואו דערטראָגט זיך אַ גרילצנדיק געוויין, וואָס עגבערט דעם אויער און מען קאָן בשום אופן ניט איינשלאָפן.

אויך דזשאַני פלעגט ביינאַכט פילן ערגער און אָפט היסטעריש וויינען, בעטן וואַסער. זיינע יידישע בעט־שכנים פלעגן אים גערן אַרויסהעלפן, געבן אים אַ טרונק, אונטערהויבן די בעט, אַריינזאָגן אַ טרייסט־וואָרט.

ביסלעכוויין האָט זיך דער פאַנאַטיש־פרומער דזשאַני צוגעוואוינט צו די יידן, אויפגעהערט מורא האָבן פאַר זיי, געקוקט מער פריינטלעך אויף די דאָקטוירים, כאָטש טיף ביי זיך אין האַרצן האָט ער געגלויבט, אַז העלפן וועט אים פריער גאָט און נאָכדעם דער קאַטויילישער גלח.

ווען עס פלעגט אָנקומען אַ באַזוך־טאָג, פלעגן זיך צו דזשאַניס בעט אַ לאָז טאָן אַ גאַנצע מחנה קורצע, געפּאַקטע איטאַליענער; פון די איטאַ־ליענער, וועלכע זיינען שוין דאָ אין לאַנד אַ דרייסיק־פערציק יאָר און קאָנען קיין וואָרט ענגליש ניט רעדן. דאָס זיינען געווען אַלץ קרובים, מערסטנס פעטערס און מומעס. זיי פלעגן שנעל רעדן צווישן זיך אויף זייער היימישן לשון, שאָקלען מיט די געגרייזטע קעפּ, גלאָנצן מיט גאָטס־פּאַרכטיקע, טרויעריקע אויגן אויף דזשאַנין, און ביים אַוועקגיין פלעגן זיי אים איבערלאָזן ווער אַ פעטן טייגעכץ, ווער אַ שטיק שמעקעדיק קעז און ווער „פּיטצאַ״. אָבער די קראַנקן־שוועסטער פלעגן דאָס אַלץ שפּעטער פון אים אַוועקנעמען.

אין פאַרלויף פון צוויי וואָכן האָט דער ברייטביייניקער, שוואַרץ־האָרי־קער דזשאַני צוגעקראָגן אַ סך פרישע כוחות. ער זיצט שוין אין בעט, עסט מיט אַפּעטיט, קוקט אַריין אין דער שטיל זיינע פעטע טייגעכצן, וואָס זיין מאַמע און מומעס ברענגען אים אין דער שטיל, כאָטש שוין אַפילו אַ שמועס מיט זייע יידישע בעט־שכנים.

אין די ברייטע קאָרידאָרן פון „וואָרד סי״ האָבן זיך בייטאָג שטענדיק אַרומגעשלייכט עטלעכע אויסגעבלייכטע פּאַציענטן אין וואַרעמע שלאָפראָק

און אין ווייכע, אויסגעטראָטענע פּאַנטאָפל. דאָס זיינען די יעניקע, וועלכע קלייבן זיך שוין אַהיימצוגיין.

צווישן אָט די איז געווען איינער אַ קליין, מאָגער יידל מיט אַ לאַנגער, פאַרשפּיצטער נאָז, מיט אַ פּליכעוואַטן קאָפּ. אויגן האָט ער פאַרמאָגט גרויסע, גוטמוטיקע, פינקלענדיקע. ער פלעגט אַ סך רעדן און דערביי גוטמוטיק שמייכלען און זיין גאַנצער גלאַטיקער שאַרבן האָט אויך מיט־געשמייכלט.

ווען אָט דאָס דאַרע יידעלע פלעגט זיך אָפּשטעלן ביי אַ ליגנדיקן חולה, האָט זיך גלייך געשאַפן אַ קרענצל פון אַרומגייענדיקע חולאים, וועלכע פלעגן זיך גערן צוהערן צו זיינע מעשיות און ווערטלעך. „איך און מיין אַסטמאַ זיינען גרויסע מיוחסים: מיר בלאָזן פון זיך שטענדיק" — איז געווען זיינס אַן אָפּט ווערטל.

— דאָס לעבן איז געגליכן צו אַ באַן, — האָט ער איינמאָל לאַנגזאַם אַרויסגעדרשנט, און בשעת מעשה שווער געאָטעמט און געפּוכקעט ווי אַ דאַמף־מאַשין — איך האָב זיך אויף דער באַן אַרויפגעזעצט אין אַ קליין שטעטעלע אין מינסקער גובערניע. די באַן האָט זיך שטאַרק געטרייסלט, האָב איך, ווי געווינלעך, אַריינגעכאַפּט אַ היפּשע ביסל סטוסאָקעס... נו, איצט פאָר איך קיין ברוקלין. מען וועט מיר אין גיכן הייסן אַרונטערגיין אויף סטאַנציע מאָנטעפיאָר סעמעטערי, — דאַרף מען קיין פאַרדך ניט זיין און מען גייט אַרונטער אָן געפּילדער... איך פרעג אייך, מענטשן, פאַר וואָס האָבן מיר אַזוי פיל טענות צו אַלץ און אַלעמען? מיר האָבן דען די באַן מיט די רעלסן אויסגעבויט?... איך האָב נאָר געפּרעסט הויזן, רעקלעך און זשילעטקעס. איך בין ניט מער ווי איין שרייפּעלע אין דער באַן. נו, וועט זיין מיט איין שרייפּעלע ווייניקער! מה רעש!... און צוריקגערעדט, אַז מ'וויל זאָגן, האָבן איך קיין סך בלומען אויף מיין „יאַזדע" ניט אָנ־געטראָפן. געמעגט זיין אַ היפּש ביסל מער אָנגענעם!... — אָט אַזוי האָט פילאָסאָפירט אונדזער מינסקער פּרעסער ביז ער האָט זיך פאַרקייכט און מער ניט געקאָנט רעדן.

איין מאָל, אין אַ העלן בייטאָג, ווען די האַרלעמער פרילינג־זון האָט פריילעך אַריינגעלאַכט דורך די גרויסע פענצטער, זיך אויסגעשפּרייט איבער די געלע ווענט פון שפּיטאָל, איבער די ווייסע בעטלעך, איבער די אויסגע־בלאַסטע און פאַרזויערטע פּנימער פון די פּאַציענטן, האָט דאָס קליין יידעלע, דער מינסקער פּרעסער, זיך אָפּגעשטעלט ביי דזשאָניס בעטל און פאַר־פירט מיט אים אַ געשפּרעך וועגן דער איצטיקער וועלט־מלחמה. ער האָט

אויף זיין שטייגער אַריינגעשאָלטן אַ היפּש ביסל קללות היטלערן, דעם יאַפּאַנטשיק און מוסאָליניִן.

דזשאַני האָט מיטאַמאָל באַקומען אַ רויט־ברענענדיק פּנים, זיין בלוט האָט אויפגעברויזט, זיינע פּעטע ליפּן האָבן געציטערט און ער האָט מיט כעס אַרויסגעהירזשעט:

— איך ווייס ניט קיין סך וועגן די יאַפּאַנעזער און היטלערן, אָבער מוסאָליני איז זיכער אַ פיינער, גאָטספּאָרכטיקער מאַן... הלוואי וואָלטן מיר דאָ אין אַמעריקע געהאַט אַ מוסאָליני, וואָלטן מיר קיין מלחמה ניט געהאַט!

דער דאַרער פּרעסער האָט מאָמענטאַל פאַרלאָרן זיין געוויינלעך גוט־מוטיקן שמייכל. גרויסע טראָפּנס שווייס האָבן אַרויסגעטראָטן אויף זיין גלאַטיקן שאַרבן און ער האָט מיט ביטערניש אַרויסגערעדט: „פּאַראַן מענטשן, וואָס האָבן ליב צו עסן פאַרווערימטע, עיפּושדיקע קעזן; און דו, דזשאַני, האָסט ליב אַ פאַסקודנעם פאַררעטער.“

דזשאַני האָט גאַליק געענטפערט מיט אַ גליענדיקן פייער אין זיינע גרויסע, קעלבערנע אויגן: „אַ פאַשיסט איז זיכער אַ פיינערער מענטש איידער אַ גאָטלאָזער „שיני“...“

דער דאַרער פּרעסער איז געוואָרן טויט־בלאַס. ער האָט אָנגעהויבן שטאַרק הוסטן; זיך אָנגעכאַפּט מיט איין האַנט פאַר זיין איינגעפאַלענער ברוסט און מיט דער צווייטער זיך אָנגעהאַלטן אָן פאַרענטש פון בעט; זיינע דינע, בלויע ליפּן האָבן זיך באַוועגט, אָבער קיין ווערטער האָט ער ניט אַרויסגעבראַכט. ער האָט אַ שפּיי געטאָן אין דזשאַניס ריכטונג און מיט דער הילף פון עטלעכע חולאים האָט ער זיך מיט מאַטערניש אַוועקגעשלעפּט צו זיין געלעגער. פון דאַן אָן האָבן די יידישע חולאים אויסגעמיטן דזשאַנין און מיט אים ניט גערעדט.

אַ יידישע געזעלשאַפּטלעכע טוערין פון רוסישער אָפּשטאַמונג האָט דזשאַנין אַוועקגעשיקט אין אַ „קאָנוואַלעסענט האָום“, וואָס ווערט אויס־געהאַלטן פון יידישע מנדבים, און אים אָנגעזאָגט ער זאָל ניט פאַרגעסן, אַז ער פאַרמאָגט אַ שוואַך האַרץ און צופיל פעטס — דערפאַר זאָל ער אַ סך רוען, ווייניקער עסן, ניט רויכערן.

דזשאַני איז שוין אין דער „האָום“ און ווידער איז ער אַרומגערינגלט מיט יידן. די יידישע חולאים האָבן געהערט פון זיינע פאַשיסטישע אינ־ספּיראַציעס, און דעריבער מיידן זיי אים אויס, איגנאָרירן אים און ווילן ניט האָבן צו טאָן מיט אים.

דזשאַני שלעפּט זיך אַרום גאַנצע טעג אַן אומעטיקער, אַ פאַרטראַכטער

און אַן איינזאַמער. אַ וואָרעם פון חרטה האָט אים גענומען טאַטשען. עס האָט אים גענומען פאַרדריסן פאַרוואָס ער האָט אַזוי באַליידיקט דעם דאַרן, קליינעם יידעלע; און אויסער דעם האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז די יידן, וועלכע ער האָט אַלע זיינע יאָרן געהאַלטן פאַר טייוואָלים, זיינען אין דער אמתן גאָר ניט אַזוינע שלעכטע מענטשן...

איין פּאַציענטקע אָבער, אַ יונגע, צאַרטע, בלאָנדע מיידל, מיט גרויסע, רואיקע, לויטערע אויגן און מיט זייער אַ חנעוודיקן מויל (דאָרע האָט זי געהייסן), האָט זיך פריינטלעך און מיט ווירדע באַצויגן צו דזשאַנין.

וואו נאָר דאָרע האָט זיך אַנידערגעזעצט, דאָרט איז באַלד אויסגעוואַקסן דער צעשוואומענער, רויער, שוואַרץ־האָריקער דזשאַני.

דאָרע האָט גענומען מיט אים פאַרברענגען. זי האָט צו אים שטונדן־לאַנג גערעדט — וועגן טאָלעראַנץ, וועגן גלייכע רעכט פאַר אַלע מענטשן, וועגן דעם תמצית פון רעליגיע און וועגן סאָציאַל־עקאָנאָמישע אמתן.

דזשאַני האָט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און מיט שטאַרק־פאַנאַנדער־געריסענע אויגן געקוקט איר גלייך אין פּנים אַריין און גיריק געשלונגען יעדן וואָרט אירן.

דזשאַני איז מיטאַמאָל אַריינגעפאַלן אין אַ נייער, פאַרכישופטער וועלט. און אין קאָפּ ביי אים אַ געווירבל פון נייע, פאַרפלאָנטערטע געדאַנקען. עפּעס האָט אים אַלץ גענומען אויסזען אַנדערש: אין זיינע איין־און־צוואַנציק יאָר האָט ער אַזעלכע קלוגע רייד און אַזעלכע לאָגישע געדאַנקען נאָך ניט געהערט. דאָרע האָט אים אויך געגעבן אירע ביכלעך צו לייענען און דזשאַני האָט עס מיט נייגיר געלייענט.

קורץ, דזשאַני האָט זיך אין אַ קורצער צייט שטאַרק געענדערט — גענומען פאָלגן די יידישע דאָקטוירים און די קראַנקן־שוועסטער און אויך גענומען ווערן פריינטלעך צו די יידן. און די בלאָנדע, חנעוודיקע דאָרע האָט ער פשוט פאַרגעטערט...

דער פריילעכער, לעבנס־לוסטיקער טאַבאַיטשיק האָט אָפּט, זיצנדיק אויף דער וועראַנדע מיט אַ סך חולאים, אַרויסגעשריען: „חברה, איך שטעל אין קאָן אַ האַנט און אַ גאַנצע פוס, אויב דזשאַני וועט נאָך אַמאָל ניט חתונה האָבן מיט דאָרען!“

הר־סיני שפּיטאָל, 1942.

# אויף אַ גליטשיקן וועג

ס׳פּאַסירט, אַז אַ חולה אין אַ שפּיטאָל הויבט אָן זיך בעסערן, הויבט ער אָן שמועסן מיט די אַרומיקע בעט־שכנים, ווערט סענטימענטאַל, אָפּנ־האַרציק, דערציילט סעקרעטן פון זיין אייגן לעבן, אָדער סתם פּיקאַנטע פּאַסירונגען.

די פּאָלגנדיקע מעשה האָט מיר דערציילט מיין בעט־שכן פרעד — אַ דאַרער, גוטמוטיקער, באַרעדעוודיקער חולה:

— אָט ווי איר קוקט מיך אָן, טייערער פריינט, בין איך שוין אַ טעקסי־דרייווער גאַנצע דרייסיק יאָר. כאָטש געדאַרפט האָב איך גאָר זיין אָדער אַ רב, אָדער אַ פּראָפעסיאָנאַל. אין דערהיים, אויף יענער זייט ים, האָב איך געלערנט גמרא מיט פּוסקים און אויך געווען אַן עקסטערניק. אָבער דאָ אין אַמעריקע בין איך נאָך אַלס „גרינער" אַריינגעפאַלן אין באָסטאָן, דאָרט חתונה געהאַט, אַריינגעקראָכן אין אַ טעקסי ווי אויף אַ ווילע, און פאַרבליבן אַ „העקער" עד היום...

איין מעלה האָט די טעקסי — מען איז שטענדיק אין גאַס, מען זעט אַ וועלט מיט מענטשן, מען טרעפט זיך אָן אויף טשיקאַווע פּאַסירונגען און מען קריגט אַ סך דערפאַרונג אין לעבן. איין פּאַסירונג, צי איר ווילט צי ניט, וועל איך אייך דערציילן.

דאָס איז געשען מיט אַ יאָר צוועלף צוריק, אָנהויב ווינטער. איך האָב דאַן געאַרבעט ביי דער באָסטאָן טעקסי קאָמפּאַני. איינער פון די באַלע־באַטים, אַ יונגער, גוזעצטער מאַן, בלוט און מילך, מיט רויטע, פעטע ליפּן און מיט גרויסע גאָלדענע ברילן, האָט מיך איינמאָל געבעטן איך זאָל אים פירן אויף טשעסנאָט סטריט. דאָס איז אַזאַ גאַס אין באָסטאָן, וועלכע איז אָנגעפּיקעוועט מיט געלע, דריי־שטאָקיקע געביידעס, און איז זייער ענלעך צו אייער ניו־יאָרקער, פאַרמאַסקירט־לוסטיקער צוויי און זיבעציקסטער גאַס. אויך טשעסנאָט סטריט איז באַרימט מיט „הייזלעך" און מיט „פריילעכע" דאַמען, וואָס בייטאָג שלאָפן זיי, פאַרנאַכט שלעפּן זיי זיך

אַרום מיט זייערע דאַרע ענגלישע הינט, און ביינאַכט הולטייעוועט מען ביזן גרויסן טאָג.. נו, אַז מען הייס פאַרן, פאַרט מען.

ווען איך האָב אָפּגעפּירט מיין יונגן באָס אויף דער באַרימטער טשעס־נאַט סטריט, האָט ער מיך געהייסן צוואַוואַרטן. וואַרט איך... ווילסן דאַרפט איר, אַז פון מיינע יונגע יאָרן האָב איך פיינט אַ באָס, אָבער אַט דעם יונגן באָס מיינעם האָב איך גלייך ליב באַקומען, ווייל ער איז אַלעמאָל געווען גוט צו מיר. ער פלעגט מיך אַרויסשיקן מיט אַ גוטער, וואַרעמער קאַר, טאָן מיר געוויסע טובות, מיר צאָלן פאַר די רייזעס לויט דעם „מיטער“, און נאָך דערצו געבן גוטע טיפּס אויך...

עס נעמט ניט לאַנג, און מיין באָס קומט אַרויס מיט אַ יונגער, שלאַנקער, בלאָנדער שיינהייט... איך רייס אויף מיינע אויגן, קאָן זיך צו זאַט ניט אָנקוקן. גאַרניט דאָס וואָס איך האָב דערוואַרט. איר הערט? — ניטאָ קיין סימן פון ביליקער שמינק און פודער. זי טראָגט ניט קיין שרייענדיקע, קאָלירטע קליידער, און פאַרמאָגט ניט די פרעכע קוקעלעך; נאָר פאַרקערט — זי קוקט גאָר אויס ווי אַ ראַפּינירטע האַי־סקול מיידל, אָדער ווי אַ באַשיידענע סטודענטקע. זי איז גאָר אָנגעטאָן אין אַן איינפאַך, קורץ, געפאַלדעוועט קליידל מיט אַ געקעסטלט, וואַרעם דזשאַקעטל; אונטערן אָרעם האַלט זי אַ דיקן בוך.

מיין יונגער באָס האָט מיך לאַנג ניט געלאָזט קוקן, אַ צופּ געטאָן ביי אַ פלייצע און מיר געהייסן פאָרן אין אַ געוויסן אַריסטאָקראַטישן רעסטאָראַן. איך האָב זיך געלאָזט פאָרן, און שטעל מיר אָן מיין שפּיגעלע פונקט אויף זיין ביידן און פאָלג נאָך יעדן ריר זייערן. מיט פאַרשפּיצטע אויערן הער איך אונטער זייער געשפּרעך. וועגן וואָס, מיינט איר, רעדט מען? —וועגן קאָלעדזש, וועגן סטודענטן, וועגן פּראָפעסאָרן און וויסנשאַפט.

מאָדנע, איך פאַרשטיי ניט! מיין נייגיר איז נאָך מער אויפגעשרויפט געוואָרן... איר הערט! — דאָס מיידל איז פאַר מיר געוואָרן עפּעס אַ מין פּסיכאָלאָגישע רעטעניש. אַ יונגע שיינהייט, און נאָך מעגלעך אַ סטודענטקע, וואוינט אויף טשעסנאַט סטריט און פירט אַ מאָדנעם לעבן!...

פירנדיק צוריק מיין יונגן באָס אַהיים, האָב איך מיר ניט איינגעהאַלטן, צוגעשטאַנען צו אים ווי אַ פּיאַווקע, און גענומען אויספרעגן וועגן דעם מיידל. און אַט וואָס איך האָב זיך דערוואוסט. . . .

מיין דאַר־גופיקער, באַרעדעוודיקער בעט־שכן, פרעד, איז געבליבן שטיל; קאָנטיק, געווען שוין גוט מיד. ער האָט שווער געאָטעמט, און

דורך זיין לייוונטענעם שפּיטאָל־העמד האָבן אַרויסגעשטאַרצט זיינע זשעב־רעס, ווי רייפן אויף אַ צעטריקנטער פאַס. זיינע בלייכע באַקן פאַרפלאַמט, און זיינע טונקעלע, גרויסע אויגן האָבן אויפגעלויכטן מיט אַ יוגנטלעכן פלעמל. ער האָט זיך אויסגעהוסט, אָפּגעווישט דעם פאַרשוויצטן שטערן, און מיט גרויס התמדה אָנגעהויבן ווידער צו דערציילן:

— איר הערט, טייערער פריינט, עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די שיינע סטודענטקע איז גאָר אַ קאַנאַדער, געבוירן איז זי ביי פראַנצויזיש־קאַנאַדער עלטערן. ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד, זיינען אירע עלטערן געשטאָרבן, און פון דאַן אָן האָט זי זיך אויפגעצויגן ביי אירן אַ זיידן אין באָסטאָן. זי איז פון קינדווייז אָן געווען אַ פּייאיקע שילערין, זיך אויסגעצייכנט אין כעמיע און פיזיקס, געענדיקט האַי־סקול מיט אַ מעדאַל. איר זיידע איז געווען ניט קיין רייכער מענטש, האָט ער געוואָלט זי זאָל ווערן אַ בוכ־האַלטערין, אָדער עטוואָס ענלעכס. אָבער אָט דאָס בלאָנד מיידל האָט זיך איינגעשפּאַרט און נאָר געוואָלט שטודירן מעדיצין, און ביי זיך האָט זי באַשלאָסן, ניט מער און ניט ווייניקער, אַז זי מוז ווערן אַ מאַרך־ספּעציאַ־ליסט...

בקיצור, זי איז אַזוי לאַנג דערגאַנגען די יאָרן איר זיידן, ביז זי האָט אויסגעפירט און איז אַריינגעטראָטן אין אַ מעדיצינישער צוגרייטונג־שול. אין לעצטן קורס איז איר זיידע געשטאָרבן און זי איז געבליבן אָן פינאַנ־ציעלע מיטלען... אָבער אָט די בלאָנדע, אַמביציעזע סטודענטקע האָט אירע פּלענער ניט אויפגעגעבן.

צוערשט איז זי אַוועק אין באָסטאָנער מעדיצינישן קאָלעדזש און זיך פאַרשריבן, און מען האָט זי טאַקע גלייך אָנגענומען אויך, אָבער קיין שכר־לימוד האָט זי ניט געהאַט. נו, האָט זי זיך אַוועקגעלאָזט איבער באָסטאָן זוכן אַ דזשאַב. יונג, שיין און געבילדעט איז זי, האָט זי גאַנץ לייכט גע־קראָגן אַ שטעלע אַלס קאַסירערין אין אַ רייכן רעסטאָראַן. די וואַזשנע קאָסטימערס האָבן אונטערגעפלירטעוועט מיט איר, פאַרגעשלאָגן איר בילעטן אין טעאַטערס, געלאַדן זי צו קאָנצערטן אין באָסטאָן סימפאָני האָל, — זי אָבער קוקט זיך אויף קיינעם ניט אום...

און איצט, פריינט מיינער, הערט זיך צו מיט קאָפּ! עס קען אייך אפשר אויסזען משונהדיק אומנאַטירלעך! — איינמאָל האָט איר איינגעלאַדן אַ רייכער, באַיאָרנטער מאַן און זי האָט אָנגענומען די איינלאַדונג...

אָט דער עלטערער, רייכער מאַן האָט זי איינגעאָרדנט מיט אַ דירה

און געצאָלט פאַר איר אין קאַלעדזש. ער פלעגט זי זען בלויז איין מאָל אַ וואָך.

אויך מיין יונגער באָס האָט זיך מיט איר באַקאַנט אין יענעם רייכן רעסטאָראַן, און ער פלעגט זי פאָרן זען יעדן דאָנערשטיק...

איך מוז אייך מודה זיין, טייערער פריינט מיינער, אַז אָט די פּאַסירונג האָט מיך היפּש צערודערט. איך פלעג שוין מיט אומגעדולד וואַרטן אויפן דאָנערשטיק, כדי צו כאַפּן אַ קוק אויף אָט דער מערקווירדיקער בלאָנדער שיינהייט, וועלכע וויל ניט אַנדערש, ווי ווערן אַ מאַרך־ספּעציאַליסט...

אָט אַזוי האָט זיך עס געצויגן אַ גאַנצן ווינטער. נאָר ווען ס'איז אָנגעקומען דער זומער, איז די סטודענטקע ערגעץ אַוועק. זי איז פון דאַן אָן גלייך ווי אין וואַסער אַריין. מיין יונגער באָס האָט זי אַרומגעזוכט, — קאָנטיק, געווען אין איר אַמתדיק פאַרליבט, אָבער מער האָט ער זי שוין ניט געזען.

אַ צענדליק צרהדיקע, קרענקלעכע יאָרעלעך זיינען ביי מיר דורכגעלאָפן נאָך יענער פּאַסירונג. דורך דער צייט איז ביי מיר אַ טאָכטער געשטאָרבן, די ווייב אַ דריי־פיר מאָל אָפּערירט געוואָרן... נו, מאַכט זיך, אַז איך ווער געבריכט, — דאָס האָב איך אָפּגעשפּאָרט פון שלעפּן יאָרןלאַנג געפּעק און פון אונטערהויבן די טעקסי. איך בין דאַן געלעגן אין אַ שטאָטישן שפּיטאָל. איינמאָל ליג איך מיר אַזוי און גיב זיך אָפּ חשבון־הנפש, טראַכט פון מיין אָרעם לעבן, פון די אַוועקגעלאָפענע יאָרן, פון די אויסגערונענע חלומות, קוק גלייכגילטיק אויף די דאָקטוירים מיט די ווייסע כאַלאַטלעך, און אויף די קראַנקן־שוועסטער מיט די פאַרשפּיצטע טשיפּיקעס.

מיטאַמאָל קומט אַריין אין מיין „וואָרד" אַ בלאָנדע דאָקטאָרקע, מיט גאָלדענע לאָקן האָר. עס שלעפּט זיך איר נאָך אַ גאַנצע כאַליאַסטרע יונגע דאָקטוירים. פאַרשטיי איך גלייך, אַז זי מוז אַוודאי זיין אַ פּראָפעסאָר. שפּיץ איך מיר אָן מיינע שוואַכע קוקערס און פאָלג איר נאָך. איך זע ווי זיי גייט אַ שטאָלצע, מיט זיכערע טריט צו צו אַ בעט, וואו עס ליגט אַ יונגער כינעזער מיט אַ געגאָלטן קאָפּ. זי, די דאָקטאָרקע, רעדט געלאַסן מיט אַ פעסטער שטימע; באַווייזט פאַרשיידענע עקס־רעי בילדער, און די יונגע דאָקטוירים שטייען מיט אָפענע מיילער און שלינגען יעדן וואָרט אירן...

און ווער, מיינט איר, איז זי געווען? — טאַקע יענע בלאָנדע סטו־דענטקע!... און זי איז טאַקע געוואָרן אַ מאַרך־ספּעציאַליסט.

פֿאַר די צען יאָר, וואָס איך האָב זי ניט געזען, האָט זי זיך היפּש געענדערט. אַ סך פֿולער און רונדער געוואָרן, און אויך העכער. אירע האָר האָבן געקראָגן אַ גאָלדענעם קאָליר. ווען איך האָב זיך צו איר גוט צו־געקוקט, האָב איך באַמערקט, אַז זי קוקט אויס אָפּגעבליאַקעט, פֿאַר־דער־צייט פֿאַרוועלקט, און אונטער אירע פֿאַרנעפּלטע אויגן הענגען אַרונטער פֿאַרפּוידערטע בייטעלעך. פֿאַרשוואונדן איז געווען איר אַמאָליקער חן און רייץ!...

ווי איר זעט, טייערער פֿריינט מיינער, האָט דאָס זאָנדערבאַרע, אַמבי־ציעזע מיידל דערגרייכט איר ציל... איר קענט אפֿשר מיט מיר ניט זיין איינפֿאַרשטאַנען ,אָבער איך, אַלס דורכגעטריבענער „העקער", זאָג אייך, אַז געגאַנגען איז דאָס מיידל אויף אַ זייער גליטשיקן און געפֿערלעכן וועג. און אין מיינע אויגן, ניט געקוקט אויף אירע דערגרייכונגען, האָט זי אויסגעזען ניט מער ווי אַ שטיק טרויער, אַ טויטע בלום! . . .

מיין קראַנקער שכן איז געבליבן שטיל. אַן אויסגעמאַטערטער און אַן אויסשעפּטער, האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף זיין אייזערנער שפּיטאָל־בעט, געאָטעמט שווער. ער איז געווען בלאַס, און זיינע טונקעלע, גרויסע אויגן זיינען געווען טריב. ער האָט געקוקט מיר גלייך אין פּנים אַריין און געוואַרט וואָס איך וועל זאָגן אויף זיין מעשה.

הר־סיני שפּיטאָל, 1942.

# „באַצאָלט דעם האָנאָראַר"

עס איז נאָך געווען דאַן, ווען מײַן פרײַנט דזשאַן מאָנטגאָמערי האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דרוקן אין די ניו־יאָרקער ענגלישע זשורנאַלן.

איינמאָל דערהאַלט ער אַ בריוו פון אַ מאַן, וועלכער האָט זיך אונטער־געשריבן מיטן נאָמען ראַלף סמיט. דער בריוו האָט זיך געלייענט ווי פאָלגט:

„טײַערער און פיל־געאַכטער דזשאַן מאָנטגאָמערי!

„איך בין אַ גרויסער פאַרערער פון שרײַבער און פאָלג נאָך גרינטלעך אַלע יונגע שרײַבער... ווײַל איך אייך לאָזן וויסן, אַז אײַערע שאַפונגען זײַנען מיר שטאַרק געפעלן, איבערהויפּט אײַער לעצטע דערציילונג מיטן נאָמען „די שוואַרצע קאַץ". ס'איז באמת אַ קונסט־ווערק, וועלכע מען קאָן פאַרגלײַכן נאָר מיט די בעסטע ווערק פון די באַרימטסטע שרײַבער...

„אויך מײַן פרוי איז אַ גרויסע פאַרערערין פון קונסט, דערפאַר האָבן מיר אונדזערע קינדער אַ נאָמען געגעבן נאָך די גרעסטע שרײַבער און קינסטלער אין דער וועלט. איין זון מײַנער הייסט וויליאַם שעקספּיר, אַ צווייטער הייסט טשאַרלס דיקענס. איין טאָכטער — לעאָנאַרע דוזע, אַ צווייטע — סאַראַ בערנאַרד.

„איצט האָט מײַן פרוי ביים געבוירן נאָך אַ קינד, און אַזוי ווי מיר האַלטן אייך פאַר אַ גרויסן טאַלאַנט, ווילן מיר אונדזער צוקונפטיק קינד אַ נאָמען געבן מיט אײַער נאָמען. אויב עס וועט זײַן אַ ייִנגל — וועט ער הייסן דזשאַן מאָנטגאָמערי, אויב אַ מיידל — דזשאָאַנאַ מאָנטגאָמערי. נאָר איין קלייניקייט וואָלטן מיר אייך געוואָלט בעטן. אַזוי ווי מיר זײַנען זייער אָרעם און מיר האָבן ניט גענוג געלט דורכצומאַכן דעם קימפּעט, טאָ אויב איר קענט אונדז צושיקן עטלעכע דאָלער, וועלן מיר אייך זייער דאַנקבאַר זײַן.

אײַער פאַרערער,
ראַלף סמיט."

וויסן דאַרפֿט איר, אַז יעדער שרייבער האָט ליב צו הערן שבחים, און איבערהויפּט נאָך אַן אָנפֿאַנגער. נו, האָט זיך טאַקע מיין פריינט מאָנט־גאָמערי דערפֿרייט מיטן בריוול און האָט גלייך אַרויסגעשיקט זיינע לעצטע צוויי דאָלער.

אין אַ מאָנאַט שפּעטער קומט אים ווידער אָן אַ בריוו פון מיסטער ראַלף סמיט. ער דאַנקט אים פאַר די צוויי דאָלער און לאָזט אים וויסן, אַז דאָס קינד איז שוין געבאָרן געוואָרן. עס איז אַ שיין, געזונט ייִנגעלע און זיי האָבן אים אַ נאָמען געגעבן דזשאָן מאָנטגאָמערי. אָבער לעצטנס איז דאָס קינד געוואָרן קראַנק און דאָקטוירים זאָגן, אַז „אונדזער ליבער דזשאָן מאָנטגאָמערי דאַרף האָבן גוטע נאַרונג און אַ סך פרישע מילך. און היות מיר זיינען אָרעם, טאָ זייט אַזוי גוט און שיקט אונדז צו עטלעכע דאָלער פאַרן קינד, וואָס טראָגט אייער ווירדיקן נאָמען.“

צייט האָט מיין פריינט מאָנטגאָמערי געהאַט אַ סך. איז ער אַוועק זוכן דעם מיסטער ראַלף סמיט, וועלכער האָט אָנגעגעבן זיין אַדרעס אויף וועיווערלי פּלעיס, אַרום טשאַינאַטאַון.

ווען ער האָט אויפגעזוכט דאָס הויז, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר, נאָר קיינער האָט ניט געענטפערט. ער האָט זיך אַביסל געוואונדערט: אַ מענטש האָט אַזויפיל קינדער און קיינער איז אין הויז ניטאָ! ער האָט פּרובירט עפענען די טיר — ערשט די טיר איז ניט פאַרשלאָסן. ער קומט אַריין און טרעפט אַ געמיטלעכן צימער מיט זייער ווינציק מעבל. איין בעטל, עטלעכע פּאָליצעס מיט ביכער און זשורנאַלן, אַ טישל, אויף וועלכן עס ליגן די לעצטע זשורנאַלן, און אויך שרייב־פּאַפּיר, און עטלעכע ניט־פאַרענדיקטע בריוו. דאָס זיינען געווען בריוו צו אַנדערע יונגע שרייבער, מיט זעלבן נוסח און כמעט מיט די זעלבע שבחים, וואָס ער האָט דערהאַלטן.

דער יונגער שרייבער דזשאָן מאָנטגאָמערי האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ שווינדלער, איז ער אַ פאַרשעמטער אַוועק.

ווען מאָנטגאָמערי איז געקומען אַהיים, איז אים איינגעפאַלן אָנצושרייבן די פּאַסירונג און אַריינשיקן דאָס אין איינעם פון די זשורנאַלן, וואָס פלעגן אים דרוקן.

די דערציילונג האָט שטאַרק אויסגענומען און דער רעדאַקטאָר האָט אים אַריינגעשיקט אַ גאַנצן פּופּציקער האָנאָראַר.

מיין פריינט מאָנטגאָמערי איז אָבער אַן ערלעכער מענטש, האָט ער אַוועקגעשיקט נאָך צוויי דאָלער צו דעם מיסטער סמיט און אים צוגעשריבן די פאָלגנדיקע פאָר ווערטער:

„טייערער בריוול־שרייבער! אַזוי ווי דורך אייער שווינדל האָב איך פאַרדינט גאַנצע פופציק דאָלער, שיק איך אייך אַ טייל פון האָנאָראַר, און אויף ווייטער זוכט זיך אָפּ אַ מער אָנשטענדיקע פּרנסה.“

מאָהיגען קאָלאָניע, 1938.

# „דזשאַן די" דער צווייטער

(הומאָרעסקע)

אין דער פאַרוואָרפענער שטעטל פועבלאָ, פון שטאַט קאָלאָראַדאָ, וואוינט אַ פעסלדיקער, גרוי־באַוואַקסענער אַלטיטשקער. אַלע רופן אים „זיידע קעמבל".

דער אַלטיטשקער קעמבל איז פאַר צענדליקער יאָרן געווען גאַסן־קערער אין פועבלאָ. איצט קערט שוין עמעצער אַנדערש די גאַסן אין פועבלאָ, אָבער דער גרייז־גרויער קעמבל קאָן, פון לאַנגיאָריקער גע־וואוינהייט, נאָך אַלץ אין שטוב ניט איינזיצן, — שלעפט ער זיך שטענדיק אַרום אויף זיינע קורצע, קלאָצעוואַטע פיס אין זיין ברוינער, אָפּגעבליאַקע־וועטער אוניפאָרם, רויכערט לאַנגזאַם אַ קאָרענע ליולקע. און כאָטש ער דערקעט שוין ניט מער די שטעטלדיקע מענטשן, זאָגט ער נאָך אַלץ יעדן איינעם: „גוטן טאָג, בירגער!..."

ביים זיידע קעמבל האָדעוועט זיך זיינס אַן אייניקל, אַ קיילעכדיקער יתום. דזשאַני הייסט ער.

דזשאַני איז ערשט פופצן יאָר אַלט, איז אַ קליינוואוקסיקער, אַ שוואַרצינקער, מיט שוואַרצע־ווי־פעך, געקרייזלטע האָר, מיט אַ פאָר קלוגע, שוואַרצע, לעבעדיקע אייגעלעך.

דער קליינער דזשאַני גייט אין האַי־סקול, לערנט זיך אויסגעצייכנט, האָט אַ שיינע האַנטשריפט און קריגט גוטע „מאַרקס".

דזשאַני איז אָבער אַ גרויסער קונדס, אַ שטיפער, טוט אָפּ כלערליי שפיצלעך, האָט ליב אונטערשטעלן אַ ייִנגל אַ פיסל, מאָלט קאַריקאַטורן פון זיינע לערער און טראַכט אָפּט אויס ניט־געשטויגענע פאַנטאַסטישע מעשיות...

דער קליינער דזשאַני, ווי אַלע אַמעריקאַנער קינדער, האָט שטאַרק ליב „ספּאָרטס", אָבער קיין געלט פאַר באָל־מכשירים, אָדער פאַר גלי־

טשערס האָט ער ניט, און עס קומט אים אַלעמאָל אויס צו באַנוצן זיך מיט די שפּילצייג, וואָס די רייכע קינדער וואַרפן שוין אַוועק.

כדי צו באַפרידיקן זיין ברויזנדיקע, אומרואיקע נאַטור און זיין רייכע פאַנטאַזיע, לויפט אָפט דער קליינער דזשאַני אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק און שלינגט ממש אַלערליי ספּאָרט־ און „קאָוב־באָי״־ביכלעך פון מילטאָן קאַניף, באָב קעין, דיק טרייסי און נאָך ענלעכע...

איינמאָל, אין אַ שפּעטן ווינטער־חודש, ווען אַ סך ייִנגלעך אין פּועבלאָ האָבן שוין געהאַט איינגעהאַנדלט נייע שליטלעך און געוואַרט אויף אַביסל שניי און פראָסט, איז אונדזער שוואַרצינקער, ספּריטנער דזשאַני געזעסן אין אַ צעלעכערט מאַנטעלע און מיט אויסגעריבענע, צעטרענצלטע שיך, אין ביבליאָטעק איבער זיינע אַוואַנטורע־ביכלעך און געטראַכט: וואו נעמט מען געלט אויף אַ שליטל!... באַלד פאַלט אים איין אַזאַ שפּיצלדיקער, געניאַלער געדאַנק: ער וועט אַוועקשרייבן אַ בריוול צום „אָמאַהאַ סטאַר״, אַז ער, דזשאַן קעמבל, איז אַ יונגער „וו. פּ. איי.״ פאָלקס־שול־לערער, קריגט אַ קלעגלעכן געהאַלט, האָט אַ ווייב מיט צוויי פּיצלעך קינדער; געקומען איז ער אין קאָלאָראַדאָ צוליב זיינע שוואַכע לונגען, — דעריבער וואָלט ער געוואָלט שרייבן פון צייט צו צייט דערציילונגען אין „אָמאַהאַ סטאַר״ אונטער דעם פּסעוודאָנים: „דזשאַן די דער צווייטער״.

דזשאַני האָט געקראָגן פּאַפּיר און אַ מאַרקע, און נאָך אין דעם זעלבן טאָג אַוועקגעשיקט דאָס בריוול.

אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט דזשאַני געקראָגן אַן ענטפער, ער זאָל צושיקן מאַטעריאַל.

דער קליינער, טעמפּעראַמענטפולער דזשאַני האָט געגומען פאַרנאַכ־לעסיקן סקול, און איז געזעסן גאַנצע טעג אין ביבליאָטעק און געלייענט דערציילונגען. ס'איז אים געפעלן געוואָרן אַ מעשה פון שערוואוד אַנדער־סאָן, האָט ער עס אַ היפּש ביסל געקירצט, אַרויסגעוואָרפן אַלע שווערע ווערטער, אָנשטאָט דעם אַריינגעשריבן פּאָפּולערע פאָלקס־ווערטלעך, און צוגעווירצט מיט אַ סך גאַסן־„סלענג״, צוגעטראַכט אַ פּיקאַנט קעפּל און עס אַוועקגעשיקט.

דזשאַניס דערציילונג האָט שטאַרק אויסגענומען סיי מיט איר לייכטער שפּראַך און סיי מיט איר סיפּור־המעשה, און דער רעדאַקטאָר פון „אָמאַהאַ סטאַר״ — אַ מגושמדיקער, הויכער מאַן, מיט אַ לענגלעך בערדל, — האָט

דזשאַנין צוגעשיקט גאַנצע פיר דאָלער, און זיך אַנטשולדיקט, וואָס זיין צייטונג קאָן קיין סך ניט צאָלן.

דעם ברוייזנדיקן, הייס־בלוטיקן דזשאַנין איז דער עסק שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער האָט זיך גענומען, מיט זיין גאַנצן יוגנטלכען ברען, צו באַאַרבעטן און קירצן זאַכן פון וויליאַם פאָלקנער, ערנעסט העמינגוויי, עדנאַ פערבער, דאָראָטי פאַרקער און אָ׳הענרי, און האָט צוגעשיקט אַ דער־ציילונג יעדע צווייטע וואָך.

פאַר די דאָלאַרן, וואָס ער האָט רעגלמעסיק אַריינגעקראָגן, האָט ער איינגעהאַנדלט אַ גענוצטן „בייסיקל״, אַ שליטל, באָל־מכשירים און שטאָלענע „ראָלערס״...

אין איין האַלב יאָר איז דזשאַני געוואָרן זייער פּאָפּולער אין אָמאַהאַ; זיינע שרייבעכצן האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם. עס האָט זיך אַפילו דאָרט געגרינדעט אַ ליטעראַרישער קלוב אין „דזשאָן די׳ס״ נאָמען.

דער הויכער, מגושמדיקער רעדאַקטאָר האָט זיך איבעראַל אויסגע־באַרימט, גלעטנדיק זיין לענגלעך, בלאָנד בערדל, אַז דאָס איז ער דער יעניקער, וואָס האָט אַנטדעקט דעם גרויסן, געניאַלן טאַלאַנט, און ער האָט ניט אויפגעהערט צו פאַרוואַרפן מיט בריוו, אַז דזשאָן זאָל צושיקן זיינס אַ בילד, אָדער ער זאָל פערזענלעך קומען אָנקוקן די רעדאַקציע און די שטאָט אָמאַהאַ.

דער קליינער, ספּריטנער דזשאַני האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון די בריוולעך, זיך גוט אָנגעלאַכט, און לאַקאָניש געענטפערט, אַז סיי זיין פּראָפעסיע און סיי זיין געזונט דערלויבן אים ניט אַזוינס צו טאָן.

דזשאַניס פּאָפּולאַריטעט איז אויף אַזויפיל געשטיגן אין אָמאַהאַ, אַז עס האָבן זיך געפונען אַ צאָל וואוילהאָבנדיקע, אַריסטאָקראַטישע דאַמען, וועלכע האָבן געמאַכט אַן אונטערנעמונג לטובת דעם קראַנקן שרייבער און אויסגעקליבן אַ דעלעגאַציע צו פאָרן באַקענען זיך פערזענלעך מיט דעם יונגן זשעני און געבן אים די נויטיקע הילף.

די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון עלטערע, אויסגעשטרודלטע, אַדעליקע דאַמען, און פון באַברילטע, שוועך־לייביקע, סאָלידע הערן. אויך דער הויכער, מגושמדיקער רעדאַקטאָר, אויסגעפּוצט אין זיין יום־טובדיקן „פּרינץ־אַלבערט״, איז מיטגעפאָרן און ער האָט מיטגענומען אַ רירעוודיקן, יונגן פאָטאָגראַפער מיט דינע, שוואַרצע וואָנצעלעך.

ס׳איז געווען אין רעכטן מיטן זומער, אין אַ הייסן זונטיק־טאָג. די

רייזע האָט די דעלעגאַציע געמאַכט אין אַ פאַרמאַכטן אויטאָ־באָס. די תמוזדיקע זון האָט געסאַרפעט, די לופט איז געווען שטיקנדיק, און ס'האָט געאָטעמט פון אַרום מיט זון־פאַרברענטער ערד. דער וועג איז געווען אַ שלעכט־געפלאַסטערטער, אַ זאַמדיקער.

די דעלעגאַציע, אַן אויסגעמאַטערטע און אַ פאַרשטויבטע פון קאָפּ ביז די פיס, איז ערשט פאַרנאַכט־צו אַריינגעפאַלן אין דעם פאַרשלאָפענעם העק־שטעטעלע פּועבלאָ. די גאַנצע דעלעגאַציע, צוזאַמען מיטן מגושמדיק־ריזיקן רעדאַקטאָר און מיטן דירעוודיקן פאָטאָגראַפער, זיינען אַרויס פון אויטאָ־באָס, זיך געגומען אויסגלייכן די פאַרגליווערטע ביינער און אָפּ־געאָטעמט פריי.

דאָס קליין שטעטעלע פּועבלאָ האָט מיטאַמאָל אויפגעוואַכט פונעם זונטיק־פאַרנאַכטלעכן דרעמל. די ברייט־פּלייציקע, אויסגערוטע מענער אויף די הילצערנע גאַניקעס האָבן אויפגעהערט צו צופּן די ליולקעס; די שטייפע, לייביקע, ניט־פאַרפּוצטע מוידן האָבן אויפגעהערט צו גענעצן, און מיט פאַרחידושטע אויגן באַטראַכט די פרעמדע אויסגעשטרודלטע פאַר־שוינען; די פאַרמורזשעטע קינדער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אין אַ קרענצל, און מיט ברודנע פינגער אין די נעזלעך, און מיט ברייט־צעעפנטע מיילער געגלאָצט אויף דער אויסטערלישער קאָמפּאַניע.

איינע פון דער דעלעגאַציע — אַ ברעטלדיקע דאַמע מיט אַ זויער־פאַרגעלבט פנים, וועלכע האָט אין איין האַנט געהאַלטן אַ פאַרטריקנטן בוקעט בלומען, און מיט דער צווייטער האַנט האָט זי אונטערגעהאַלטן דעם לאַנגן שלייף פון איר ווייסער קלייד, גלייך זי זאָל זיך קלייבן אויף אַ חתונה, — האָט זיך מיט אַ בייזער, האַרטער שטימע גענומען נאָכפרעגן, וואו וואוינט מיסטער דזשאָן קעמבל.

די קינדער האָבן אַרויסגענומען די פינגער פון די פאַרשמאַרעטע נעזלעך און האָבן אָנגעוויזן אויף אַ האַלב־איינגעפאַלן הייזל אין עק גאַס. די גאַנצע דעלעגאַציע מיט אַלע קינדער פון פּועבלאָ האָבן זיך אַוועק־געלאָזט צום אַלטן קעמבלס הייזל.

דער יונגער פאָטאָגראַפער האָט גענומען אַרונטערכאַפּן בילדער פון דעם האַלב־איינגעפאַלענעם, הילצערנעם הייזל.

דער אַלטיטשקער קעמבל האָט דערפילט אַרום זיך אַ סך פרעמדע פּנימער, געוואָרן נערוועז, און פון שרעק פאַרלאָרן זיין קאָרענע ליולקע. ער האָט אָנגעשפּיצט זיינע לאַנגע אויערן... און באַלד האָט ער זיך אָנ־

געשטויסן, אַז מען זוכט זיין אייניקל, האָט ער גענומען שטאַמלען: „וואָס?... מיין דזשאַניק ווילט איר?..." און ער האָט זיך געלאָזט גיין אויף זיינע קורצע, קלאָצעוואַטע פיס צום „בייס־באָל" פעלד...

די אָמאַהער וואַזשנע הערן און דאַמען זיינען געשטאַנען אָנגעדראָלטע, אומצופרידענע און מיט אומגעדולד געוואַרט... ענדלעך האָט דער אַלטער קעמבל געבראַכט צושלעפּן דעם קליינעם דזשאַניק, אַ פאַרשוויצטן און אַן אויסגעשמירטן אין ערד און שמוץ, און מיט באָל־מכשירים אין די הענט...

דער פּיפּיקער דזשאַני, ווי נאָר ער האָט אָנגעקוקט מיט זיינע ממזריש־שוואַרצע אייגעלעך די אויסגעפּוצטע כאַליאַסטרע, און נאָך איידער זיי האָבן געהאַט צייט אים עפּעס צו פרעגן, האָט ער זיך אַרויסגעדרייט פון אונטער זייערע הענט און געמאַכט פּליטה...

ס׳האָט ניט גענומען לאַנג, ווי די אַלע וואַזשנע הערן און דאַמען, צוזאַמען מיט זייער מגושמדיקן רעדאַקטאָר און יונגן פאָטאָגראַפער, זיינען ווידער געזעסן אין אויטאָ־באָס, אויסגעשעפּטע, מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, און געפאָרן צוריק קיין אָמאַהאַ. דער רעדאַקטאָר האָט שטאַרק געשוויצט און פון כעס די גאַנצע צייט זיך געביסן זיין לענגלעך בלאָנד בערדל; דער יונגער, רירעוודיקער פאָטאָגראַפער האָט געצופּט זיינע דינע, שוואַרצע וואָנצעלעך; און די איבעריקע האָבן דעם גאַנצן לאַנגן, נודנעם וועג גע־שוויגן און געשעמט זיך אַריינקוקן איינער דעם צווייטן אין די אויגן.

.1942

# מ׳שרייבט וועגן אים אין די בלעטער

סעם דער וועיטער פון עלדרידזש סטריט איז אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אָנגעהאָרעוועטע, דינע פיס, און מיט אַ לאַנגלעך, דאַר, באַוואָקסן פּנים. סעם איז פון דער נאַטור אַ גוטמוטיקער, רואיקער מענטש. סעם פירט אַ צופרידענעם פאַמיליע־לעבן, ווייל זיין קורצזיכטיקע, קליינוואוקסיקע חנה־באַשע איז אַ שטילע יידענע און אַ גוטע באַלעבאָסטע. פון זיינע צוויי זין, וועלכע גייען אין סיטי קאַלעדזש, האָט ער אויך נחת. סעם זוכט ניט קיין רייכקייט, און וויפיל מען גיט אים אַ טיפּ, זאָגט ער „טענק יו״.

שלעפט ער זיך אַרום אַ גאַנצן טאָג אויף זיינע דאַרע, לאַנגע פיס, סערווירט געלאַסן די קונדן און ברומט זיך אונטער אַ ניגונדל פון יידישן טעאַטער, ווי: „חוה, וואָס איז דיר חוה?...״ „באַיעס, איר זאָלט ניט חתונה האָבן!״ אָדער „זומער ביינאַכט אויף די דעכער...״ קורץ, סעם איז אַ צופרידענער מענטש, אַ שמח בחלקו, און איז קיינעם ניט מקנא געווען. אָבער איין קלאַס מענטשן האָט ער גראָד יאָ מקנא געווען, און דאָס איז די יעניקע, וועגן וועלכע מען שרייבט אין די צייטונגען.

נו, דאַרף זיך מאַכן, אַז אין דעם פּריוואַטן רעסטאָראַן אויף עלדרידזש סטריט, וואו סעם אַרבעט, האָט גענומען אַריינקומען אַ שרייבער פון אַ יידישער צייטונג. ווען סעם האָט זיך דאָס דערוואוסט, איז ער געוואָרן מלא־שמחה. ער האָט געטאָן אַלץ מעגלעכס, כדי צו נושא־חן זיין ביים שרייבער־קאָסטימער. האָט ער אים געגעבן גרעסערע פּאָרציעס, צו־געוואָרפן עקסטראַ קרויט און זויערע אוגערקעס און אויסגעטיילט אים אַ היפּשן חלק „ספּאָנדזש־קעיק״. אויך געלאָזט זיין גלאַנציקן, שוואַרצן וועיטער־רעקל „קלינען״, און אָפּטער געביטן אַ ווייסע אויבערהעמד.

סעם, דאַרפט איר וויסן, איז אַ באַשיידענער און אַ שעמעוודיקער; לאָזט יעדן איינעם צו רו. זעלטן ווען ער פאַרפירט אַ געשפּרעך מיט אַ קאָסטימער.

דאָס מאָל האָט ער זיך געמאַכט האַרץ, זיך אָנגענומען מיט מוט און אַ פרעג געטאָן דעם שרייבער־קאָסטימער:

— זאָגט מיר, זייט מיר מוחל, מיסטער, איז דאָס אַן אמת, אַז איר שרייבט אין די „פּייפּערס״?

— יאָ, — האָט דער באַברילטער און פאַרחלומטער שרייבער געענטפערט, און באַקוקט סעמען פון קאָפּ ביז די פיס.

— אפשר קאָנט איר עפּעס שרייבן וועגן מיר אין די „פּייפּערס״? — האָט סעם מיט אַ ציטערדיקער שטימע קוים דורכגעזייט דורך זיינע געלע, שיטערע ציינער.

— אַז איר וועט אַריבערשווימען דעם ים, אָדער איר וועט אַראָפּשפּרינגען פון ברוקלין־ברידזש — וועל איך פון אייך שרייבן, — האָט דער ציטונגס־שרייבער געענטפערט מיט אַן איינגעהאַלטענעם געלעכטער.

כאָטש סעם, דאַרפט איר וויסן, איז ניט קיין צופיל פאַרשפּיצטער מענטש, דאָך האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער שרייבער האָט אים אויסגעלאַכט. פון דאַן אָן האָט שוין סעם מער פאַר קיינעם ניט אַרויסגערעדט זיין אינערלעכן באַגער צו זען זיך באַשריבן אין די ציטונגען.

אַ היפּש ביסל לאַנגווייליקע יאָרן זיינען פאַרבייגעלאָפן און סעם איז נאָך אַלץ וועיטער אויף עלדרידזש סטריט.

אָבער איין מאָל האָט עפּעס אַזוינס פּאַסירט — און זיין לאַנג־יאָריקער טרוים איז מקוים געוואָרן. דאָס איז געשען אין דער צייט, ווען „האָלד־אָפּס״ זיינען אַריין אין דער מאָדע. אמת, סעם האָט טאַקע געקראָגן אויסגעזעצט אַ פּאָר ציינער און אַ געשוואָלענע באַק פון דעם כמאַל, וואָס ער האָט באַקומען פון איינעם פון די חברהלייט, אָבער ס׳איז אַלץ געווען כדאי, ווייל דאָס מאָל האָט מען פון אים געשריבן אין די צייטונגען...

עס האָט פּאַסירט אַזוי: באַלד נאָכן „האָלד־אָפּ״ זיינען אָנגעלאָפן פּאָליסלייט און צייטונגס־מענטשן. מען האָט גענומען בילדער פון סעמען און זיין באַלעבאָס, און מען האָט אויך פאַרשריבן אַלע איינצלהייטן. סעמען האָט מען אין אַ שפּיטאָל פאַרבאַנדאַזשירט דעם קאָפּ, און מען האָט אים פאַרזאָגט צו זיין אין הויז עטלעכע טעג.

אָבער סעם האָט אין הויז ניט געקאָנט איינזיצן, און אויפן צווייטן טאָג איז ער אַרויס אין גאַס און האָט געקויפט אַלע יידישע צייטונגען (ענגליש קען ער ניט). אָבער ער איז געבליבן אַנטוישט — ער האָט גאָר ניט געפונען וועגן דער פּאַסירונג. אויפן צווייטן טאָג האָט ער ווידער

געקויפט אַלע יידישע צייטונגען, אָבער קיין וואָרט ניט וועגן אים. ער האָט זיך שוין מייאש געווען. מסתמא, האָט ער זיך געטראַכט, איז ניט באַ־שערט מען זאָל וועגן מיר שרייבן אין די „פּייפּערס". ערשט אויפן דריטן טאָג, ווי נאָר ער איז אַריינגעטראָטן אין רעסטאָראַן, זאָגט אים זיין באַלע־באָס:

— סעם! — מען האָט דיך און מיך באַשריבן אין די „פּייפּערס"!

— אין וועלכע? — האָט סעם אַרויסגעשריען ניט מיט זיין קול און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

— אין דער „מאָרגן־צייטונג". מען שרייבט דאָרט...

סעם האָט ניט געהאַט קיין געדולד אויסצוהערן זיין צעשוואומענעם, בייכלדיקן באַלעבאָס, און איז אויף גיך, ניט נאָך זיינע כוחות, אַוועקגעלאָפן אין „קענדי־סטאָר" און האָט געקויפט צוויי צייטונגען מיטאַמאָל. ער בלע־טערט, זוכט, ערשט אויף דער ניינטער זייט, וואו אַלע לוויות ווערן באַ־ריכטעט, האָט ער געפונען די גאַנצע פּאַסירונג באַשריבן מיט אַלע איינצלהייטן. ער האָט איבערגעלייענט דעם אַרטיקל דריי מאָל, און נאָך דעם האָט ער זיך אויף זיינע דאַרע פיס אַוועקגעשלעפּט אויף הענרי סטריט, צו זיך אַהיים, כדי אָנצוזאָגן זיין חנה־באַשען די גרויסע געשעעניש.

ווי נאָר ער איז אַריין אין הויז, האָט ער גלייך אויסגעלייגט די צייטונגען אויפן טיש און גענומען מיט גרויס וויכטיקייט שרייען:

— חנה־באַשע, נאַ, לייען!... זע וואָס מען שרייבט וועגן דיין מאַן אין די „פּייפּערס". איך בין דאָך היינט באַוואוסט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט!... עפּעס אַ קלייניקייט, באַשריבן צו ווערן אין די „פּייפּערס"!...

חנה־באַשע האָט זיך לכתחילה דערשראָקן, ווייל זי האָט נאָך קיינמאָל איר שטילן, געלאַסענעם מאַן אין אַזאַ פיבערדיקן צושטאַנד ניט געזען. דערוייל האָט זיך סעם דער וועיטער דערמאַנט, אַז זיין ווייב האָט קאַליע אויגן, און אַז שוין יאָרן־לאַנג ווי זי האָט קיין צייטונג אין האַנט ניט גע־נומען. האָט ער אַליין מיט גרויס ווירדע און מעשה־קענער גענומען לייענען פון דער צייטונג:

אין שמעלקינס פּריוואַטן רעסטאָראַן אויף עלדרידזש סטריט זיינען אַריינגעקומען צוויי בלאַטע יונגען, געצויגן די פּיסטלס און געזאָגט דעם באַוואוסטן פּסוק: „שאו ידיכם! און זאָל זיין שאַ!" אין רעסטאָראַן איז דאַן געווען איין קאַסטימער און דער באַלעבאָס.ביידע האָבן באַלד פאַר־שטאַנען, וואָס דאָס מיינט, און האָבן געטאָן וואָס מען האָט זיי געהייסן. די

חברה־לייט האָבן אויסגעליידיקט בייביידן די קעשענעס, צוגענומען די זייגערלעך...

מיטאַמאָל איז אָנגעקומען פון קיך סעם דער וועיטער מיט אַ טעלער הייסע זופּ. צוערשט האָט סעם ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר, אָבער ווען ער האָט דערזען אַ שיסער אונטער זיין נאָז, און באַלד נאָך דעם אַ ווילד געברום: „אידיאָט, הויב אויף די הענט! ס׳איז אַ האָלד־אַפּ!״ — האָט סעם פון שרעק אַרויסגעלאָזן דעם הייסן טעלער זופּ, און האָט סיי זיך און סיי דעם חברה־מאַן אָפּגעבריט. דערפאַר האָט אים איינער פון די יונגן דערלאַנגט אַזאַ כמאַל אין פּנים אַריין, אַזש סעם איז אַ צעבלוטיקטער אומגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע און האָט מיט זיך אומגעוואָרפן אַ סערווירט טישל מיט געשיר. דאָס האָט אָנגעמאַכט אַ היפּשן טומל. די חברה־לייט האָבן זיך, ווייזט אויס, דערשראָקן און זיך גענומען אַפּטראָגן. גראָד איז אין יענער צייט פאַרבייגעפאָרן אַ פּאָליס־קאַר. באַמערקנדיק די צוויי פאַרדעכטיקע חברה־לייט אַרויסלויפן פונעם רעסטאָראַן, האָט זיי די פּאָליס פאַרהאַלטן און אָפּגעפירט אין פּאָליס־סטיישאַן.

שפּעטער האָט מען אַהין געבראַכט דעם קאָסטימער, דעם באַלעבאָס און דעם לאַנגן סעמען, זיי זאָלן אָנקוקן די האָלד־אַפּניקעס. האָט זיי מיסטער שמעלקין און דער קאָסטימער גלייך דערקענט. ווען מען האָט אָבער געפרעגט דעם פרידורקעוואַטן סעמען: „וועלכער האָט דיך געשלאָגן?״ — האָט סעם, ציטערנדיק ווי אַ בלאַט, געענטפערט: „איך קאָן זיי ניט דערקענען.״ און וויפיל די פּאָליס האָט זיך צעמאַטערט אַרויסצוקריגן ביים לעמעשקעוואַטן וועיטער, ווער עס האָט אים אַזוי צעמיתט, האָט סעם, קלאַפּנדיק אַ צאָן אויף אַ צאָן, אַלץ געזאָגט: „איך ווייס ניט!״ — און מען האָט די צוויי האָלד־אַפּניקעס באַפרייט...

ווען סעם דער וועיטער האָט געענדיקט לייענען, האָט ער זיך אָפּגעווישט דעם שוויס פון זיין לענגלעך־דאַרן פּנים און האָט אַ זאָג געטאָן צו זיין חנה־באַשען מיט גאווה:

— נו, ווי געפעלט עס דיר?... פאָרט דערלעבט, אַז מען זאָל וועגן מיר שרייבן אין די „פּייפּערס״!... דו הערסט, חנה־באַשע? גאַנץ אַמעריקע לייענט היינט וועגן מיר! מיין ברודער אפרים וועט דאָס לייענען אין שיקאַגאָ. אויך אין קאַנאַדע און אין אויסלאַנד וועט מען וויסן וועגן מיר!...

ער כאַפּט די הוט זײַנע און די צײַטונגען און קלײַבט זיך אײַן אײַלעניש אַװעקצוגײן.

— װאוהין לױפסטו? — פרעגט אים זײַן חנה־באַשע.

— איך לױף באַװײַזן אַלע מײַנע באַקאַנטע און מײַנע לאַנדסלײַט, װאָס מען שרײַבט װעגן מיר אין די „פּײפּערס".

.1937

# די רויבער פון שילער

דאָס איז געשען מיט אַ היפּש ביסל יאָרן צוריק. אייבי, אַ יונגער, הויכער, פעסט־געבויטער בחור, וועלכער האָט פּרעטענדירט צו זיין אַ מאָלער, איז געווען פאַר אַ לאַנגע צייט אַרבעטסלאָז. אין די פּרימאָרגנס פלעגט ער אַרומגיין זוכן אַ דזשאָב אין די פּעינט־שעפּער, און אין די אָוונטן פלעגט ער זיך אַרומדרייען אין די שרייבער־קרייזן אויף סעקאָנד עוועניו און צווישן די פאַרשיידענע קינסטלער אין גריניוויטש־ווילעדזש.

מאַכט זיך, אַז אייבי דער פּעינטער באַקאַנט זיך אויף וואַשינגטאָן־סקווער מיט אַן אַקטיאָר — אַ מאַן אין די פערציקער, מיט אַן אָפּגע־בליאַקעוועט פּנים און מיט אָפּגעשאָסענע מלבושים, אָבער מיט זייער אַ שאַרפן צונג. און ער ווערט מיט אים שטאַרק באַפריינדעט. דער אָפּגע־בליאַקעוועטער אַקטיאָר באַקאַנט אייבין מיט אַ סך באַרימטע מאָלער, קינסטלער און שרייבער, לאָזט זיך וואוילגיין אויף אייביס חשבון אין גרויסאַרטיקע רעסטאָראַנען און קאַבאַרעס און עס איז ששון ושמחה. אין עטלעכע טעג אַרום זאָגט צו אייבין זיין נייער פריינט, דער אַקטיאָר:

— הער נאָר, אייבראַהאַם, ווילסט אפשר אויך ווערן אַ שוישפּילער? מיר אָרגאַניזירן אַ נייע טרופּע, מיר קלייבן זיך אַרויסצופאָרן אויף דער פּראָווינץ, און אַז מיר וועלן אויסנעמען אויף דער פּראָווינץ מיט אונדזער פּיעסע, וועלן מיר קומען שפּילן אויף בראָדוויי, און מיר וועלן קריגן אַ סך כבוד און מיר וועלן זיך באָדן אין גאָלד...

ענטפערט אייבי:

— איך בין טאַקע אַן אויסגעצייכנטער „פּרעסקאָ"־דעקאָראַטאָר, קאָן אויך מאָלן פּאָרטרעטן, אָבער איך האָב קיין מאָל ניט געפּרואווט שפּילן טעאַטער, און איך ווייס ניט, צי איך האָב פעיאיקייטן דערצו.

זאָגט דער פּיפּיקער, אָפּגעבליאַקעוועטער אַקטיאָר:

— רעדן קאָנסטו, יונג ביסטו, אַ שלאַנקע פיגור פאַרמאָגסטו, — דאָס איז אַלץ וואָס מען דאַרף אין דער פּראָפעסיע... און געהאָלט, גאַזשע

הייסט עס ביי אונדז, ווערסטו באַקומען לויט פּראָצענטן, — ווייל ביי אונדז ווערט אַלץ אָרגאַניזירט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. און אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דו האָסט טאַלאַנט, וועט מען דיך זיכער אַנגאַזשירן פאַר האַליוואוד...

בקיצור, דער יונגער, טרוימערישער אייב האָט זיך געלאָזט איינרעדן.

נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט עטלעכע פּראָבן מיט אַ האַלב־שיכורער, ווילדער באַנדע אַקטיאָרלעך, האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער פּראָווינץ. וואו מען האָט געטאָגט, דאָרט האָט מען ניט גענעכטיקט. שלאָפן פלעגן זיי אין „וואַי". אַפילו עסן איז ניט געווען צו זאַט. געשפּילט האָבן זיי געוויינלעך פאַר ליידיקע בענקלעך אין ניט־באַהייצטע טאַנץ־זאַלן. זיין נייער פריינט, דער אָפּגעבליאַקעוועטער אַקטיאָר, איז ערגעץ אין אַ שטעטל, נאָך אַ געשלעג מיט קאָרטן־שפּילערס, ניט געסטאַיעט...

אין אַ צייט אַרום איז זייער טרופּע, אַ הונגעריקע, אָן אָפּגעריסענע אַריינגעפאַלן אין אַ קליין שטעטל אַרום מינעאַפּאָליס. דאָרט איז צו זיי צוגעשטאַנען נאָך אַזאַ באַנדע פאַרלייזיקטע, ווילדע אַקטיאָרלעך, און זיי האָבן גענומען צוזאַמען שטודירן אַ פּאָפּולערע, ליטעראַרישע טעאַטער־שטיק מיטן נאָמען: „די רויבער פון שילער".

די דראַמע איז אַ רעאַליסטישע, אַ טראַגעדיע. אין דריטן אַקט קומט פאָר, ווי די רויבער באַפאַלן דעם רייכן באַנקיר. אייבין, אַלס אָנפאַנגערער־אַקטיאָר, האָט מען איינגעטיילט אַ קליינע ראָל. אַז עס איז געקומען דער אָוונט, ווען מען האָט געדאַרפט שפּילן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אַקטיאָר, וועלכער האָט געדאַרפט אויפטרעטן אין דער ראָל פון באַנקיר, איז געווען טויט־שיכור. דאַן האָט דער רעזשיסאָר אָנגעבאָטן אייבין צו שפּילן עקספּראָמפּט די ראָל פון באַנקיר. אייבי האָט זיך לכתחילה געוואָלט אָפּזאָגן, אָבער ווען דער רעזשיסאָר האָט אים פאַרשפּראָכן אַריינצוסופלירן יעדן רעפּליק און יעדן וואָרט הויך, איז ער געגאַנגען שפּילן.

קיין ספּעציעלע קאָסטיומען פאַר די ראַליסטן האָט די טרעמפּישע טרופּע ניט פאַרמאָגט — האָט מען געשפּילט אין די טאָג־טעגלעכע קליידער. מען האָט אייבין אָפּגעקאַלכט דאָס פּנים, צוגעקלעפּט אַ לאַנגע, ווייסע באָרד און מען האָט אים אַרויפגעשטופּט אויף דער בינע.

אייבי האָט אָנגעשפּיצט זיינע אויערן און הויך אַרויסדעקלאַמירט יעדעס וואָרט, געליאַרעמט און געשריען, ווי עס פּאַסט פאַר אַ באַנקיר, און אַלץ איז צוגעגאַנגען גלאַט און גוט.

נאָר ווען ס׳איז געקומען צום דריטן אַקט, ווען די רויבער דאַרפן באַ־פאַלן דעם אַלטן באַנקיר, האָבן די שאַלטעקעס־אַקטיאָרלעך אויף אַן אמת גענומען קריכן צו אים אין בוזעם־קעשענע, וואו ער האָט אויף אַ נויט־פאַל געהאַט איינגענייט צען איינציקע דאָלער־בילס.

הכלל, זיי, די רויבער־אַקטיאָרלעך, באַפאַלן אים, און אייבי, זייענדיק דאַן נאָך אַ גאַנץ יונגער, קרעפטיקער בחורל, האָט זיך גאַנץ גוט אָפּ־געשלאָגן, געבוכטשעט רעכטס און לינקס, און איינעם דערלאַנגט אַזאַ שטאַרקן זעץ אין די ציין, אַז יענער האָט זיך באַגאָסן מיט בלוט.

דער קליינשעטלדיקער עולם האָט דערזען, אַז מען שפּילט אַזוי רעאַליסטיש, פֿיין, האָט ער גענומען טופּען מיט די פֿיס, פּייפֿן און פּאַטשן בראַוואָ...

אָבער באַלד זיינען אים דריי אַקטיאָרלעך מיטאַמאָל באַפאַלן, אים אומגעוואָרפֿן איף דער בינע און אַזוי צעממיתט און צעבלוטיקט, אַז ער, אייבי, איז געבליבן ליגן אויף דער פּאָדלאָגע אַ פּאַרחלשטער.

ווען אייבי דער פּעינטער איז געקומען צו זיך פֿון די קלעפּ, איז לעבן אים געשטאַנען אַ פּאָליציאַנט און אים אויסגעפֿרעגט. אייבי, אָנווייזנדיק אויף דער אויסגעריסענער בוזעם־קעשענע, האָט דערציילט, ווי די אַקטיאָר־לעך האָבן ביי אים אַוועקגערויבט זיינע לעצטע צען דאָלער.

דער פּאָליציאַנט האָט באַזוכט אַלע אַקטיאָרן. דאָס בייטעלע האָט מען געפֿונען, די אויסגעריסענע בוזעם־קעשענע האָט מען געפֿונען, אָבער דאָס געלט האָט מען ניט געפֿונען...

• • •

צי אייבי איז פֿאַרבליבן אַ פּעינטער, אָדער אפֿשר גאָר געוואָרן אַ לענדלאָרד אין בראָנזוויל, ווייס איך ניט (מער האָב איך אים ניט באַגעגנט אויף די פֿאַרפּלאָנטערטע וועגן פֿון לעבן). אָבער איך קאָן זיך וועטן, אַז קיין אַקטיאָר איז ער זיכער ניט געוואָרן.

1937.

# דער פידלער און זיין הינטל

דזשאַגאַ, אַ יונגער, שטאַלטנער, שוואַרץ־חנעוודיקער אַקטיאָר, איז געשטאַנען אַ פאַרזאָרגטער אַרום דער 42טער גאַס און געטראַכט וואוהין גייט מען.

דזשאַגאַ האָט ערשט געקראָגן דעם „פינק סליפ". כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט עס קריגן, אָבער דאָך האָט ער נאָך אַלץ געהאָפט, — אפשר וועט מען אים איבערלאָזן. ער איז דאָך אַ גוטער אַקטיאָר.

אַהיים גיין האָט ער ניט געוואָלט. זיך געשעמט פאַר זיין יונגער ווייב און אַכט־יאָריק טעכטערל.

אמת, מיט 23 דאָלער און 86 סענט קאָן מען ניט לעבן צו ברייט, אָבער דירה־געלט און עסן איז די לעצטע צוויי יאָר געווען. וואָס טוט מען איצט?

מיט אַזעלכע שווערע געדאַנקען האָט ער זיך געלאָזט צו דער פערי. דער טאָג איז געווען אַ הייסער, אַ זוניקער. ער וועט זיך דורכפאָרן אויפן האַדסאָן און פרובירן צעשטרייען זיין טרויעריקע שטימונג.

גייענדיק, האָט ער געטראָפן זיצן אויף אַ סטופּ אַן אַלטן מאַן מיט אַן איינדרוקספול פּנים און מיט לאַנגע, גרויע האָר. לעבן אַלטן איז געלעגן אַ פידל. אויף די הענט האָט ער געהאַלטן אַ קליין, דאַר, ווייס הינטל מיט שוואַרצע פלעקן — אַ „פאָקס־טעריער". דער אַלטער האָט געגלעט דאָס הינטל און געוויינט. דזשאַגאַ האָט פאַר זיך געזען אַ דערנידעריקטן קינסטלער, וועלכער דאַרף מאַכן אַ לעבן פון בעטלעריי. שוואַרצע געדאַנקען האָבן גענומען עגבערן זיין מוח: זיין לעבן וועט זיך אויך ענדיקן אַזוי...

דזשאַגאַ איז צו צום אַלטן און געפרעגט:

— וואָס איז אַזוינס געשען?

דער אַלטער פידלער האָט זייער גערן געענטפערט:

— איך בין ערשט געקומען פון ניו־דזשוירזי מיט דער פערי. איך פאַרשטייט, איך האָב געשפּילט. מיין הינטל — עגי הייסט ער — איז

שטענדיק מיין באַגלייטער. ער איז מיין בעסטער פריינט און באַשיצער אין דער וועלט. ער איז געווען געזונט, פריש און פריילעך ווען איך האָב פאַרלאָזן מיין היים. און מיטאַמאָל זע איך — ער קאָן ניט שטיין אויף זיינע פיסלעך. קיין געלט פאַר אַ פּריוואַטן דאָקטאָר האָב איך ניט...

דזשאַגאַ האָט שוין כמעט פאַרגעסן אָן זיינע אייגענע צרות און גע־קראָגן גרויס מיטלייד צו זיין קאָלעגע־קינסטלער.

— קאָן איך אייך אַרויסהעלפן? — האָט דזשאַגאַ געפרעגט.

— זייט אַזוי גוט און געפינט אויס וואו איז אַ שטאָטישער שפּיטאָל פאַר הינט.

דזשאַגאַ איז אַוועק, אויפגעזוכט אַ פּאָליסמאַן און אויסגעפונען דעם אַדרעס פון דעם נאָענטסטן שפּיטאָל פאַר הינט און קעץ.

ווען דזשאַגאַ איז צוריקגעקומען, איז שוין לעבן דעם אַלטן פידלער געשטאַנען אַ מיטל־יאָריקע, הינקעדיקע פרוי, איינגעוויקלט אין שוואַרצע קליידער און מיט אַ קאָשעקל אין האַנט.

זי האָ אויסגעזען צו זיין אָן עכטע צער־בעלי־חיים׳ניצע. זי האָט צערטלעך געגלעט דאָס הינטל, געקוקט בייז אויפן פידלער און געגעבן פאַר־שיידענע עצות:

— מען דאַרף אים איינוויקלען אין הייסע, נאַסע האַנטיכער. מען דאַרף אים געבן קאַסטאָר־אויל.

דזשאַגאַ האָט אָנגעזאָגט דעם אַלטן פידלער די גוטע בשורה, אַז אויף דער 53טער גאַס, לעבן אַדעלפי טעאַטער, איז דאָ אַ שפּיטאָל פאַר הינט.

אַלע דריי — דער יונגער, שלאַנקער דזשאַגאַ מיט די צעשויבערטע און שוואַרצע־ווי־פעך האָר, דער אַלטער קינסטלער מיט זיין פידל אין איין האַנט און זיין באַליבטן הינטל עגי אויף דער צווייטער האַנט, און די הינקעדיקע פרוי מיטן קאָשעקל — האָבן זיך געלאָזט אין איין שערענגע צום שפּיטאָל. די פאַרבייגייער האָבן זיי אָנגעקוקט, אָבער אָפּגעשטעלט האָט זיי קיינער ניט, ווייל אין יענע געגנטן זעט מען אָפט אַזעלכע אויסטער־לישע פאַרשוינען.

גייענדיק, האָט דער אַלטער פידלער געהאַלטן אין איין דערציילן:

— אַז איר ווייסט ניט וואָס דאָס איז פאַר אַ הינטל! אַן אמתער טרייער און איבערגעגעבענער פריינט מיינער. זאָל עמעצער זיך צורירן צו מיר אָדער צו מיין פידל, וועט ער יענעם צערייסן אויף שטיקער. ווען איך שפּיל אויף מיין פידל, לייגט ער זיך ביי מיינע פיס און קוקט מיר

אַ צופרידענער גלייך אין די אויגן אַריין. עס ווערט אים ניט נמאס מיך צו הערן שטונדן־לאַנג. מענטשן האָבן ניט קיין געדולד. אַמאָל שטעלט זיך איינער אָפּ אויף אַ ווײַלע און לויפט באַלד אַוועק. ער, מיין טייערער עגי, האָט געדולד.

— מיינט איר אַוודאי, אַז ער איז ניט קיין מבין אויף מוזיק? שפּיל איך גוט און מיט געפיל, — ליגט ער רואיק און האַלט טאַקט מיט זיין קורצן עקל. שפּיל איך מעכאַניש און פאַלש, — הויבט ער אָן דרייען מיט די אויערן און קריצן מיט די ציין.

— אַזאַ קלוגן הינטל און אַזאַ טייערן פריינט וועט איר אין דער גאַנצער וועלט ניט געפינען, און מיטאַמאָל איז ער מיר איינגעפאַלן!

דערווייל זיינען זיי אָנגעקומען אין שפּיטאָל. זיי האָבן דאָרט געטראָפן אַ היפּש ביסל מענטשן וואַרטן, ווער מיט הינטלעך, ווער מיט קעצלעך, און אַלע זייער פאַרטרויערט. זיי האָבן זיך געזעצט וואַרטן אויף אַ נעקסט. דערווייל האָט די הינקעדיקע פרוי אַראָפּגענומען פון זיך איר שוואַרצע פאַטשיילקע, איינגעוויקלט עגי׳ן און בייז געבורטשעט:

— איר האָט אים מסתמא פאַרנאַכלעסיקט. ער קוקט אויס צו זיין פאַרהונגערט. ווען איר שפּילט אויף אייער פידל, פאַרגעסט איר אָן אייער הינטל. אַ הונט דאַרף מען געבן פרישע עסנס, מען דאַרף אים האַלטן ריין, מען דאַרף אים וועגן, און וויפיל פונט ער וועגט, אַזוי פיל אונצעס עסן דאַרף מען אים געבן יעדן טאָג. איר פאַרנעמט זיך מיט אייער פידל און פאַרנאַכלעסיקט אייער בעסטן פריינט!...

אויף דעם אַלעם האָט דער אַלטער פידלער געענטפערט:

— איר דאַרפט מיך ניט לערנען, גנעדיקע פרוי, ווי זיך צו באַגיין מיט אַ הונט. איך האָב אַפילו באַזוכט ספּעציעלע לעקציעס אין אַ וועטערי־נאַר־שולע. איך היט אים אָפּ בעסער ווי זיך אַליין. אין אַ רעגן לאָז איך אים ניט אַרויס. איך באָד אים יעדן טאָג.

דזשאַגאַ האָט שוין דורך דער צייט איינגאַנצן פאַרגעסן אָן זיין „פינק־סליפּ" און געהאַלטן אין איין קוקן אויפן קראַנקן הינטל. ער האָט באַ־מערקט, אַז עגי אָטעמט זייער שווער, האָט ער אַרונטערגענומען פון אים די שוואַרצע פאַטשיילקע. און דער אַלטער פידלער האָט גענומען דער־ציילן, ווי אַזוי ער האָט אַריינגעקראָגן עגי׳ן:

— דאָס איז געווען מיט אַ צען יאָר צוריק. איך האָב דאַן געגעבן קאָנצערטן אין אַ רייכן האָטעל אין די וואַיט־מאַונטענס. אַ פאַמיליע, ניט

ווייט פון אונדז, האָט זיך אַרויסגעצויגן און האָט אָט דעם עגי׳ן איבער־געלאָזט אין הויז. איך האָב געמיינט, זיי וועלן קומען צוריק. אַז ס׳איז דורכגעגאַנגען אַ וואָך צייט און קיינער איז ניט געקומען, האָב איך אויפ־געבראָכן די טיר און איך האָב אָט דעם עגי׳ן אַרויסגענומען. ווי אַזוי ער האָט געלעבט אַ וואָך אָן עסן און אָן וואַסער, ווייס איך נאָך ניט ביז היינטיקן טאָג.

דאָס הינטל, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן, האָט מיטאַמאָל געגעבן אַ שאַרפן קוויטש און איז געבליבן שטיל.

די הינקעדיקע פּרוי מיטן קאָשעק איז געוואָרן אומרואיק און האָט אַרויסגערעדט וויינענדיק:

— אייער הינטל, מיסטער, איז טויט!

דער אַלטער פידלער איז געוואָרן בלאַס און קוים אַרויסגעמורמלט:

— ס׳קאָן ניט זיין!

— ווייסט איר וואָס, — האָט זיך אַריינגעמישט דזשאַגאָ, — שטעלט אים צו אַ שפּיגעלע צום נאָז. אויב ס׳וועט זיין פּאַרע, איז אַ סימן אַז ער לעבט.

דערווייל איז אָנגעקומען זייער נעקסט. אַלע דריי האָבן זיך געלאָזט גיין אין קאַבינעט. אַ קורצער, געלער דאָקטאָר מיט אַ גרינעם סעלולאָיד־דאַשעק האָט זיי אַלעמען גלייכגילטיק באַגעגנט, גענומען דאָס הינטל אין די הענט, און איידער ער האָט נאָך אויף אים אַ גוטן קוק געטאָן, האָט ער געזאָגט:

— ער איז טויט!

דזשאַגאָ האָט פון ערגערניש גענומען שרייען אויפן דאָקטאָר:

— ווען איר האַלט אונדז ניט אָפּ אַזוי פיל, וואָלט איר אים געראַטע־וועט! סטייטש, ער האָט ערשט ניט לאַנג געלעבט!

ענטפערט דער דאָקטאָר פילאָזאָפיש־קאַלטבלוטיק:

— אָט אַזוי גייט עס אין לעבן. אָט לעבט מען און אָט שטאַרבט מען. מיינער אַ פריינט, אַ דאָקטאָר, האָט לעצטע וואָך אינדערפרי געאַרבעט אויף זיין גאָרטן, און ביינאַכט איז ער געשטאָרבן אָן אַ זיי געזונט.

דער אַלטער פידלער האָט גענומען קרעכצן, זיך ברעכן די הענט און מורמלען:

— מיין טייערער עגי! מיין בעסטער פריינט!

די הינקעדיקע פרוי מיטן קאָשעק האָט אָנגעהויבן וויינען אויפן קול. דזשאָגאָ האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און אויך גענומען וויינען.

ווען דער אַלטער פידלער האָט דערזען ווי זיינע בייע פריינט ערגערן זיך אַזוי, איז ער צו צו דזשאַגאָן, גענומען אים פריינטלעך פּאַטשן איבער דער פּלייצע און געזאָגט:

— וויין ניט אַזוי, יונגערמאַן. איך האָב ביי זיך אין הויז נאָך אַכט הינטלעך און פינף קעצלעך און צוויי טוצן קאַנאַריקלעך.

נאָך דעם האָבן זיך אַלע דריי אַביסל באַרואיקט און זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

.1937

# ער האָט אַ ברודער

די מעשהלע, וואָס מיר גייען אייך דאָ באַשרייבן, האָט פּאַסירט מיט אַ סך יאָרן צוריק אין דעם אַלטן צאַרישן רוסלאַנד. געשען איז דאָס אין דער שטאָט גאָמעל. ניט אין דעם גאָמעל, וואָס געפינט זיך אין טורקעסטאַן, נאָר אין גאָמעל, וואָס געפינט זיך אויפן טייך סאָזש.

געווען ביי אונדז אין גאָמעל (די יידישע באַפעלקערונג האָט די שטאָט גערופן האָמליע) אַרום וואָקזאַל אַ געפּאַקט, פעסט יידל מיט אַ האַרטער, גרויער באָרד, וואָס איז אים געוואָקסן אויף דער ברייטער גאָמבע און אויפן דיקן האַלדז; מיט לאַנגע, גרויע, בייזע ברעמען, וואָס האָבן פאַרדעקט זיינע ברענענדיקע, רויטע אויגן. ער האָט זעלטן עמעצן געקוקט גלייך אין פּנים אַריין. מען האָט אים גערופן וועלוועלע וואָכערניק. איר פאַרשטייט שוין אַליין, אַז ער איז געווען אַ פּראָצענטניק. ער פלעגט אויסלייען געלט אויף משכנות און אויף וועקסעלעך.

ווי אַלע פּראָצענטניקעס—איז אויך וועלוועלע געווען זייער אַ קאַרגער. ער האָט געטראָגן די זעלבע וואַרעמע, אָפּגעקראָכענע זשופּיצע און פאַר־שמאַלצן סאַמעט היטל ווינטער און זומער. אַן אורח אָדער אַ קרוב האָט מען ביי אים קיינמאָל ניט אָנגעזען; און אָרעמע לייט פלעגט זיין פרוי שרה־פייצע — אַ דריבנע, טונקעלע יידענע מיט טראַכאָמאַ־אויגן — איינפּאַך פון שטוב טרייבן. אויך זיך אַליין האָבן זיי דעם ביסן אין מויל ניט פאַר־גונען. אָרעמע לייט, וועלכע פלעגן גיין ביי אונדז אַרום וואָקזאַל יעדן מאָנטיק, האָבן וועלוועלעס הויז אויסגעמיטן און געשאָלטן מיט טויטע, ביטערע קללות.

וועגן וועלוועלע וואָכערניק האָט מען ביי אונדז דערציילט, אַז ווען אַ פויער פלעגט ביי אים פאַרזעצן זיין פעלץ פאַר אַ פינפערל, פלעגט ביי וועלוועלען בלייבן אי דער פעלץ אי דער פינפערל.

ביי אונדז איז געווען נאָך אַ וועוועלע, ר׳ וועלוועלע שנייערסאָן, וועלכער איז געווען רב פון שטאָט אַ סך יאָרן. ר׳ וועלוועלע דער רב איז

געװען אַ מיטלװאוקסיקער, ברײטבײניקער, מיט אַ סיװער באָרד און מיט גרױסע, קלוגע אױגן.

ר׳ װעלװעלע דער רב איז געװען אַ גרױסער למדן, אַ חריף און נאָך דערצו אַ בקי אין װעלט־ענינים. מען פלעגט צו אים קומען האַלטן דין־תורות פון אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך.

אײן מאָל, דערצײלט מען, װען גאָמעליער יידן זײנען געזעסן אין ליבאַװיטשער שול אין אַ בין־מנחה־למעריב און גערעדט דברים בטלים, איז אײנעם אײנגעפאַלן צו פרעגן װעלװעלע דעם רב:

— זאָגט מיר, איך בעט אײך, ר׳ װעלװעלע, — אײך רופט מען װעלװעלע, זײט איר אַ למדן, אַ צדיק, אָבער װעלװעלע װאָכערניק, פאַר װאָס קומט אים רופן מיט אַ פאַרצװיגעגעם נאָמען? זאָל איך זאָגן, אַז ער איז אַ לערנער — װײסן אַלע, אַז ניט; אַ פרומער ייד — אױך ניט; אַ בעל־צדקה—אַװדאי ניט, הײנט פאַר װאָס פאָרט רופט מען אים װעלװעלע?

האָט אױף דעם געענטפערט װעלװעלע דער רב:

— אַזױ װי װעלװעלע װאָכערניק גיט ניט קײן צדקה, אין שול קומט ער קוים שבתים און יום־טובים, און קײן אַנדערע מצװות טוט ער ניט, איז קהל געװען זיכער, אַז ער װעט גײן גלײך אין גיהנום — האָט מען זיך אױף אים מרחם געװען און אַ נאָמען געגעבן װעלװעלע.

— הײסט עס, — האָט דער ייד װידער געזאָגט, — מען רופט אים װעלװעלע אױס רחמנות?

— יאָ, — האָט געענטפערט דער רב, — גאָר פשוט, אױס רחמנות!

נו, און איצט, אַז איר װײסט שױן פאַר װאָס מען רופט װעלװעלע װאָכערניק מיט אַ פאַרצװיגעגעם נאָמען, װעלן מיר אײך דערצײלן נאָך עפּעס װעגן דעם זעלבן װעלװעלען.

אין גאָמעל, װי אין אַלע אַנדערע שטעט פון װײס־רוסלאַנד, פלעגן אָנקומען פון צײט צו צײט משולחים, גבאים און סתם פײנע יידן צו קלײבן געלט. אַמאָל פאַר אַן אָפּגעברענטן שטעטל, אַמאָל פאַר אַן עפּידעמיע, גאָר אָפט פאַר אַ װאױלטעטיקן אַנשטאַלט, און אַמאָל פלעגט קומען אַזױ זיך אַ ייד מיט אַן אײגן־פאַרפאַסטן ספר.

דאָס מאָל איז אָנגעקומען אַ משולח פון דער װאָלאָזשינער ישיבה. דער משולח — אַ ייד אַ הױכער, מיט אַ ברײטן שטעל, מיט אַ היפּשן בױך, מיט געקרײזלטע פּיאות, װאָס האָבן זיך אים האָפערדיק געבאָמבלט פון אונטער זײן רבנישן קאַפּעלוש, און מיט אַ דאָקטאָר־הערצל־באָרד.

דער משולח האָט ביי ר׳ וועלוועלע שנייערסאָן גענומען אַ צעטל פון אַלע גבירים און מנדבים פון שטאָט.

— וואָס, מער ווי פופציק מנדבים האָט איר ניט אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי גאָמעל? — פרעגט פאַרוואונדערט דער וואָלאָזשינער משולח.

— פאַראַן ברוך־השם אַ סך מער רייכע יידן, — ענטפערט וועלוועלע דער רב, — אָבער זיי גיבן ניט.

— קומט מיט מיר צו די יידן, — זאָגט דער משולח, — איך וועל שוין ביי זיי אַרויסקריגן אַ שיינע מטבע. פאַרלאָזט זיך אויף מיר...

ס׳איז געווען אין אַ תמוזדיקן נאָכמיטאָג. די זון האָט אומרחמנותדיק געסאַרפּעט. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין איבער די גאָמעליער שטויביקע, ברייטע גאַסן מיט די נידעריקע הילצערנע הייזלעך. ווייבער אין שייטלען האָבן אַרויסגעשטופּט די קעפּ פון זייערע קרעמלעך, נאָכגעקוקט זייער באַליבטן רב און דעם וואָזשנעם הויכן יידן מיט דער אַטלאַסנער קאַפּאָטע און מיט דער דאָקטאָר־הערצל־באָרד. קליינע, פאַרמורזשעטע יינגעלעך אין אָנגעשפּאָלטענע שפּענצערלעך זיינען זיי נאָכגעגאַנגען.

און אָט זיינען זיי שוין, דער רב און דער משולח, ביי וועלוועלע וואָכערניק אין הויז אויף דער זשאַנדאַרמסקער גאַס. אים אַליין האָבן זיי ניט געטראָפן. זיין פרוי, שרה פייצע, די דאַרע, דריבנע יידענע, האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז מען איז געקומען עפּעס אויספּאָמפּען ביי איר מאַן, האָט זי זיי אַפילו ניט געבעטן זיצן, און זיך אָפּגעטראָגן אין קיך.

דער גרויס־שטאָטישער, האָפּערדיקער משולח האָט זיך געמאַכט באַקוועם, אויך געמאַכט דעם רב צו זיצן און זיי האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט, ביז דער גרוי־באַוואָקסענער וועלוועלע וואָכערניק איז אָנגעקומען מיט אַ פּאַק משכנות.

— וואָס ווילן יידן? — האָט זיי וועלוועלע אַ בייזער און אַן אָנגעע־דראָלטער אַ פרעג געטאָן, און האָט אָפּגעקערט זיינע ברענענדיקע, רויטע אויגן אַן אַ זייט.

ענטפערט דער וואָלאָזשינער משולח מיט גרויס ווירדע, גלעטנדיק זיין שוואַרצע דאָקטאָר־הערצל־באָרד:

— איך בין אַ פאַרשטייער פון דער באַרימטער וואָלאָזשינער ישיבה. דאָרט זיצן דריי הונדערט און פיר און צוואַנציק ישיבה־בחורים און לערנען תורה יום־ולילה. פון דער ישיבה קומען אַרויס די גרעסטע רבנים און די גרעסטע למדנים אין דער וועלט.

וועלוועלע וואַכערניק איז אָבער ניט פון די מענטשן, וואָס ווערן באַ־ווירקט פון סענטימענטן און פון רחמנות־געפילן, האָט ער קאַלטבלוטיק, ניט קוקנדיק אַפילו אין זייער זייט, געענטפערט:

— איך קאָן אייך גאָרנישט געבן. איך האָב אַ ברודער אין סמאַרגאָן, האָט ער אַ שוואַכע ווייב מיט ניין קראַנקע קינדער. ער האָט פינף מוידן שוין מיט גרויע צעפּ, און מען דאַרף זיי חתונה מאַכן.

דער גאַמעליער רב, ר׳ וועלוועלע שנייערסאָן, האָט פון ערגערניש זיך געביסן די נעגל, אומהיימלעך אַלץ צוגעקוקט און געשוויגן.

— מילא, — ענטפערט דער משולח, שוין אַביסל אין כעס, — העלפן אַן אָרעמען ברודער, אַלטע מיידלעך חתונה־מאַכן, איז אויך אַ מצווה; אָבער אין דער וואָלאָזשינער ישיבה זיצן ח״י מאָל ח״י צדיקים און בעטן פאַר אייך גאָט טאָג און נאַכט. מיט זייער זכות וועט איר גיין אין גן־עדן אויף יענער וועלט!...

אויף דעם האָט וועלוועלע וואָכערניק געלאָסן געענטפערט:

— ר׳ ייד, עס וועט אייך גאָר ניט העלפן. פאַר מיר איז גענוג, אַז איך האָב אַ ברודער אַ קבצן...

דער וואָלאָזשינער משולח איז געוואָרן שטאַרק אין כעס, זיך אויפ־געשטעלט, זיינע געקרייזלטע פּיאות האָבן זיך נערוועז געבאָמבלט פון אונטער זיין רבנישן קאַפּעלוש, און ער האָט געזאָגט:

— נו, און אַז איר האָט אַן אָרעמען ברודער, איז וואָס?

ענטפערט וועלוועלע וואָכערניק, נאָך אַלץ רואיק:

— איך וועל אייך זאָגן, יידן. מה דאָך, אַז איך האָב אַ דלפן אַ ברודער מיט ניין קראַנקע קינדער, און איך גיב אים גאָרנישט, — וועל איך דאָך אייך אַוודאי ניט געבן!...

1937

# אַבע דער אַפּרייטער

אַבע איז אַ מיטליאַריקער, דאַרער מענטשל. ער איז פון דער נאַטור אַ שטילער מענטש, האָט פיינט גוואַלדטאַטן און האָט פיינט סטרייקס. אַבע זאָגט, אַז ציוויליזירטע מענטשן קאָנען שליכטן זייערע סכסוכים אויף אַ פרידלעכן אופן.

אַבע, וואו ער אַרבעט, לעבט גוט מיט זיין באָס. ער זאָגט, אַז אַ באָס האָט געװנוג זיינע אייגענע צרות און קאָפּ־דרייעניש, און אַז מען באַהאַנדלט אַ באָס גוט, באַגייט ער זיך יושרדיק מיט די אַרבעטער.

און כאָטש אַבע איז אַ געטרייער, גוטער אַרבעטער, און ניט קיין „סלאָער״, מאַכט ער אַלע זיינע יאָרן קוים אַ לעבן פאַר זיין ווייב און דריי קינדער. אָבער ער איז צופרידן. עסן איז דאָ, אַ קלייד אויפן לייב אויך, אויפן גאַס איז ער נאָך ניט געלעגן. אַי וואָס, זיין ווייב דאַרף ראַמען און קאָכן פאַר צוויי באָרדערס! נו, ניט געפערלעך. מען טאָר ניט זינדיקן, — ס׳איז פאַראַן ערגערע פון אים...

אָט אַזוי זיינען געמיטלעך געלאָפן די יאָרן ביי אַבען. דאַרף זיך מאַכן, אַז ביי אַבען אין שאַפּ איז געוואָרן „ביזי״. סוף וואָך האָט ער געקראָגן „פּעי״ צוויי און דרייסיק דאָלער מיט 25 סענט.

אַבע, דאַרפט איר וויסן, איז אַ מאַן, וועלכער קען גוט די שוואַרצע פינטעלעך. ער ווייס גענוי וויפיל דרעסעס ער מאַכט יעדן טאָג און ער פאַרשרייבט דאָס אין אַ ביכעלע. אַבע האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז אַ טעות. ער האָט זיך טאַקע באַלד אויפן אָרט געזעצט און איבערחעשבונט — מען האָט אים איבערגעגעבן גאַנצע זעקס דאָלער.

אמת, די זעקס דאָלער וואָלטן אים גוט צוניץ געקומען. זיין פרוי גייט שוין צוויי חדשים מיט צעריסענע שיך און זיין עלטערע טאָכטער דאַרף נויטיק אַ נייעם מאַנטעלע. אָבער אַבע איז אַן ערלעכער מענטש; יענעמס, חלילה, דאַרף ער ניט. אַבע טראַכט ניט לאַנג, גייט גלייך אַוועק צום באָס אין אָפיס און זאָגט:

— מיסטער גאָלדפּאָס, מען האָט מיר איבערגעגעבן זעקס דאָלער.

ענטפערט מיסטער גאָלדפּאָס:

— אויב דו, אַבע, זאָגסט, מסתמא איז דאָס ריכטיק. — און ער האָט ניט געמאַכט קיין שאלות און גלייך די זעקס דאָלער אַריינגערוקט צו זיך אין קעשענע.

אין אַ צייט שפּעטער ,ווען ס'איז ווידער געוואָרן „סלעק", האָט זיך אַבע געשלעפּט אין שאָפּ יעדן טאָג און געמאַכט עטלעכע דרעסעס. ער האָט פאַר דער גאַנצער וואָך געמאַכט גענויע זיבן דאָלער מיט פופציק סענט. אַבע קריגט אַריין זיין „פּעי", ציילט איבער, געפינט נאָר פינף דאָלער מיט 25 סענט. ער קוקט אַריין אין זיין ביכעלע, חשבונט איבער — ס'פעלט אים „פּעי".

ער גייט אַריבער צום באָס און דערציילט אים וועגן דעם. מיסטער גאָלדפּאָס וואונדערט זיך שטאַרק און שיקט אים אָפּ צו דער בוכקיפּערקע. אַבע גייט צו דער בוכקיפּערקע. זי קוקט אַריין אין די ביכער און זאָגט, אַז זי האָט ניט געמאַכט קיין טעות.

מיט אַ פאַרקלעמטער האַרץ גייט אַבע צוריק צום באָס. ער נעמט זיך אָן מיט מוט און זאָגט:

— מיסטער גאָלדפּאָס, איר ווייסט דאָך, אַז ס'איז איצט „סלעק" און איך ווייס געננוי וויפיל דרעסעס איך האָב היינטיקע וואָך געמאַכט.

ענטפערט מיסטער גאָלדפּאָס, אַז זיין בוכקיפּערקע איז אַ דערפאַרענע און זי ווייס בעסער.

זאָגט אַבע, שוין אַביסל דערצאָרנט:

— פאַרוואָס־זשע האָט איר מיר געגלויבט און ניט געמאַכט קיין שאלות, ווען איר האָט מיר איבערגעגעבן זעקס דאָלער?

ענטפערט מיסטער גאָלדפּאָס:

— מילא, אַז איר קומט און זאָגט, אַז מען האָט אייך איבערגעגעבן זעקס דאָלער, זאָל איך אייך מאַכן פאַר אַ ליגנער?...

בקיצור, אַבע האָט זיינע צוויי דאָלער מיט אַ פערטל ניט געקראָגן. אָבער פון דאַן אָן האָט אַבע אויפגעהערט גלויבן אין יושר פון באָסעס.

1937

ס ו ף

# אינהאַלט

### 4. זכרונות, הומאָרעסקעס א. אַ.